# „גרינע״ צרות

## און אנדערע שריפטען

דריי טהיילען

1. ליזאי אין אמעריקא 2. רייטשעל
3. פארשיעדענע שריפטען.

הומאריסטיש-סאטירישער בוך

פון

## מאררים ראזענפעלד

ארויסגעגעבען פון
פערלאג „ליטעראטור“
1919

# TROUBLES OF A GREENHORN

or

# LEVY IN AMERICA

and other assays

in 3 Parts

BY

MORRIS ROSENFELD



LITERATURE PUBLISHING CO.
125-131 Canal Street
New York, N. Y.

# צו דער אויסגאַבע פון מאָררים ראָזענפעלד'ס ווערק.

מיט פאַרגעניגען מעלדען מיר די לעזער, אז מיר האָבען אָפּגעקויפט אלע ווערק, וואָס זיינען נאָך ניט געדרוקט געוואָרען און אלע ווייטערע שאַפונגען, וואָס דער גרויסער דיכטער מאָררים ראָזענפעלד וועט שאַפען.

מיר דאַרפען פאַר אונזערע געעהרטע לעזער ניט פאָרשטעלען מאָררים ראָזענפעלד'ן. עס איז פאַראַן בלויז איין גרויסער מאָררים ראָזענפעלד, און דיעזער נאָמען איז גוט באַקאַנט כמעט אין אלע וועלט-ליטעראַטורען: מאָררים ראָזענפעלד איז איבערזעצט אין צעהן שפּראַכען, און אין די אלע שפּראַכען איז ער אנערקענט אלס דער גרויסער אידישער דיכטער, הומאָריסט און סאַטיריקער. און ערשט יעצט, ווען אונזער גרויסער דיכטער איז שוין אין די זעכציגער, האָט ער געשאַפען אָריגינעלע דיכטונגען אין ענגליש, און עס ווערען שוין טאַקע פאַרפערטיגט צום דרוק זיינע צוויי ענגלישע ביכער פון איינע פון די גרעסטע ענגלישע פערלעגער אין אַמעריקא. און אַ פּראָפעסאָר פון קאָלאָמביא קאָלעדזש שרייבט וועגען מאָררים ראָזענפעלד, דאָס זיינע ווערק זיינען „אַ נייַ וואָרט אין דער ענגלישער ליטעראַטור".

מאָררים ראָזענפעלד האָט פיעלע פון זיינע בעסטע שריפטען, פּאָעטישע ווי פּראָזאישע, געהאַלטען פאַר זיך אויף אַ „רעגענדיגען טאָג" — אויף דער עלטער, און ווי ער אליין דריקט זיך אויס אין זיין בריעף (זעה צווייטע זייט) זיינען דאָס זיינע בעסטע ווערק. די ווערק וועלכע מיר האָבען אָבגעקויפט, וועלען זיין פון צעהן ביז זעכצעהן בענדער, און מיר וועלען מיט פאַרגעניגען מאַכען אַ סובסקריפּשאָן, ווען די לעזער וועלען עס פאַרלאַנגען.

מיר פאַנגען אָן מיט'ן ערשטען באַנד „גרינע צרות" און מיר האָפען ווי אַם שנעלסטען ארויסצוגעבען די איבעריגע בענדער פון דעם גרויסען דיכטער און מיר גלויבען, אז די לעזער וועלען זיך פרעהען מיט דעם בוך און מיט דער אויסגאַבע פון אלע איבעריגע ווערק פון מאָררים ראָזענפעלד.

מ. מ. ה ע ר ש ע נ ז אָ ה ן, אַרויסגעבער.

דאס איז די פאטאגראפישע רעפראדוקציע פון דעם בריעף וואס מארדים ראזענפעלד האט אונז צוגעשיקט, פארקויפענדיג אונז אלע זיינע ווערק, וועלכע זיינען נאך נים געדרוקט געווען:



# אינהאלטס-פארצייכניס.

זייט

### ערשטער טהייל:



### צווייטער טהייל:



### דריטער טהייל:

### פערשיעדענע שריפטען.

# דער ערשטער אריינפאָהר.

איהר פרעגט ווי אזוי איך בין רייך געוואָרען אין אמע־
ריקא ? איז דער תירוץ : איהר זעהט דאָך.
מיר אליין, וואָס אן אמת, איז דאָס אויך א
חידוש, איך וויים, אז איך בין בה׳ש א איד א שלים־
מזל. וואָס קען, ווי מען זאָגט „א קאָץ אָן עק ניט
פערבינדען". נור מילא, בע, גאָר ניט. אבי איך בין איצט, גע־
לויבט איז דער, „וואָס כ׳טאָר ניט געדענקען", אָלל ראיט.

באָלד ווי מיר איז איינגעפאלען דער געדאנק צו „געהן נאָך אמע־
ריקא". האָב איך געוואוסט נור איין זאך : ג ע ה ן און גע־
נוג. איך האָב אפילו ניט א טראכט געטהאָן וואָס איך וועל דאָר־
טען טהאָן, אָדער מאכען ; פון וואנען איך וועל פערדיענען אויף
חיונה. קיין בעל מלאכה, קיין משפחה, קיין גראָשען ביי לייב
און לעבען. ווי מען זאָגט „קיין תורה און קיין סחורה", פון וואַ־
נען וועט מען לעבען ?

דאָס האָט מיך קיינמאָל ניט א טשעפּ געטהאָן. און טאָמער
פלעגט זיך מיר אמאָל יאָ שטעלען אָט די דאָזיגע קשיא, פלעג
איך איהר תכף פערענטפערען מיט אַן אַנדער קשיא, נעמליך :
און וואָס טהו איך דאָ ביי אונז אין שטעדטעל ? וואָס טהוען דאָ
אַלע ? וואָס טהוט דאָ גאַנץ קהל ? פון דעסטוועגען לעבט מען
בה"ש מען איז ווי זאָגט יענער : אידען בעלי בתים... נישט
קשה ! גאָט וועט העלפען. עס איז דאָך עפּעס אמעריקאָ. א
וועלט שרייט דאָך ניט אומזיסט. מן הסתם, אז מען זאָגט אמע־
ריקאָ איז אמעריקאָ.

איך האָב ניט לאַנג געטראַכט, איך האָב צונויף געפּאַקט מיין טלומאַק און בין גרייט צו דער נסיעה. מיין רישע גיטקע האָט זיך געווישט די אויגען מיט'ן פאַרטוך, אַ פּאָאַר באַרוועסע עוף'עלעך האָבען געשריען „טאַטע". דאָס עלטסטע מיידעל, מערע חיענקע האָט זיך דוקא געריסען צו מיר מיט אזא רחמנות און האָט ניט געוואָלט אַפּטרעטען. טאַדרעס דער בעל עגלה האָט אָבער אַ קאָמאַנדעווע געטהאָן „פאָהרען! די סוסים וואַרטען" דאָ האָט שוין ניט געהאָלפען קיין טאַטע איינציגער. איך האָב זיך אַריינגעקאַראַפּקעט אין קאַרעטקע און „וויאָ", איך ג ע ה נאָך אַמעריקאַ.

מילא, פון דער נסיעה גופא איז ניטאָ פיעל צו ריידען. עס איז געווען מיט מיר ווי מיט כל ישראל. איך האָב גע'גנב'עט דעם גרעניץ אַ באַרוועסער. האָב געהאַט טויט־שרעק, האָב ניט געשלאָפען, ניט געגעסען, האָב געכאַפּט אין האַמבורג אַ „באָד" און האָב געזאָגט תהלים. אויפ'ן שיף האָב איך ווידער ניט גע־געסען און ניט געשלאָפען, האָב געזאָגט תהלים און געבראַכען, ביז עס איז געשעהן אַ נס און איך בין געקומען נאָך „געוויאַרק" אין אַמעריקאַ.

איך וועל קיינמאָל ניט פערגעסען מיין ערשטען אריין קום אין שטאָדט אריין. איך בין פּלוצלונג אַזוי צושראָקען געוואָרען, אַז איך בין שיער געבליבען טויט אויף אַן אָרט. איך האָב אַ קוק גע־טהאָן אַז אַלץ איז דאָ אַזוי גרויס, אַזוי האַמעטנע, אַז איך האָב דאָ אויסגעזעהן ווי אַ סטינקע אין ים הגדול. די הייזער גרויס, די סטראַזשניקעס — גרויס, דערצו אַזעלכע גרויסע גוים און נאָך גרעסערע יונגאַטשעס. איך בין געוואָרען ממש אַ צוצאַפּעלטער. גוואַלד! רבנו של עולם פון דער גאַנצער וועלט, וואָס קען דאָ אַזאַ אידעל ווי איך מאַכען? מיט אַ בלאָז הרג'עט מען דאָך מיך אַוועק. היינט די קולות, די הוזשעריי, קלאַפּעריי, פייפעריי און סווישטשעריי, אַז מען קען שונא ישראל דול און משוגע ווע־רען.

די אייזענבאַנען סוויסטשען, די שיפען פישטשען, די פאַב־ריקען פייפען, די וואַגאָנעס קלאַפּען אַן דעם שווערען, שטיינערנעם ברוק, די פערשיעדענע מענשען (איצט וויים איך אַז דאָס זיינען פעדלער) ליארמען, קוויטשען, קלינגען, פויקען און טרומייטערען. אין די גאַסען און געסלעך שטעהן קלענערע און גרעסערע חברה׳ניקעס און שליידערען פילקעס. אַ בראָך אַ גרויסער! ווען זיי טרעפען מיך מיט אַ פּילקע בין איך אַ פאַרטיגער. פיעל דאַרף דאָס אַזא מענשעל ווי איך? דערצו איז דאָס אַזא ענגשאַפט! אַזא דריקעניש און שטיקעניש! די מענשען קאָפּ אויף קאָפּ, פשוט משוגע צו ווערען.

„נו“! — טראַכט איך — „נאָך איך האָב דאָ געפעהלט“!...

דער כלל, איך געה, פערפּאַלען! איך בין דאָך אין אמעריי־קא... און אַ שפּאַס האָב איך דאָס צו ווערען צו קומען! מיין שווינער האָט דאָ געהאַט איהרע אַ שטיפשוועסטער׳ס אַ „שני בשלישי“, בין איך דאָס צו איהר געגאַנגען. קיין נעהענטערען פריינד האָב איך ניט געהאַט. מילא, געה איך, טרעף איך אַן אַ פּאָליציאַנט מיט שעהנע קנעפּ. האָב איך מורא צו פרעגען וואו צו געהן, ווייל איך האָב ניט קיין „פּראַשפּאָרט“ (פּאַספּאָרט), אפילו קיין ביכעל אויך ניט... טאָמער טהוט ער מיר אַ פרעג אויף זיין לשון, ס׳הייסט אויף אַמעריקאַניש „סקודאַווא“? בין איך אַ פער־פאַלענער!... טרעף איך אַן אַלטע אידענע, איז זי גאָר אַן איטאַליענערקע און קוקט מיך אַן און וויים ניט וואָס איך רייד...

דערווייל קומען אַן צוויי ווייסע חברה׳ניקעס איינער פון פאָרענט און איינער פון הינטען. דער הינטערסטער שלעפּט מיך פאַר׳ן פּעקעל און דער פאָדערשטער — פאַר׳ן בערדעל, און מאַנס־בילען און נקבות און מיידעלעך און בחורים קוקען און קליינע קינ־דער קוקען און לאַכען.

— זעהט נור! זעהט דעם „גרינע יאַהרען“! (מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זיי האָבען געזאָגט גרינע יאַהרען). איך האָב אָבער געפיהלט, אַז איך האָב ניט קיין „גרינע יאַהרען“, נור שוואַרצע יאַהרען, אַפגעריסענע, אַפּגעשניטענע יאַהרען, יאַ, זיי

האבען דאס אבער אזוי לאנג געשריען ביז איך האב דערהערט, אז זיי זאגען גאר נ י ט גרינע יאהרען, נור „גרינער הארען".

איך בין אזוי צומישט געווארען, אז איך האב זיבער גע־מיינט, דאס עס איז מיר חלילה אויסגעוואקסען א גרינער הארען אין אמעריקא. א וועלט איז דאך ניט משוגע. אז אלע שרייען און לאכען, און טייטלען מיט די פינגער „גרינער הארען" מוז דאך עפעס זיין. איך האב מיר אנגעהויבען טאפען דעם שטערען, איך שוויץ במחילה, אבער קיין הערנער האב איך ניט.

נור אזוי ווי איך האלט אין טאפען דעם שטערען, אז איך כאפ דאס עפעס מיט א הארטע זאך אין מח, אז איך בין שיער גע־שטארבען. איך וויים נאך אויף היינטיגען טאג ניט באשטימט וואס דאס איז געווען. קיין שטיין האט דאס ניט געקענט זיין, דען ווען איך האב א טאפ געטהאן דעם צוקלאפטען ארט, איז דאס געווען נאס און איך האב אנגענומען א פולע האנד מיט געדיכטע פליסיגקייט, וואס האט געשמעקט מיט פרוכט... דוכט זיך עפעל...

דאך א רייכע מדינה! — האב איך געטראכט — זיי ווארפען זיך דא ארום מיט פירות... אבער חולה זיינען זיי מיר געווען צו געבען די פרי אין האנד אריין? צו דען אזוי איז מען א מענ־שען, א פרעמדען מענשען מכבד מיט פרוכט? אויף אזא אופן קען מען דאך אויף דעם גאר קיין ברכה ניט מאכען...

נור געה! קלעהר א וועלט! אויף דעם איז דאך דאס אמע־ריקא...

ערשט פארנאכט האב איך זיך אריין גע׳הרג׳עט צו מיין שוויי־גער׳ס שטיפשוועסטער׳ס שני בשלישי (מיסעס סמערגעל האט זי געהייסען) אין א קעלער, וואס איז געווען פינסטער, חושך כאטש אין אן אויג צו שטעכען. אנשטאט אראב געהן, האב איך זיך אראבגע׳ממית׳ט צו מיסעס סמערגעל אין פאדער צימער, אדער ווי דאס הייסט אין אמעריקא „פראנט רום".

משמעות, אז ביי מיסעס סמערגעל אין הויז האט מען זיך שטארק דערשראקען פון מיין מאדנעם וויזיט, דען איך בין אריין

גלייך אין „פּאַלע“ (פּאַרלאַר) מיט דעם קאָפּ אראָב און מיט די פיס אין דער הויך עפּעס גאר ניט אמעריקאַניש... די קינדער האָבען גענומען קווימשען, די מיסעס סמערגעל אליין איז צוגעלאָפּען ניט טויט, ניט לעבעדיג און גענומען שרייען פריהער אויף „ענגליש“ (ענגליש) דערנאָך אויף אידיש.

— ענטשולדיגט, — האָב איך זיך גענומען בעטען ביי דער צו־שראָקענער פאמיליע — ענטשולדיגט, דאָ איז אזוי פינסטער אויף די טרעפּלעך, דערצו איז דאָרט עפּעס אַנגעגאָסען און גליטשיג, אז איך בין אראָבגעפאלען...

— אז פינסטער און ביטער זאָל אייך זיין! — האָט די באַ־לעבאָסטע גענומען דערלאַנגען סחורה אויף די אויבערשטע כלים, אין אמת'ע אידישע אידיש — וועלכער שווארץ יאָהר האָט אייך דאָ געטראָגען?

איך האָב גאָר ניט פערשטאַנען, אז איך האָב אַנגעריהרט איהר כבוד, דען זי איז געווען די „הויז קיפּער“, די „דזשעניטרעס“ און איך האָב געמאַכט „איהר“ קעלער צו קליינגעלד. סיי ווי סיי, איך האָב זיך געמאַכט ניט הערענדיג איהרע קאָמפּלימענטען און האָב געשמאַמעלט מיט אַ מין געזעץ.

— איהר זייט דאָך מיין שווינער'ס שטיפשוועסטער'ס א שני בשלישי פון זאַסלאַקאָווינע בין איך דאָך דאָס ביי אייך אריינגע־פאָהרען!...

די אידענע איז געבליבען שטעהן ווי א צומישטע און האָט מיר עפּעס ניט פערשטאַנען. ערשט ווען זי איז געקומען אביסעל צו זיך האָט זי מיך מאָדנע אַנגעקוקט און געפרעגט:

— ווער, זאָגט איהר, מיסטער, זייט איהר?

— מיין שווינער איז זיסעלע מושע, דאָס הייסט, אז איהר זייט מיין שווינער'ס זיסלע מושעס שטיפשוועסטער'ס ראָניע גנענדעל'ס א שני בשלישי.

— אזוי! איהר זייט זיסלע מושעס און ראָניע גנענדעל'ס א משפחה, דאָס הייסט זיסלע מושעס אן אייניקל — האָט מיסעס סמערגעל פלוצלונג אויסגעשריען מיט איבעררוושונג — געדארפט

באַלד זאָגען, ס'געהערט ! היינט געה, טרעף ווער איהר זייט ! נעהמט אראָב דעם פּעקעל פון דער פּלייצע, וואָס שטעהט איהר ? גניעשקע ! — האָט זי דערלאַנגט אַ קאָמאַנדעיווע צו איינע פון איהרע מיידלעך — דער מאַן איז אַ „גרינהאָרן", איצט געקומען פון זאַסלאַקאָווינע, אונזער אַ איינגענער. אויף גיך באַפּ אריין פאַר צוויי „צענט" זאָדאַ וואַסער !...

עס איז מיר געוואָרען אביסעל לייכטער אויפ'ן הארצען. איך האָב איצט בעשטימט געוואוסט, אַז איינער, וואָס איז ניט קיין היגער איז איין „גרינהאָרן" אין אַמעריקאַ און האָב זיך דערפרעהט צו האָבען דערוויילע אַז אָרט פיר מיין טלומאַק און פיר מיינע מיעדע צובראָכענע ביינער.

גניעשקע האָט אריינגעטראָגען אין אַ גלעזערנעם קריגעל אביסעל רויטע וואַסער, איך האָב געטרונקען און זיך געקוויקט מיט אַמעריקאַ.

---

## ליוואיס גאָלדענער חלום.

אַט אַזוי האָב א י ך הייסט דאָס, יאָ, א י ך דער „גרינהאָרען" פּלטיאל האַצקעל כראַבעלניצקי (אַזוי האָט מען מיך גערופען ביי אונז אין שטעדטעל, אין זאַסלאַקאָווינע) איבערגעטעכטיגט די ערשטע נאַכט אין אַמעריקאַ ביי מיסעס סמערגעל, מיין שוויגער'ס שטיפשוועסטער'ס שני בשלישי אין קעלער. איך זאָג „איבער־געכטיגט" און נ י ט איבערגעשלאָפען, ווייל כאָטש איך בין געוועזען מיד און צובראָכען פון מיין פינסטערע נסיעה, האָב איך דאָך כמעט די גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפען.

מען זאָגט, אַז די נאַכט איז איינגעטיילט אין דריי „משמורות" ס'הייסט אין דריי אָבטיילונגען. נו, נו, האָב איך געהאַט דריי „משמורות". אַז איך וועל זיי אין לעבען ניט פערגעסען.

באַלד ווי איך האָב זיך געלייגט, דאָס הייסט באַלד ביים ער־שטען „משמור" האָב איך ניט געקענט איינשלאָפען, ווייל עס האָ־

בען מיר געמישט די גערדאנקען. עס האט מיר געמישט אין מח פון די פערשיעדענע זאכען, וואס האבען מיט מיר פאסירט פון זאסלאקאווינע ביז מיסעס סמערגעל'ס קעלער.

דעם צווייטען „משמור" האב איך פשוט ניט געקענט שלאפען, ווייל זיי די ימח שמו'ניקעס האבען מיך ניט געלאזט. איך מיין זיי, יא, די קליינע, שמעקעדיגע נאכט־בעשעפעניסען, וועלכע זיינען מיך בעפאלען ווי די היישעריקען אט ווי גיך איך האב אנגעהויבען איינדרעמלען און האבען מיר אויסגעזויגען דאס ביסעל בלוט, וואס איך האב נאך מיטגעבראכט פון זאסלאקאווינע.

דער כלל, איך האב זיך מיט זיי, מיט די גזלנים געראנגעלט מיט מיינע לעצטע כחות אזוי לאנג, ביז איך בין פערמאטערט געווארען און פיהלענדיג, אז איך בין צו שוואך זיך מיט זיי צו „פערהערען", האב איך זיך א צודראפעטער איבער געגעבען אין זייער רשות.

— נאט! דא האט איהר מיך פלטיאל חאצקעל בראכעלניצקי פון זאסלאקאווינע אין גאנצען, מיט די ביינער ווי איך שטעה און געה, און עסט מיך אויף א לעבעדיגען. פארפאלען! איהר זייט אמעריקאנער, איך קען זיך מיט אייך ניט שלאגען. איהר זייט אי מעהרער, אי קליגער, אי שטארקער פון מיר. איהר זייט היגע, יחסנים. איהר זייט ביי זיך אין דער היים. איך אבער בין א פרעמדער, א „גרינהארען"... איך גיעב זיך אונטער נור זאל מען דאס זעהן אויף שונאים, וואס איהר וועט ביי מיר ארייננכאפען! סף הכל הויט און ביינער. דאס ביסעל בלוט איבערגעלאזט אין דער ליטא"...

און אזוי ריידענדיג מיט יסורים און הארצוועהטאג בין איך, מיינע פערפאלגער אויף צופוקעניש, דאך איינגעשלאפען. איך שלאף ווי אין האניג און מיר חלום'ט זיך דער שעהנסטער חלום פון מיין לעבען. אבער א חלום, וואס קען זיך טאקע נור חלום'ן אין אמעריקא...

מיר דאכט, אז איך שטעה ביז איבער די קניע אין א גאָלדע־נעם ים, וואָס האַקט און רוישט, און קאַכט מיט גאָלדענע כוואַליעס, ארום מיר שטעהען אפשר הונדערט טויזענד גאָלדענע פּעסער, אָדער ווי מען רופט זיי אין ענגליש „בארעלס" און איך האַלט א גרויסען, גאָלדענעם עמער און שעפּ פון גאָלדענעם ים און גיס אין די גאָלדענע בארעלס.

איך בין אין גאנצען אנגעטהאָן אין גאָלד. א לאַנגער גאָל־דענער טלית קטן מיט גאָלדענע ציצית באַמבעלט זיך מיר אויפ'ן בוזים, א גאָלדענע יארמולקע מיט א גאָלדענעם „מגן דוד" זיצט מיר אויפ'ן קאָפּ מיט א גאוה און אלע ווילע נעהם איך א גאָלדע־נעם שמעק טאַבאַק פון א גאָלדענע טאַבאַקירקע. מיין רישע ניטקע שטעהט נעבען מיר אין גאנצען א גאָלדענע און גיסט מיט א גאָלדענעם קאַכלעפעל אין א גאָלדענע שיסעל א גאָלדענעם קרופּניק. נור איך האָב קיין צייט ניט אפילו אויף איהר צו קו־קען... די קינדער מיינע זיינען אויך איינגעטונקט אין גאָלד. מיין מערע חיענקע איז א שטיק גאָלד, זי פערבליאַסקעט די אויגען. מען קען ממש בלינד ווערען אויף איהר קוקענדיג...

און מיין אידענע בעט זיך מיט גאָלדענע טרעהרען: „פּלטיאל פּיטעל" — וויינט זי א גאָלדענעם געוויין — פערזוך דעם גאָלדענעם קרופּניק. דו האָסט נאָך אזא קרופּניק ביי דיין באַבען אין קינפּעט ניט געגעסען".

מילא, טהו איך איהר צוליעב. א זופּ קרופּניק און א פּליוך אן עמער גאָלד אין די גאָלדענע בארעלס.

איך האָב אבער אזוי שטארק געארבייט מיט די הענד און מיט די פּיס דעם ים גאָלד אויסצושעפּען, אז איך האָב פאַר גרויס איילענים און צאַפּלענים פאנאנדער געדרוקט די הינקעדיגע בענקלאַך אויף וועלכע איך בין געלעגען און האָב זיך ארונטער גע'ממית'ט אויף ד'ערד מיט'ן קאָפּ אויף א בלעכענעם קעסעל, אז איך בין שיער געבליבען ליעגען א טויטער.

איך האָב מורא געהאַט צו שרייען אום ניט אויפצואוועקען די מענשען. ביז איך מיט איינגעהאַלטענעם קרעכצען ארויף געקראַ־

כען אויף מיין קאליקען געלעגער און האב אין צרות, א צושעדיג־טער ווידער איינגעשלאפען.

איך ווייס ניט אויב איך האב געשלאפען פינף מינוט, אז עס האט דאס פלוצלינג אנגעהייבען רוישען, ליארמען און פילדערען ביי מיר איבער'ן קאפ, אז איך בין אויפגעשפרונגען ווי פון פייער.

דאס איז סך הכל געווען מיסעס סמערגעל'ס וועק־זייגער. ער האט דאס אויפגעוועקט מיין שוויגער'ס שטיפשוועסטער'ס שני בשלישי זי זאל אויפשטעהן צונויף לייגען די שכנים'ס מיסט אין די בארעלס. די קינדער האט זי ניט געוואלט וועקען זיי זאלען איהר העלפען, וויל זיי דארפען אין דער פריה געהן צו דער אר־בייט. קיין מאן האט זי ניט, ער איז ערגעץ פערשוואונדען פון דער היים מיט אן אנדער נקבה, האט זי דאס מיט א כיון גע־שטעלט דעם וועק־זייגער ביי מיר איבער'ן קאפ, כדי ער זאל מיך אויפוועקען, איך זאל איהר העלפען.

איך אבער, ניט וויסענדיג וואס דא איז געשעהן, וויל ביי אונז אין זאסלאקאווינע זיינען ניטא קיין וועק־זייגערס און מען פרעהט זיך גאר, אז מען פערשלאפט א ווארעמס — — — האב דער־לאנגט א כאפ די תחתונים במחילה און האב גענומען לויפען און בין אזוי לויפענדיג א האלב נאקעטער ארויפגעלאפען אויף מי־סעס סמערגעל... זי איז שוין געשטאנען אנגעטהאן, גרייט צו דער ארבייט.

— וואו לויפט איהר ? מיסטער ! — האט זי מיך געפרעגט מיינענדיג, אז מיר איז חלילה עפעס צוגעקומען.

איך האב א קוק געטהאן אויף מיין שוויגער'ס שטיפשוועס־טער'ס שני בשלישי און האב א קוק געטהאן אויף זיך אין וואס פאר א שעהנע פאזע איך שטעה, פערשטעלט כלומרשט מיט די זאסלאקאווינער הויזען אין די הענד, בין איך געבליבען א צומיש־טער.

— מיר האט זיך געדאכט, אז עס ברענט — האב איך שטאמ־לענדיג ערקלעהרט, זיך פערשטעלענדיג מיטן דעליקאטנעם בגד —

עס האט אזוי געליארמט, אז איך האב זיך אויפגעכאפט א צושראָ־קענער.

— איהר זייט נאך גאר א גרינער — האט זי געשמייכעלט אויף מיר קוקענדיג... דאס איז געווען דער וועק־זייגער. טהוט זיך אָן האררי אפ! אין אמעריקא שלאפט מען ניט אזוי שפעט... איהר וועט מיר אביסעל העלפען ביי די בארעלס, איך פיהל עפּעס ניט מיט אלעמען.

איך האב נאך געהערט אין זאסלאַקאווינע, אז אין אמעריקא טאר מען א אידענע ניט ווידערשפעניגען. זי האט זיך ארייגגע־קערט אויף א ווײלע אין איהר שלאף־צימער און איך האב תכף ארויף געכאפט אויף זיך די אונטערשטע במחילה, האב אבגעגאסען נעגעל־וואסער... אבגעזאגט „אשר יצר“ און זיך גענומען מיט דער באלעבאסטע צו דער מלאכה.

— זעהט, מיסטער, ווי רופט מען אייך? — האט זי מיר פּלוצ־לינג א פרעג געטהאָן.

— פּלטיאל חאצקעל בראכבעלניצקי — האב איך איהר גע־ענטפערט.

— פוי! א גרינער נאמען — האט זי בעמערקט — און ווי האט געהייסען אייער מאמע?

— לאה — האב איך איהר ערקלערט.

— נו, — האט זי מיר געזאגט — וועט איהר הייסען ליוואי... ליוואי איז א ריכטיגער אמעריקאנער נאמען... אלע אידען הייר־סען ליוואי אין אמעריקא, מיין „רענדלער“ (לענדלארד, גרונד אייגענטימער) הייסט ליוואי, הלואי אויף אלע אידען געזאגט! טאטע זיסער! מיין גניעשקע'ס באס הייסט אויך ליוואי, דער בוטשער איבער'ן וועג הייסט ליוואי און דער שניידער, וואס וואוינט איבער אונז הייסט אויך ליוואי...

מילא — טראכט איך — מיין כפרה איז דאס! זאל זיין ליוואי, דערפאר איז דאך דאס אמעריקא... אמת, איך בין גע־ווען צוביסען, צוקראצט און צו'ממית'ט, דערפאר אבער האב איך געהאט א נייעם נאמען. פון אנפאנג איז דאס מיר אפילו געווען

אביסעל פריקרע, שפעטער אבער האב איך זיך איינגעוואוינט דערצו.

מילא, איצט האט שוין ניט געארבייט ביי די בארעלם פלטיאל חאצקעל כראמעלניצקי, נור מיסטער ל י ו ו א י . די בארעלם זיינען אויך ניט געוועזן ווי איהר זעהט קיין גאלדענע און איך האב זיי אויך ניט אנגעפילט מיט גאלד, ווי מיר האט זיך גע'חלומ'ט.

וואס פאר א גרויסער אונטערשיעד פון א חלום ביז אויפ'ן וואהר !

---

## גרינע „צטעמפץ"

געענדיגט מיין ערשטע שטיקעל ארבייט אין אמעריקא, האב איך זיך ארומגעוואשען. הערוויל איז אוועק דער דריטער „משמור" אויך. עס איז געווארען ליכטיג דרויסען. איך האב אבגעדאווענט און מיין שווינגער'ס שטיפשוועסטער'ס שני בשלישי האט מיר געפרעגט אויב איך וועל עסען „ברעקפעסט" „טרומיי־טערם" (טאמייטאס) מיט „פינענעס" (בענענעס).

היינט געה, ענטפער איהר !

איך האב נאך אין מיין לעבען ניט געגעסען קיין „ברעקפעסט" קיין טרומייטערם מיט קיין פינענעס. פון דעסטוועגען האב איך געזאגט, אז איך בין ניט קיין אויסטראכטער און עס אלץ, וואס איך קריעג, אויב דאס איז נור כשר...

עס האט ניט לאנג געדויערט און זי האט מיר דערלאנגט צום טיש.

אסור אויב איך האב געוואוסט ווי מען עסט דאס.

וועלכע פון די זאכען עס האט געהייסען „ברעקפעסט", וועלכע „טרומייטערם" און וועלכע „פינענעס" האב איך אויך ניט גע־וואוסט. איך האב זיך אבער אנגעשטויסען, אז די ווייסע, די לאנ־גע זיינען די „טרומייטערם", און די רויטע, די רונדיגע, וואס זעהען אויס ווי ציבעלע, זיינען מן הסתם די „ברעקפעסט", קיין

„פינענעם" האָב איך אָבער ניט געזעהן. „פינענעם" הייסט מן הסתם ברויט אָדער קאַפּע אויף אַמעריקאַניש — האָב איך גע־טראַכט. איך האָב ניט פיעל געקלעהרט און האָב פריהער גענומען „פּאַרטיג מאַכען" די „טרומייטערס". ניט וויסענדיג אויף וועל־כען אופן מען „טהוט זיי זייער רעכט", האָב איך גענומען אַ „טרו־מייטער", האָב איהם איינגעטונקט אין זאַלץ און האָב איהם אויפ־געגעסען מיט די שאָלעכטץ מיט אַלעמען. עס איז מיר געוואָרען ניט גוט צום חלש'ן...

גראָד האָט געדאַרפט גניעשקע, מיסעס סמערגעל'ס עלטערע מיידעל, דערזעהן ווי איך רוק אין זיך אַ „טרומייטער" ניט קיין אָבגעשיילטען. אַז זי לאַכט זיך דאָס פּאַנאַנדער און הויבט אָן שרייען „מאַמאַ, זעה, דער גרינהאָרן! יער שיילט ניט אָב די „פינענעם", ער עסט זיי מיט די שאָלעכטס מיט אַלעמען"...

אין אַ מינוט אַרום איז געשטאַנען נעבען מיר מיין שוויגער'ס שטיף־שוועסטער'ס שני בשלישי מיט אַלע איהרע קינדער און האָ־בען זיך געשטיקט פאַר געלעכטער. מיך האָט ניט אַזוי געאַרט זייער געלעכטער ווי איך בין געבליעבען אַ צודולטער פון מיין אונוויסענהייט. ערשט איצט האָב איך זיך גאָר דערוואוסט, אַז די לאַנגע, די ווייסע הייסען גאָר ניט „טרומייטערס", נור „פּי־נענעם".

מעהר עסען האָט איך שוין ניט געקענט. איך האָב האַסטיג אָבגעבענשט און בין אַרויס אין שטאָדט, אפשר וועל איך קע־נען אויסגעפינען וואָס עס פעהלט אין אַמעריקאַ, וועל איך דערמיט אָנהויבען האַנדלען.

איך בין אָבגעגאַנגען אַ צוויי קווער גאַסען, בין איך געקומען אין העסטער סטריט. איך קוק זיך איין. וואַזשנע מויערען, אַ גוואַלט אין דער וועלט. ביי אונז אין זאַסלאַקאָווינע — טראַכט איך — איז דאָ איין מויערעל, וואוינט דאָרט ר' שמעלקע שמחה'ס דער גביר פון שטעדטעל, און דאָ וואוינען אַלע אידען אין מויערען. די גאַנצע גאַס אַ אידישע. איך פערגריים דעם קאָפּ אַרויף צו בעוואונדערען ווי הויך אידען זיינען דאָ געשטיגען, אַז איך קריעג

דאָס פון אויבען אריינגעשליידערט אין פּנים א פּעקעל מיט עפּעס, איך בין שיער בלינד געוואָרען. ווען איך בין געקומען צו זיך און האָב פאַנאַנדערגעוויקעלט דעם פּעקעל, בין איך ממש נשתומם געוואָרען. עס איז דאָרט דאָ פון כל טוב: חלה, קאַלטע שטיקלעך פלייש, פיש, פּוטער־ קוכען און... נאָך עפּעס...

נישט קשה — קלעהר איך מיר — אידען דאַרפען ניט זינדיגען אין אמעריקאַ. ווען זיי קענען זיך ארומוואַרפען אַנדערוואָכען מיט אַזעלכע עסענס. ביי אונז אין זאַסלאַקאָווינע מאַכט א איד מיט אַזאַ פּעקעל דעם שעהנסטען שבת...

איך קוק זיך ארום וואָס דאָ פעהלט, עס פעהלט אָבער גאָר ניט. עס איז דאָ אַלל דאָס גוט'ס פּשוט פון פויגעל־מילך... און אַלץ איז „בזיל הזל", כמעט אומזיסט. „צוויי אייער בייגעל פאַר א „צענט", א פולע טאַרבעצקע מיט ניסלאַך פאַר א „פּענע", א טוץ קנעפּלעך פאַר א „נעיקעל" (ניקעל). איך האָב אפילו ניט געוואוסט פיעל א „נעיקעל" איז אויף אַמעריקאַנישעם געלד, נור איך האָב פערשטאַנען אַז דאָס מוז זיין א זעהר קליינע מטבע... איך קוק וועיטער: א כשר'ן געשמאַקען מיטאַג מיט א גרויסע גלאָז ביער פיר „צעהן צענט". איך קוק וועיטער, ערשט מען גיט גאָר זאַכען אומזיסט. מען בעט זיך נור מען זאָל קומען נעהמען...

אין א פענסטער — זעה איך — שטעהט ארויסגעשטעלט א פּאַפּיער מיט אידישע אותיות, וואָס רופען זיך און בעטען זיך:

פריי, פריי, פריי.

מיר גיעבען אומזיסט

גרינע צטעמפּץ. (סטעמפּס), מאַרקעס.

איך האָב ניט געוואוסט וואָס פאַר א מאכל „צטעמפּץ" איז. איך האָב אָבער געזעהן, אַז מען גיט דאָס פריי, אומזיסט צו „גרינע". אזוי ווי איך בין געווען א „גרינער", האָב איך ניט פיעל געקלעהרט און בין אריין ־לייך אין קראָם בעטען „צטעמפּץ"...

— וואָס פערלאַנגט איהר, מיסטער? — האָט מיך באַלד א פרעג געטהאָן א יונגער בחור.

— איך בין א „גרינער" — האב איך ערקלעהרט — ווייל איך צטעמפּץ. איהר שרייבט אין פענסטער, אז איהר גיט גרינע צטעמפּץ, ווייל איך איהר זאָלט מיר געבען צטעמפּץ.

משמעות, אז דער בחור האט מיך גוט פארשטאנען, דען ער האט גענומען שמייכלען און האט צוגערופען א ראזירטען, אבער א איד... ער האט מיך געפרעגט אין אידיש וואס איך וויל און איך האב איהם ערקלעהרט אין אידיש, אז אזוי ווי ער זאגט אין פענסטער, אז ער גיט אומזיסט גרינע צטעמפּץ און אזוי ווי איך בין א גרינער, ווייל איך צטעמפּץ.

ווי קען מען איך גלויבען, אז איהר זייט א גרינער ? — האט ער מיר באלד דערלאנגט א פרעג און האט געשמייכעלט א מין טייוועלשען שמייכעל, אז מיר איז אזש קאלט געווארען...

— ווי איך בין א איד, איך בין א גרינער — האב איך זיך געשווארען — ערשט נעכטען געקומען פון זאסלאַקאווינע. איך בין אריינגעפאהרען ביי מיסעס סמערגעל, איהר וויסט דאך, ביי מיין שווינער'ס שמיפשוועסטער'ס שני בשלישי אין קעלער. איהר קענט שיקען פרעגען... איך בין ניט קיין ליגנער...

— איך גלויב אייך — האט ער בעמערקט — און האט דער־לאנגט א וואונק צו די יונגע בחורים. משמעות זיינע פריקאזטשי־קעס ; ער איז דאס געווען דער בעל הבית.

זיי זיינען תכף צוגעלאפען. ער האט זיי עפעס געזאגט אין אמעריקאניש און זיי האבען מיר דערלאנגט א פארציע „צטעמפּץ", אז איך וועל זיי קיין מאל אין לעבען ניט פערגעסען. זיי האבען מיר דערלאנגט „צטעמפּץ", אז איך האב שוין געוואוסט ווי מען גיט אין אמעריקא זאכען אומזיסט און האבענדיג דעם ערשטען בעסטען סימן, אז איך טויג ניט פאר אמעריקא און אמעריקא טויג ניט פאר מיר. האב איך, בענקענדיג נאך זאסלאקאווינע זיך אומ־געקעהרט קוים א לעבעדינער, א צוצטעמפּצטער צו מיסעס סמער־געל אין קעלער.

# ליוואי ברענגט גרוסען.

נאכדעם ווי איך האב זיך אין העסטער סטריט איבערצייגט, אז ניט איך קען פערדייען אמעריקא און ניט אמעריקא מיך, איבערהויפט ווען איך האב אריינגעכאפט אין א אידישע קראם אזא פארציע קלעפ פאר'ן בעטען „צטעמפץ" — יא, נאך מיינע ביטערע ערפאהרונגען, האב איך זיך אוועק געזעצט ביי מיין שוויגער'ס שטיפשוועסטער'ס שני בשלישי, ביי מיסעס סמערגעל אין קעלער, און נאכגעטראכט וואס מיט מיר איז געשעהן.

איך האב פערשטאנען, העכסטענס קען מיך מיסעס סמערגעל האלטען א וואך אומזיסט. וואס וועל איך דאן טהאן? מיר איז אויך ניט געפעלען געווארען דער כיבוד, וואס זי האט מיר געגעבען אויפ'ן ניכטערען הארצען: צו העלפען איהר ביי די מיסט בארעלס; איך האב אויך געוואוסט, אז איך האב געלאזט מיין פלונית'טע אין זאסלאקאווינע אהן א גראשען ביי דער נשמה און זי האט געבעטן ניט פון וואנען צו לעבען.

איך בין געזעסען ווי א ניט דער'הרג'עטער און האב געטראכט און געזארגט.

— וואס זייט איהר אזוי פערקלעהרט מיסטער ליוואי? — האט מיך מיסעס סמערגעל פלוצלונג א פרעג געטהאן — זעהענדיג, אז איך בין עפעס אויף צרות.

— איך קלעהר — האב איך איהר געענטפערט — וואס עס הייסט „צטעמפץ" ביי אייך אין אמעריקא, און האב זיך דערביי א כאפ געטהאן אן מיין צוקלאפטען רוקען...

— וואס איז אייך מיט איינמאל איינגעפאלען אזא קשיא?

— האט מיר מיסעס סמערגעל צוגעווארפען — קיין אנדער זאך פעהלט אייך שוין גאר ניט?...

— עס איז מיר איינגעפאלען, — האב איך איהר ערקלעהרט — ווייל איך האב פאר אייערע „צטעמפץ" טהייער בעצאהלט.

אזוי האב איך איהר, קרעכצענדיג דערצעהלט די גאנצע מעשה,

ווי איך האב געזעהן אין העסטער סטריט אין א קראם־פענסטער אויפגעדרוקט מיט גרויסע אידישע אותיות, אז „דא גיט מען פריי, אומזיסט גרינע צטעמפּץ“, בין איך אריין בעטען אומזיסט „צטעמפּץ“, ווייל איך בין א „גרינער“, נו, נו, האט מען מיר גע־געבען „צטעמפּץ“, אז איך קען קוים שטעהן אויף די פיס...

מעהר דערצעהלען האב איך ניט געדארפט. מיין שוויגער׳ס שטיפשוועסטער׳ס שני בשלישי האט זיך אזוי פאנאנדער געלאכט, אז איך האב געמיינט זיכער זי איז נים דא געדאכט אראב פון זינען.

— אוי גרינער, גרינער! — האט זי געקייכט פאר געלעכטער — „צטעמפּץ“ מיינט אין „ענגאליש“ מארקעס. ווען מען קויפט סחורה, גיעבען מאנכע סטארץ (סטארס) אומזיסט גרינע מאר־קעס, כדי צו צוציהען „קאצטעמעס“ (קאסטימערס), איהר פער־שטעהט? ווען מען קלייבט אן א פולען ביכעל מיט „צטעמפּץ“ קריעגט מען עפּעס אומזיסט...

איהר זעהט? — האט זי ווייטער געזאגט מיר ווייזענדיג אויף איהר וועק־זייגער, — אט דעם דאזיגען „לארמע־גלאק“ (אלארם קלאק). אט דעם וועק־זייגער האב איך געקראגען אומ־זיסט... א „פּערזענט“ (פּרעזענט) פאר גרינע צטעמפּץ...

איך האב דערהערט דעם נאמען „לארמע גלאק“, וועק־זייגער בין איך שיער געבליעבען א טויטער... איך האב זיך דערמאנט וואס פאר א חתונה ער האט מיר אויפגעשפּיעלט לעצטע נאכט שטעהענדיג ביי מיר צוקאפּענס... ווי איך בין פאר שרעק אויפ־געשפּרונגען א נאקעטער, במחילה, מיינענדיג, אז עס ברענט און איך קום אום אין אמעריקא.

מעהר האב איך מיסעס סמערגעל ניט געפרעגט. איך האב שוין געוואוסט איין זאך קלאר; אז מיט „לארמע גלאקס“ און מיט „גרינע צטעמפּץ“ טאר מען זיך דא ניט אנהויבען, זיי זיינען אמת׳ע מזיקים...

סיי ווי סיי, איך האב זיך בעשלאסען דעם דאזיגען טאג קיין בעשעפטיגונג ניט צו זוכען, איך האב פשוט ניט געקענט...

מארגען איז געווען שבת, האב איך גערעכענט, אזוי ווי שבת אר־בייט דאך קיינער ניט, וועל איך נאכ'ן טשאלענט אבגעבען די גרו־סען, וואס איך האב מיטגעבראכט צו מיינע לאנדסלייט פון זא־סלאקאווינע.

דערווייל האב איך ארויסגענומען פון זעקעל מיין חומש'על, האב אבגע'מעבר'ט די סדרה, אבגעזאגט די הפטורה און שיר השירים און בין שוין א פארטיגער, א שבת'דיגער. אמת, איך בין ניט געגאנגען אין מרחץ, האב איך גערעכענט נו, מילא, איך וועל דערפאר געהן דעם קומענדען פרייטאג אביסעל פריהער און וועל זיך דארט פערזאמען אביסעל לענגער...

פארנאכט האט מיר מיין שוויגער'ס שטיפשוועסטער'ס שני בשלישי געזאגט וואו די זאסלאקאווינער חברה געפינט זיך, בין איך אהין אוועקגעגאנגען. איך געה אין שוהל, עס איז שוין שפעט־לאך, אבער מען זעהט ניט קיין סימן פון שבת... איך וואלט גע־מיינט, אז איך האב אפשר א טעות אין חשבון און היינט איז גאר מיטוואך אדער דאנערשטאג, האט אבער מיסעם סמערגעל געקויפט געפלאכטענע שבת־חלה און האט אנגעפיללט פיש...

עס איז פארט שבת.

איך בין אריין אין זאסלאקאווינער שוהל. נישט קשה פון א שוהל, פול מיט לאנדסלייט, אבער דער גוטער יאהר קען זיי דער־קענען? כמעט אלע געהן זיי געגאלט, אדער בעשארען די בערד־לאך... היינט סתם עפעס א פערקעהרטע וועלט.

ר' לייבעלע חריף און ר' זעליגעל יאנקעלס, די גאלדענע פאהן פון זאסלאקאווינע, שטעהען אין אויסגעקרימטע קאמאשען נעבען מהיר, און בערע חלאפ, חעמצע חלאפ'ס זוהן, דער מולאר שטעהט נעבען ארון קודש... פייפקע גוי דאווענט פאר'ן עמוד און מאט־קע שייגעץ שיינט אין א זיידענעם קאפעלוש אין רעכטען מזרח...

טפוי, צום שווארץ יאהר!

עטליכע לאנדסלייט, וועלכע זיינען דא געווען פון די ארימע, האבען מיך גלייך דערקענט: — שלום עליכם בראכלעניצקי...

די גבירים אָבער, די אויבען־אָנטשיקעס האָבען מיך ניט גע־וואָלט דערקענען...

פון דעם דאַוונען האָב איך קיין איבעריגע הנאה ניט גע־האַט: פייפקע גוי האָט זיך געריסען ביים „לכה דודי" און די אידישע פעדלער דרויסען נעבען שוהל מיט זייער סחורה האָבען איהם אריבער געשריען...

סיי ווי סיי, איך האָב געלאָזט וויסען אין שוהל, אז איך האָב געבראַכט גרוסען פון זאַסלאַקאָווינע, לאַנדסלייט זאָלען קומען מאָר־גען נאָכ'ן טשאָלענט וועל איך זיי די גרוסען אָבגעבען...

מילא. ווי ווייט איך האָב שבת געגעסען טשאָלענט זאָל אייך „דער גבאי זאָגען". דער „לאַרמע גלאָק" האָט געמאַכט סקאַנדאַ־לען ווי אין מיטען וואָך. גניעשקע, מיסעס סמערגעל'ס עלטערע מיידעל, איז אוועק צו דער ארבייט ווי אלע טאָג, כאָטש איהר בעל הבית איז א מאַכער אין א שוהל... איך האָב געמוזט העלפען מיין שווינגער'ס שטיפשוועסטער'ס שני בשלישי, ביי די באָרעלם פונקט ווי נעכטען אין דער פריה... אין גאַס איז געווען אמת'ער אָנ־חערוואָכען. מיר איז נאָר געווען א וואונדער צו וואָס זיי מאַכען דאָ נאָך די קאָמעדיע מיט'ן שבת'דיגען דאַוונען...

שבת ביי טאָג איז קיינער ניט געקומען אָבנעהמען קיין גרוּ־סען, ווייל די האָבען געאַרבייט און יענע גע'מסחר'ט. ערשט אין אָבענד איז געוואָרען פול ביי מיסעס סמערגעל אין קעלער מיט זאַ־סלאַקאָווינער לאַנדסלייט. זיי זיינען געקומען אַלע אויסגעפּינען וועלכע נייעס איך האָב זיי געבראַכט פון דער היים. ליידער אָבער האָב איך די אַלע געקומענע גאָר ניט געקענט פון זאַסלאַקאָווינע.

איך האָב ארויסגענומען מיין ביכעל, וואו איך האָב פערשריע־בען אַלע גרוסען און האָב גענומען אריינקוקען, די לאַנדסלייט זיי־נען געזעסען ארום און האָבען מיך אָנגעקוקט מיט אונגעדולד.

— נאָר ניט געאיילט — האָב איך זיי בערוהיגט — איך האָב פאַר אייך אַלעמען... זאָגט מיר נור וואו איז דאָ ערגעץ ביי אייך סתם פראַנצעצקע?

— ווער? וואָס? — האָבען זיי מיר אַלע א פרעג געטהאָן

פערוואונדערט. איך האָב אָבער געקוקט אין ביכעל און זיך גע־האַלטען ביי דאָס מייניגע.

— איך דאַרף אָבגעבען אַ גרוס אין סתם פראַנצעצקע גאַס, דאָרט וואוינט שמואל דעם טעפּער׳ס אייניקעל, שרה יענטע. איך האָב אַ גרוס פאַר איהר.

— איהר מיינט מן הסתם אין סאַן פראַנציסקאָ — האָט מיר אַ לאַנדסמאַן בעמערקט — דאָס איז נעהענטער ווי אין ארץ ישראל, אָבער דאָך דאַרף אייך נעהמען אַ קאַרגע וואָך צו קומען אַהין, די רייזע וועט אייך קאָסטען עטליכע צעהנדליג טאָלער.

— אָבער דאָס איז דאָך ביי אייך אין אַמעריקאַ — האָב איך פּראָטעסטירט — ביי אייך אין נעוויאָרק.

חברה האָבען מיך אָנגעקוקט מיט אַ מאָדנעם קאָמיזם און גע־לאַכט: „נעבאָך אַ גרינער"... איך האָב אויך געשמייכעלט, — אַ ברירה האָב איך געהאַט — און האָב ווייטער געלייענט פון ביכעל:

— לייבע לאַכמאַן אין בויאַנעס אייערעץ (בוענאָס איירעס).

— דאָס איז עפּעס ווייט פון העסטער סטריט ? די אַלטע מוטער חלש׳ט פּשוט פון איהם צו הערען: זי האָט מיך פערשווארען אפשר אַ מיליאָן מאָל, אַז ווי גיך איך וועל אַריבער געהן דעם „קעצעלגאַרדען" (קעסטעל גאַרדען) מוז איך איהם אויפזוכען... זי האָט געשיקט פאַר איהם אַ גרויסען, היימישען קעז מיט פעפ־פער...

ווען איך האָב דערהערט, אַז דאָס איז גאָר די הויפּט שטאָדט פון אַרגענטיניען, וואו דער באַראָן הירש האָט געוואָלט בעזעצען אידען, בין איך געבליעבען זיצען ווי אַ בענומענער. די לאַנדסלייט האָבען זיך געוואָרגען מיט געלעכטער. מיין שווינער׳ס שטיפ־שוועסטער׳ס שני בשלישי איז אַרום געגאַנגען איבער׳ן קעלער אַ צומישטע פאַר חרפּה. איך האָב געפיהלט ווי זיך אַנצוטהאָן אַ מעשה. נור וואָס בין איך שולדיג ? אַ גרינער... איך האָב שוין געוואָלט פערמאַכען דאָס ביכעל און אויס, — אַ סוף מיט גרוסען, איך האָב ניט מעהר... אָבער די לאַנדסלייט האָבען מיך געצוואונגען איך זאָל ווייטער לייענען און איך האָב געלייענט:

— דזשעקאפ (דזשייקאב) פאכמארע אין ריע די שעהנערע (ריא דע דזשענייראָ, בראזיליען), וואו איז דאס ערגעץ ? ווייט פון דאנען ? די מוטער האט איהם געשיקט היימישע דארע קיש־קע און א טוץ געשמריקטע וואלענע זאקען... יעקעל בארעבאן, אין ראנטשוועסטער (ראטשעסטער) נעוויארק, יענטעל קאזשוך און יונה סבורג (יאהאנאסבורג, סאוטה אפריקא), ברכה סמער־דזשעק, אין בראנצעוויל (בראנזוויל) נעוויארק...

גאט ווייס ווי לאנג איך וואלט אזוי געלייענט פון מיין בי־כעל, ווען איך וואלט ניט האסטיג א קוק געטהאן ווי מיינע געסט ליעגען אויף די בענקלאך צונויפגעדרעהט פאר געלעכטער. דאס ביכעל איז מיר ארויסגעפאלען פון דער האנד פאר בושה און וועה־טאג. איך האב ניט געוואוסט וואו זיך אהינצוטהאן פון שאנדע און ערגערניס איך האב פערשטאנען, אז איך בין שוין ווידער ארייג־געפאלען, מיאוס ארייגעפאלען. איך האב געפיהלט, אז די בעס־טע זאך פאר מיר אצינד איז, „האלטען דאס מויל" און שווייגען, יא, שווייגען ווי די וואנט, פערשטומען גאר אין גאנצען און גענוג, מען זאל פון מיר קיין פיפס ניט הערען, דען ווי גיך איך וועל נעה־מען בעווענען די ליפען צו רעדען וועט ווערען א נייער געלעכטער.

איך האב זיך אבער געוואלט פערענטפערען, אז איך בין אין מיינע טעות'ן ניט שולדיג. ביי אונז אין זאסלאקאווינע זיינען ני־טא קיין שקאלעס, קיין „קלאסען" און קיין צייטונגען. פון וואנען זאל איך וויסען ? אט וואס די זאסלאקאווינער ווייבער האבען מיר געזאגט אויף אויסווענינג האב איך פערשריעבען אין ביכעל... זיי מיינען דארט, אז ארגענטיניע, בראזיליע, אזיען און אפריקא ליעגען נעבען „קעצעל גארדען"...

אבער איידער איך האב נאך געהאט [illegible] צו אנהויבען זיך פערענטפערען זיינען די לאנדסלייט אוו[illegible]זן א „זייט־געזונד", זיך שטיקענדיג פאר געלעכטער און איך בין ג[illegible]ליעבען מיט א נאז.

אין מיין גאנצען פערשריעבענעם ביכעל האב איך קוים גע־האט א פאר אדרעסען פון דער שטאדט ניו יארק גופא. די איבע־ריגע זיינען געווען פון אומעטום נאר ניט פון ניו יארק. ערשט

איצט האב איך צום ערשטען מאל גענומען קלערען מיט מיין גאנ־צען ערנסט, וואס עס קען פון אזא „חיה", אזא פאסקודנעם טויג־נישט ווי איך בין, ווערען אין אזא קלוגע, געשטודירטע מדינה ווי אמעריקא ? יא, וואס וועט זיין מיט מיר און וואס וועט ווע־רען פון מיין ווייב און קינדער אין זאסלאקאווינע ?

איצט האב איך זיכער געוואוסט, אז מיין שוויגער'ס שטיפ־שוועסטער'ס שני בשלישי וועט מיך מעהר ניט וועלען האלטען. איך האב איהר פשוט פערשווארצט די אויגען מיט מיין אומגעלומ־פערטע נארעשקייט. „גוואלד, גוואלד, וואס טהוט מען" ? האב איך זיך געקניפט אין דער שטיל ביז איך בין געפאלען אויף אז המצאה.

איך האב גענומען דעם היימישען קעז מיט די פעפער, וואס איך האב געזאלט אבגעבען אין ארגענטיניען, די וואלענע זאקען מיט די דארע קישקע, וואס איך האב געבראכט פיר בראזיליען און א פאר וואליקעס, וואס מען האט מיר אנפערטרויעט פיר סאוט אפריקא און האב דאס אלץ אוועק געגעבען צו מיין מכניס־אורח'טע מיסעס סמערגעל.

דערמיט האב איך איהר אין גאנצען אבגעקויפט.

האבענדיג דערחוויל בערוהיגט מיסעס סמערגעל, האב איך איבערגעוואַרט ביז מאנטאג אין דער פריה, ווען איך בין אליין אוועק אויפזוכען די פאר אדרעסען, וואס איך האב געהאט פאר ניו יארק גופא, און אגב א טאפ טאן מיינע לאנדסלייט, אפשר קענען זיי פאר מיר עפעס טהאן...

קודם בין איך געגאנגען אויפזוכען צמח סווישטשע. איך האב ניט פיעל געזוכט און האב געפונען. ער האט געוואהנט אין עסעקס סטריט אויף א דריטען עטאזש...

דאס איז געווען דאס ערשטע מאל וואס איך בין געגאנגען אין אמעריקא אין א פרעמד הויז. איך האב ריכטיג געטראפען די אדרעס, איך וויל אבער ארויפגעהן אויף די טרעפען, ערשט זיי

זיינען פערשפרייט מיט דיוואנעס, און בעשלאגען מיט געלע צאצ־קעס. שעהנער ווי ביים פאן שטשעבאטשעווסקי אין זאסלאקא־ווינע. איך בין געבליעבען שטעהן א צוטאפעלטער...

נייז, — טראכט איך — דא קען ניט וואהנען צמח סווישטשע, פאר קיין געלד ניט... איך קוק אין ביבעל און קוק אויפ'ן נומער פון הויז — ס'איז דאך דא. איך בין געשטאנען אפשר א שעה אויף די טרעפ און ניט געוואגט א טרעט צו טהאן.

לענגער האב איך דארט ניט געקענט פערבלייבען, ווייל שוואר־צע מענשען אזוי ווי אין מצרים (איצט ווייס איך, אז זיי זיינען ניגערס) האבען געשלעפט פון אויבען אלטע, פערפוילטע מעבעל, אויף וועלכע עס זיינען ארומגעלאפען מחנות פרייסלאך. איך האב ניט געקענט קלוג ווערען וואס דא טהוט זיך...

די שווארצע מענשען האבען מיך אראבגעשטויסען אונטען.

אלץ, וואס זיי האבען אראפגעטראגען פון אויבען איז געלע־גען דרויסען נעבען ריינשטאק. ביי א טישעל, אויף וועלכען עס איז געשטאנען א שיסעלע, אין וועלכער מאנכע פערבייגעהענדע פלע־גען אריינגעווארפען מטבעות — איז געזעסען א אידענע מיט א קינד ביי דער ברוסט. איך האב אויף קייז פאל ניט געקענט קלוג ווע־רען וואס דא טהוט זיך.

אפשר קענט איהר מיר זאגען וואו דא וואהנט ערגעץ צמח סווישטשע ? — האב איך זיך געווענדעט צו דער אידענע, ווייל איך האב געזעהן, אז זי האט צייט מיר צו ענטפערען. זי איז גע־זעסען ליידיג...

די פרוי האט זיך עפעס אזוי ווי אויפגעכאפט פון א שווערען חלום. האט מיך א ווײלע אנגעקוקט און געענטפערט :

— איהר זוכט דאך וואו ער וואוינט... אט דא וואוינט ער...

— אזוי ? דא וואוינט איהר ? — האב איך זיך דערפרעהט, ניט ווייסענדיג נאטירליך, אז מ'האט איהר ארויסגעווארפען אין נאס פאר דירה־געלד — איך קום פון זאסלאקאווינע. האב איך

פּאַרטנגזעצט, און האָב איהר גענומען אבגעבען א גרוס. איך האָב איהר אַזוי לאַנג געגריסט, ביז א פּאָליסמאַן האָט מיר געגעבען א שליידער, אַז איך בין אריינגעפאלען מיט א פּוס אין א צובראָכע־נעם שופלאד. איך האָב זיך שיער גע'ממית'ט.

---

## ליוואי פאַלט אריין צו אַ לאַנדסמאַן

עס איז אוועק א וואָך, עס זיינען אוועק צוויי וואָכען און איך געה נאָך אַלץ ארום ליידיג. מיין שוויגער'ס שטיפשוועסטער'ס שני בשלישי, מיסעס סמערגעל, מיין איינציגע משפחה אין אמע־ריקא — האָט אנגעהויבען אויף מיר צו קוקען ווי אויף א פּערפּאַ־לענעם. וואָס האָט מעהר קיין האַפנונג ניט צו מאַכען א לעבען. זי פלעגט מיר אנהויבען ארייננווארפען שטעכווערטלאך, אַז איך בין א שלים־מזל, פּונקט ווי איך אליין וואָלט דאָס גאָר ניט גע־וואוסט...

זי פלעגט מיר האַלטען אין איין פרעגען, וואָס איך האָב גע־טהאָן אין דערהיים, אין זאַסלאַקאָווינע.

מיין תירוץ פלעגט זיין אַז אין דערהיים בין איך געוועזען א איד א בעל־הבית מיט לייטען גלייך, מיט א ווייב מיט קינדער, מיט אַן אייגענע שוויגער און מיט א „שטאַט" אין שוהל. אַז אַלע האָ־בען געקענט פּלטיאל כאַצקעל בראַטעלניצקי... זי אַבער, מי־סעס סמערגעל הייסט דאָס, פלעגט מיך אויסהערען און שמייכלען.

דער האַזיגער שמייכעל איהרער פלעגט מיר ממש מקצר זיין די יאָהרען.

איינמאָל, ריידענדיג מיט מיר מכח פרנסה, טהוט מיר מיסעס סמערגעל א זאָג.

—איהר ווייסט, מיסטער, דאָ געפינט זיך ערגעץ נאָך א זאַסלאַ־קאָווינער שוהל איך האָב געהערט, אַז זי איז „קאָנאָנאַרע" (קיין עין הרע) אנגעפּיקעוועט מיט לאַנדסלייט. כלעבען טהוט דאַר־טען א געה, אפשר וועט אייך א לאַנדסמאַן אַן עצה געבען וואָס

צו טהאן. איהר מוזט דאך אנהויבען פעררדיענען. אייער רישע גיטקע וועט שוין באלד וועלען פון אייך געלד און דא וועט מען אייך אויך ניט האלטען אומזיסט...

דאס איז ווידער געווען אן אנצוהערענים, אז איך קען מעהר ביי איהר ניט זיין, נור נאך מיין ערפאהרונג אין דער ערשטער זאסלאקאווינער שוהל מיט מיינע לאנדסלייט, האב איך זיך שוין מיט דער צווייטער שוהל ניט צופיעל געפרעהט. איך האב אבער קיין אנדער ברירה ניט געהאט און בין אוועק. האב נאכגעפרעגט און האב געטראפען. צווישען אידען קען מען ניט בלאנדזשען. זיי האבען מיך צוגעפיהרט ביז צום שוועל פון דעם צווייטען זאסלאקאווינער מקום קדוש.

איך בין געקומען פונקט נאכ'ן דאווענען. נאך „עלינו". אבלים האבען געזאגט קדיש. נו, — האב איך געטראכט — צו שפעט. איצט וועט דער עולם געהן א היים און מען וועט צושליעסען די שוהל. ערשט, איך גיעב א קוק, זיי קלייבען זיך צוזאמען אלע אין איין גרומארע און פאנגען אן שרייען „מאגעדזש"! „מאגעדזש"! (מארטגעדזש) פריהער האט מען „געמאגעדזשט" אין דער שטיל. באלד אבער האט דאס אנגעהויבען צו „מאגעדזשען" אין דער הויך, מיט התפעלות.

עפעס איינער א הויכער, א גראבער איד מיט א דיקען בויך און מיט א צילינדער הוט אויפ'ן קאפ (איך האב איהם פון זאסלאקאווינע ניט געקענט), האט געשריען מיט קולי קולות, אז ער וועט צוריקציהען פון שוהל דעם „מאגעדזש" און אידען וועלען דאן שפרינגען „קדוש" אויפ'ן „גארנער" (קארנער)...

איך בין געשטאנען א צוטומעלטער און האב ניט געוואוסט וואס דא טהוט זיך. אין מיין סידור איז אזא פזמון ניטא. איך האב נאך אין מיין לעבען ניט געזאגט קיין מאגעדזש, ניט פאר'ן דאווענען און ניט נאכ'ן דאווענען... ביי אונז אין זאסלאקאווינע זאגט מען דאס ניט. קיינער זאגט דאס ניט, אפילו דער רב אויך ניט... מיטוואך אין דער פריה נאכ'ן דאווענען זאגט מען ביי אונז דעם קליינעם „לכו נרננה" און פרייטאג צו נאכטס זאגט מען „מגן

אבות" אבער ניט „מאגעדזש". איך האב פערשטאנען, אז דאס מוז זיין אן אמעריקאנער תפלה...

מען האט אבגעזאגט „מאגעדזש", האב איך זיך גענומען ארומקוקען און האב גלייך דערזעהן צוויי זאסלאקאווינער לאנדס־לייט מיט אמאל.

— שלום עליכם פלטיאל חאצקעל כראבעלניצקי.

— שלום עליכם שמעיה זעליג כאמכאקאווסקי.

— שלום עליכם יאכצע ברוך ברודניקאף.

— וואס הערט זיך עפעס אין זאסלאקאווינע ?

— וואס זאל זיך הערען ?

— וואס מאכט מען דארט ?

— וואס זאל מען מאכען ?

— וואס טהוט עפעס דאס שטעדטעל ?

— וואס זאל זי טהאן ?

אט אזוי האבען זיי מיר געפרעגט און איך האב זיי געענט־פערט אויפ'ן היימישען שטייגער, מיט א קשיא אויף א קשיא. אט אזוי האב איך זיי דערצעהלט, אז איך בין שוין דא א פאר וואכען און האב זיך ניט צו־וואס צו נעהמען. איך האב זיי פאר איינס געזאגט, אז דא רופט מען מיך מעהר ניט כראבעלניצקי, נור מיס־טער ליוואי.

קוים האב איך דאס אויסגערעדט, אז זיי לאכען זיך דאס פא־נאנדער: סטייטש ? יא, ס'טייטש ליוואי ? דו ביזט האך גאר א כהן !...

— איך ווייס — האב איך זיי ערקלעהרט א צושראקענער פונקט ווי אמעריקא וואלט זיך איבערגעקעהרט — איך בין אריינ־געפאהרען צו מיסעס סמערגעל, מיין שוויגער'ס שטיפשוועסטער'ס שני בשלישי אין קעלער, האט זי געזאגט, אז אזוי ווי מיין מאמע, א גוטע בעטערין זאל זי זיין, האט געהייסען לאה, דארף איך הייסען אין אמעריקא ליוואי... זי האט מיר געזאגט, אז במעט אלע אידען הייסען דא ליוואי.

— חלילה ! — האבען שמעיה זעליג און יאכצע ברוך גע־

קומען שרייען — חלילה וחס ! דיין נאמען איז קאהען, ס'גע־הערט אביסעל אן איינפאל פון א נארישע אידענע, א בהמה... איינער איז א כהן רופט מען איהם ליוואי !...

— אויך א דאגה — האב איך די זאך קאלט אוועקגעמאכט מיט דער האנד — זאל זיין ליוואי, זאל זיין קאהען, רופט מיך אפילו קנאק־ניסעל, אבי זאגט מיר וואס הויבט מען אן צו טהאן ביי אייך אין נעוויארק ? ווי פערדיענט מען עפעס אויף חיונה ?

— אויך א זארג — האט זיך אבגערופען שמעיה זעליג.

— אויך א קונץ !—האט זי אויסגעלאכט יאכצע ברוך—אין אמעריקא מאכט יעדערער א לעבען, וועמט נאך זיין „אלל רייט".

— נא — טראכט איך — לאמיך זיין „אללערייעט", אבי איך זאל האבען פרנסה...

דא אבער האט זיך אנגעהויבען פאר מיר א נייע סדרה מיט צרות : מיינעביידע לאנדסלייט מיט אמאל האבען מיר געוואלט העלפען, פשוט גליקליך מאכען...

שמעיה זעליג כאכמאקאווסקי האט מיך געוואלט ארייננעה־מען ביי זיך אין שאפ און מיך מאכען פאר אן „אפרייטער" און יאכצע ברוך ברודניקאף, וועלכער האט געהאט א „פעדלער סטור־פאי" (פעדלער סופליי), האט מיך דוקא געוואלט מאכען פאר א פעדלער. איך בין געווארען א צומישטער און ניט געוואוסט וואס איך זאל פריהער ווערען, אום ניט צו ווערען א בר מנן... דער־ווייל האבען זיי מיר ביידע אריינגערוקט זייערע אדרעסען און איך בין אוועק זיך מיישב זיין מיט מיין שווינער'ס שטיפשוועסטער'ס שני בשלישי

ווען איך האב איהר דערצעהלט ווי זאסלאקאווינער לאנדס־לייט ווילען מיך פערזארגען, האט זי ניט געטראכט און געזאגט, אז איך בין שוין א „געמאכטער מענש"... אז ביידע זאכען זייר־נען וואויל ווי די וועלט. „אן אפרייטער — האט זי מיר ער־קלעהרט — איז א גאלדענע מלאכה אין אמעריקא און א פיידלער איז אויך א בריליאנטענע זאך, פעדלער — האט זי [illegible] כערט מאכען „שמויקער גאלד"...

איך האב זיך בערעכענט, אז עס איז גלייכער ניט צו כאפען, אז איידער איך וועל זיך נעהמען צו דער „בריליאנטענע זאך", וועל איך פריהער פרובירען די „גאלדענע מלאכה".

מעהר האב איך ניט געקלעהרט. איך בין אוועק צו שמעיה זעליג'ען, אדער ווי ער האט דא געהייסען סעמיאל גאלדשטיין, אהיים. ער האט געוואוינט ווי א גראף... איך האב מיט איהם אבגעמאכט. איך האב זיך געשטעלט ביי איהם דערוויייל אויף א חודש. ער האט מיר צוגעזאגט צו מאכען פאר א לייט. אז א לאנדסמאן, זאגט ער, וויל איינעם מאכען פיר א לייט איז ניטא וואס צו קלעהרען, וועט ער מז הסתם מאכען...

און ער האט זיך א נעהם געטהאן אויפ'ן ריכטיגען שטייגער מיך צו מאכען פיר אן אמעריקאנער בעל הבית.

ערשטענס, האט ער מיר געזאגט, אז איך דארף גאר ניט זיין ביי מיסעס סמערגעל. איך קען שלאפען ביי איהם אין שאפ ווי א פריץ און פערשפארען לייטישע טובות. איך וועל הייסט דאס זיין דערוויייל ביי איהם אין שאפ א „פאטש מאן" (וואטש מאן). א וועכטער, אין דער פריה וועל איך מאכען פייער אויפ'ן קוימען און צושטעלען די אייזענס. ווען די ארבייטער וועלען קומען אין דער פריה זאלען זיי שוין געפינען הייסע אייזענס...

וואס הייסט אזעלכעס „אפרייטער", האב איך נאך אפילו ניט געוואוסט. איך האב פערשטאנען, לויט מיסעס סמערגעל'ס ווער־טער „א גאלדענע מלאכה", אז אז אפרייטער מוז זיין א מין גאלד־שמיד. א „גאלדענע מלאכה" איז א מלאכה פון גאלד. איך בין שוין געווארען אביסעל גדול'דיג ביי זיך...

דערוויייל האב איך אוועקגעשיקט א בריעף צו מיין אידענע אז איך בין געווארען א גאלד־ארבייטער אין אמעריקא, אז איך האב אפילו געהאט די ברירה זיך צו נעהמען פאר א „בריליאנטע־נע" מלאכה, נור איך האב ניט געוואלט כאפען. איך וועל זעהן, ווען מיר די „גאלדענע מלאכה" געפעלען, איז רעכט, ווען ניט, וועל איך זיך א נעהם טהאן צו די בריליאנטען...

דער כלל, איך בין גליקליך.

דערווייל אבער, איידער וואס ווען, בין איך הונגעריג ווי א הונד, עס ציהט אין הארצען, אז איך שטארב. איך האב זיך אבער ניט אבגעלאזט. בין האסטיג אוועקגעלאפען צו מיסעס סמערגעל אין קעלער, האב צונויפגעבונדען מיין ביסעל ארעמקייט און בין גלייך אוועק צו שמעיה זעליג'ען אהיים. ווען פרוי שמעיה זעליג האט מיך דערזעהן מיט מיין פעקעל גרינע צרות, האט זי מיך ניט אריינגעלאזט אין הויז און מיר געהייסען געהן אין שאפ...

— א דאגה מיינע — האב איך געקלעהרט — זאל זיין אין שאפ פון גאלד ארבייט איז אודאי ניט שלעכט... נור ווי שלעפט מען זיך דאס אריין מיט א פעקעל אין א שאפ פון גאלדענע כלים ?... נור דאס איז א קנאפע זארג, איך וועל דערווייל אוועק־לייגען דעם פעקעל ערגעץ אין א ווינקעל...

איך געה און עס קלאפט מיר אין הארצען. איך קום צו דער אדרעס פון שאפ דאס איז עפעס א שמוציגע, פערפוילטע פער־עפוש'טע הינטער־הויז פון א בלאטיגע, נבזה'דיגע געסעל. מען זאל אין אזא מקום ארבייטען א „גאלדענע מלאכה" האט זיך מיר ניט געגלויבט. איך געה אויף די קליינע, שווארצע, פינסטערע טרעפלעך און הער ווי עס רוישט און טומעלט כאטש פערטויבט צו ווערען.

איך עפען די טהיר, — א גיהנום !

עס איז א שניידערנע. מען נעהט, מען פרעסט, מען שניידט סחורה, מען שניידט זיך א קריעה... מיין איך דאך, אז איך האב ניט געטראפען און פערקערעווע זיך שוין אויף צוריק. איך הער מען שרייט „לאנדסמאן", „לאנדסמאן" !... איך גיב א קוק, שמעיה זעליג כאכמאקאווסקי ניין, סעמיאל גאלדשטיין...

— מיר האט זיך געדאכט, אז איך האב א טעות — האב איך געשטאמעלט א צוטומעלטער

חברה האבען מיך דערווייל בעמערקט מיט'ן זעקעל אויפ'ן פלייצע, האבען זיי גענומען זינגען „המלך". פלוצלונג האב איך

געכאפּט אַ „שניט" מיט אַ בינטעל רעק אין פּאַטילניצע, אַז איך האָב זיך שיער אויסגעצויגען פאַר וועהטאָג.

— האָסט נימ קיין מעות, לאַנדסמאַן — האָט שמעיה זעליג, מיין איך גאָלדשטיין, געזאָגט — נעהם אראָב דיין זעקעל פון פּלייצע און לייג איהם דאָ נעבען מיר אין ווינקעל. אַן, דו זעהסט יענעם אפּרייטער! — האָט ער מיר אָנגעוויזען אויף אַ שטעפּער ביי אַ מאַשין — ער וועט דיר אויסלערנען די מלאכה... מאָר־גען פריה וועט ער דיר שוין אריינגעהמען אין דער ארבייט... דערווייל קענסטו אביסעל ארויסגעהן, קום אויף דער נאַכט, וועסטו דאָ נעכטיגען...

איך האָב זיך קוים אַ לעבעדיגער ארויסגעכאַפּט פון דעם דאָ־זיגען כף הקל און האָב גענומען ארומגעהן מיט שרעקליכע מחשבות, אַ טויט הונגעריגער איבער די גאַסען. איך בין געגאַנגען און גע־וויינט ביז עס איז געוואָרען פינסטער. דאַן בין איך געקומען ווידער אין שאָפּ און האָב איינגעדרוימט מיין לאַנדסמאַן אין אויער אַ סוד, אַז איך האָב היינט נאָך נימ געגעסען. ער האָט אריינגעשטעקט די האַנד אין קעשענע און ארויסגענומען צעהן סענט און מיר געגעבען...

די ארבייטער זיינען דערווייל אוועק אהיים. מיין לאַנדסמאַן האָט מיר איבערגעגעבען, דעם שליסעל פון שאָפּ. ער האָט מיר געוויזען וואו איך וועל דאָ שלאָפען... ווי איך זאָל אין דער פריה מאַכען פייער אויפ'ן קוימען און ווי איך זאָל אוועקשטעלען די דעם וועק־זייגער, איך זאָל ניט פערשלאָפען, און האָט מיר אָנגע־זאָגט איך זאָל ניט לאָזען בע'גנב'ענען דעם שאָפּ, אַז איך האָב אַ רעכט אַ גנב צו הרג'ענען אויף טויט... אליין האָט ער זיך אָנגעטהאָן און איז אוועק און איך בין געבליבען אליין...

— נו, רבונו של עולם — קלעהר איך — מעהר האָט מיר ניט געפעהלט אין אמעריקאַ ווי צו היטען גנבים און איך זאָל זיך דאָס געהן מיט זיי שלאָגען... איך, דער העלד, דער גרויסער גבור. וואָס האָט נאָך היינט קיין ביסעל וואַרעמס אין מויל ניט

געהאט. געה, זיי מיר א גזלן, הרג׳ע מענשען, אז איך קען זיך קוים א ריהר טהאן... נישט קשה פון א שטיקעל ארבייט פאר מיר. צו די אלע צרות זאל איך נאך ווערען א שניידער... ווע־מען זאל דאס איינפאלען אז „אפרייטער" איז גאר א שניידער ביי דער מאשין. פוי, צו מיינע שונאים׳ס קעפ!...

איך בין נאך אראב אונטען, האב געקויפט א קארענעם קו־כען מיט א זויערע אוגערקע און האב זיך „אונטערגעלעהנט דאס הארץ"... האב געדאווענט מעריב, געלייענט „קריאת שמע", אראבגעדרעהט די גאזע און זיך געלייגט אויף א טהייערען גע־לעגער שלאפען...

נור וואס איך לעג זיך אנידער און הויב אן דרעמלען, איך הער אימיצער קאראפקעט זיך, איך ווער א צוציטערטער. איך הער ווידער, אימעצער איז דא... איך דעק זיך אריבער איבער׳ן קאפ און ליעג אין געהאקטע וואונדען און ציטער ווי א בלאט... איך הער זיך ווידער איין, מען געהט, מען קומט, מען ריהרט מיר שוין מיין צוקאפענס... „פלטיאל חאצקעל בראכעלניצקי" — טראכט איך — „זאג ודוי, ביזט שוין א פארטיגער, ביזט אריינגע־פאלען צו א לאנדסאן, ער וועט דיך מאכען פאר א לייט... זיי געזונד רישע גיטקע, זיי געזונד מערע חיענקע, דו מיין עלטסטע טאכטער, זייט געזונד אלע, אלע, איך מוז שטארבען... איך וואלט שוין געווארען א גזלן, מיין כפרה די עברה... האב איך ערשטענס קיין כח ניט, בין פון קדמונים אן א איד א חלוש, קוים וואס איך לעב, צווייטענס האב איך סתם מורא, איך קען נאך חלילה ווערען א גע׳ממית׳טער...

איך בין אזוי געלעגען און עס האט מיך געטרייסעלט א צאהן אן א צאהן. ביז איך האב דערהערט דאס „מיאוקען" פון א קאץ... א שטיין איז מיר אראפ פון הארצען. איך האב אנגעהויבען פרייער צו אטהעמען.

ערשט איצט האב איך אויסגעפונען, אז דאס זיינען גאר ניט געווען קיין גנבים נור די קאץ, וואס מען האלט בכיון אין שאפ.

איך האב זיך געפיהלט, אז דאס איז געווען א נס און האב זיך א נדר געטהאן צו בענשען גומל, וואס איך בין נצול געווארען פון א סכנה...

# ליוואי ווערט א שמש.

ווי עס שיינט בין איך געווען אזא שלים־מזל, אז איך האב קיין גליק ניט געהאט אפילו צו קיין לאנדסליים. דען איך בין ביי מיין לאנדסמאן שמעיה זעליג באבמאקאווסקי, דאס הייסט ביי סעמיאל גאלדשטיין אין שניידער־שאפ ניט לאנג געבליבען.

צייט איך האב אויסגעפונען, אז אן „אפרייטער" איז ניט קיין „גאלדענע מלאכה", ווי מיין שוויגער'ס שטיפשוועסטער'ס שני בשלישי, מיסעס סמערגעל, האט דאס מיר פארגעשטעלט, און צייט יענער שרעקליכער נאכט אין שאפ, וואו איך האב גע־נעכטיגט אלס וועכטער און בין שיער געשטארבען פאר מורא, האב איך געציטערט פאר שניידעריי, ווי פאר פייער, און האב געזוכט דערפון זיך ארויסצודרעהען.

דערצו האט זיך נאך אונטערגערוקט עפעס א טשיפטשיקא־ווער חברה „ק"ק כל ישראל אנשי טשיפטשיקאווע" און האט גע־דונגען שמעיה זעליג'ס שאפ פאר א „שוהל" אויף די „מורא'די־גע טעג" ביז איבער סוכות...

מיין מעסטעל צרות איז דאן פול געווארען ביז איבער אויבען.

די דאזיגע ק"ק כל ישראל האט גענומען, עפעס א „סעקאן דענ־דיגע" (סעקאנד הענד), אבגעניצטע ספר תורה אויף אבצאהלען ביז איבער די ימים טובים און האט געקויפט א שופר צו בלאזען, און א זילבערנע טייטעל פאר'ן פרעזידענט צו טייטלען... די חברה האט אויך אריינגעשטעלט אין שאפ א סטענדעל מיט א פערזשאווועטער, מעשענער מנורה און האט דאס אלץ מיר אנגע־טרויט. געמאכט מיך פאר איהר שמש, און פערזאגט, אז איך זאל היטען דעם ספר. דען אזוי ווי די חברה ק"ק כל ישראל אנשי

טשיפּטשיקאַווע האָט „צוויי צדדים". קען זיך חלילה איין צד אונטער רוקען ביי נאַכט און צונעהמען אויף להכעיס די פרעמדע ספר תורה...

קיין געלד האָט מען מיר פאַר מיין אַרבייט ניט געגעבען, דערפאַר אָבער האָבען די חברה־לייט צוגעזאָגט ראש־השנה און יום כפור פאַר מיר צו „שנדר'ן". דער פּרעזידענט, אַן אייגענטהימער פון אַ קעלער מיט אַלטע שיך אין בעקסען (בעקסטער) סטרים, האָט מיר פערזיכערט אויף זיינע אחריות, אַז מען וועט מיך ניט קריוור־דען.

— חברה, — האָט ער געזאָגט — איז ניט קיין נזלן.

ביז איך שוין הייסט דאָס געווען דריי זאַכען: אַ שטיקעל אפּרייטער, אַ שאָפּ־וועכטער און שמש אין אַ שוהל... און ביז שיער, שיער געוואָרען אַ פּיערטע זאַך אויך: — אַ בר מנן, דען פון אַלע זאַכען האָב איך זיך אויסגעצויגען פאַר הונגער און פלעג ניט פערזוכען גאַנצע טעג קיין לעפעל וואַרעמעס.

מיין לאַנדסמאַן שמעיה זעליג כאַכמאַקאַווסקי איז צו מיר אויך ניט געווען אַזוי ליובע־האַרצע. דערצו פלעגט ער מיך מיט אַ כיון רופען אין דער הויף מיט מיין „גרינעם" נאָמען פלטיאל חאַצקעל כראַכעלניצקי, כדי אַלע אַרבייטער זאָלען הערען און לאַ־כען... איבער געצאָהלט האָט ער זיך אויך ניט, כאָטש ער האָט מיך געמאַכט אַרבייטען ווי אַ פערד

נור פון דעסטוועגען וואָלט איך אפשר ווי עס איז מיט דער צייט געוואָרען ביי איהם אַ גאַנצער אפּרייטער, ווען ניט די ק"ק כל ישראל אנשי טשיפּטשיקאַווע, וועלכע האָט מיר פער'מאוס'ט דעם שאָפּ, אַז איך האָב דאָרט מעהר ניט געוואָלט זיין. דען איך האָב שוין גענומען בערעכענען אַז שניידעריי איז אַ פּראָפעסיע ווי אַלע פּראָפעסיעס, אַז שניידעריי איז ניט קיין אַרויסגעוואָרפענע מלאכה אין אַמעריקאַ. וואָס איז שניידער שאָפּ ערגער ווי אַן אַנדער שאָפּ?

איז מיר אָבער די שמש'עריי דוקא אין שאָפּ דערגאַנגען די יאָהרען. נעה, הינט מיר טשיפּטשיקאַווער חברה־לייט זיי זאָלען

נים ארויסטראגנן דעם געבארגטען ספר ? א סך וועסטו זיי איינהיטען ! דערצו זאל איך נאך היטען צ ו ו י י ע ר ל י י גנבים: סתם גנבים און „כל ישראל" גנבים, און אלץ אין שאפ, און אלץ ביי א לאנדסמאן, דאס איז געווען צופיעל פאר מיינע ארעמע כחות.

ביי טאג פלעג איך דרעהען דעם רעדעל כמעט אומזיסט, פאר דריי טאלער א וואך און ביי נאכט האב איך געדארפט זיין א דאַ־פעלטער וועכטער. דאס האט מיר אזוי דערעסען, אז איך האב נים געקענט אויסהאלטען.

דער פרעזידענט האט מיר אויך ארייגגערוקט מיט גוואלט שוהל־„טיקעס" (טיקעטס) צו פערקויפען. איך האב ממש גע־וויינט און זיך געבעטען: „סטייטש, איך בין דאך א פרעמדער, איך קען ׳קיינעם נים, וועמען זאל איך פערקויפען טיקעס" ?

ער האט מיר אבער ערקלעהרט, אז ער קען זיינע „קאסטע־מעס" (קאסטימערס) אויך נים, פון דעסטוועגען האלט ער א „בייסטמאן" (בייסמענט) מיט שיך.

— מען דארף נור האבען די סחורה — האט ער מיר געזאגט — קאסעמער" קען מען שוין קריעגען... שוהל טיקעס" זיינען סחורה. אידען קענען נים פאלען כורעים אויפ׳ן סיים־וואק (טראַ־טואר).

מילא, האב איך גענומען „טיקעס" און האב זיי געזוכט צו פערקויפען. מען האט זיי ביי מיר צובארגט מיט דעם צוזאג, אז מען וועט מיר שוין באצאהלען צוזאמען מיט׳ן געלד פאר׳ן אתרוג בענשען...

געהן, רעכענען אויף אז אונגליק, דאס איז מיר גאר נים איינ־געפאלען. וועלכער איד, וועלכע אידענע וועט דאס נים בעצאהלען פאר א שוהל־„טיקעס" ? זיי געהען דאך אין שוהל גאט בעטען אויף א גוט יאהר. האב איך גאר נים געפרעגט און גענעבען יעדען, וואס האט נור געוואלט... דערביי האב איך זיך געפרעהט. איך האב שוין קיין עין הרע אזוי פיעל אתרוג־בענשער. איך האב גענומען רעכענען וויפיעל געלד מיין רישע ניטקע וועט דאס פון

מיר בעקומען אין זאסלאַקאווינע. איך האָב שוין געקוואַלען, קוי־קענדיג אין דער מחשבה ווי שעהן מיין אידענע מיט די פּופּקעס זיינען אויסגעפּוצט. ווי אַלע זאסלאַקאווינער בעל הבית׳טעס זיי־נען „מיינער" מקנה, עסען איהר פּראַסט מיט די אויגען...

נו, נו, האָט מען מיר בעצאָהלט פאַר שוהל־טיקעס, אַז איך האָב נאָך צייכענס אויפ׳ן לייב און אויב איך האָב קיין טעות נים, טראַג איך צייט דעמאָלט אַ ברוך־גאַרטעל...

איך האָב „אויספערקויפט אַלע טיקעס, עס האָבען נאָך אויס־געפעהלט... איך האָב ניט געוואוסט, אַז „ק"ק כל ישראל אנשי טשיפּטשיקאָווע" האָט געדרוקט „טיקעס" סתם אין דער וועלט אריין, כאָטש אַנפּילען די גרעססטע קאַזאַרמע. מיר איז גאָר ניט איינגע־פאַלען די שאלה: ס׳טייטש, וואו וועלען זיך דאָ אַלע מענשען אהינטהאָן? איך האָב זיך נור געפרעהט מיט מיין צוקינפטיגע מחנה אתרוג־בענשער און טאַקי מיט די „שנדר׳ער": אידען וועלען דאָס אַנהויבען צו וואַרפען אויף מיר טאַלערס, אַז איך וועל פשוט שווימען אין „ממתקים"...

ערב ראש השנה האָט מען ביי אונז ניט געשאַפט. איך אָבער האָב געאַרביים מיט דער גאַל, שונא ישראל, צו ברענגען אַלץ אין אָרדנונג. איך האָב אויסגעשוויצט אפשר אַ טאָפּ שוויים אויף דער מנורה פון דער ק"ק כל ישראל, ביז איך האָב איהר אַרויסגע־שייערט אַ שטיקעל מעשענעם פּנים... איך האָב געוואַשען, גע־רוימט, צוגעקליעבען. פערשלאָסען די בינטלעך ניט געמאַכטע רעק,ווייל ווי עס לאָזט זיך אויס אַמאָל, זאָל חלילה ניט פערפאַלען ווערען אַ בינטעל... איך האָב אָוועקגעשטעלט אַ ביגעל־באַק פאַר׳ן בעל תפילה נעבען עמוד, ווייל מען האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז אַ ג ר ו י ס ע ר חזן אָבער ק ל י י נ ע ר מענש... ער מוז זיך אויף עפּעס שטעלען מען זאָל איהם אַרויסזעהן... איך האָב צוטרענט עטליכע אַלטע זעק און נאָך עפּעס אַן אַלטע זאַך, האָב דאָס אַלעס צונויפגענעהט אויפ׳ן מאַשין און דערמיט פער־האַנגען אַ שטיק שאָפּ, געמאַכט אַ מין ווייבערשע שוהל...

ווען איך האָב נאָכדעם אַ קוק געטהאָן ווי איך האָב געמאַכט

פון א שאָפ א „מקום קדוש" האָב איך זיך אליין א קניפּ געטהאָן אין בעקעל:

„בראבעלניצקי — האָב איך געטראכט — ביזט נאָך ניט קיין פערלאָרענער אין אמעריקא, נישט קשה וועסט זיך ארויף ארביימען. דארפסט נור „טראַיען" וועסטו זיין „אלע רייעט". גאָט צו דאַנ־קען, וועסט טויגען...

ראש השנה אין אָבענד איז אפילו געווען שטאַרק ענג, אָבער קיין בעז, מען האָט זיך ווי עס איז צונויפגערוקט... מאַנכע האָ־בען אפילו געבורטשעט און געקוקט אויף מיר מיט רציחה מיך צו דער׳הרג׳ענען...

איך ווייס ניט, וואָס זיי האָבען געהאַט צו מיר.

דער אמת׳ער „יום הדין" האָט זיך ערשט אָנגעהויבען דעם ערשטען טאָג ראש השנה אין דער פריה: גאָט׳ס מיליטער האָט זיך אָנגעהויבען קלייבען און זאמלען פונקט ווי אויף א מלחמה, יאָ, א מלחמה מיט׳ן שטן...

דער שאָפּ איז געוואָרען פול, געפּאַקט פון וואַנט צו וואַנט. איך לויף ארום ווי א צומישטער און קוק זיך איין. מען שטעהט אויף די טרעפּ, מען שטעהט אונטען אין הויף, מען שטעהט שוין פאָרענט אין גאַס, מען קריכט אויפ׳ן דאַך, מען קריכט פשוט אויף די גלייכע ווענט. מען בונטעוועט זיך, מען שטופּט זיך, שטויסט זיך, קוועטשט זיך, שילט זיך, מען שרייט, מען מאַכט זיך רוסישע, „מי שבירך׳ס"...

ערשט איצט האָב איך געכאַפּט פערשטעהן, אז דער בראָך איז א פאַרטיגער, און איידער איך האָב צייט געהאַט די גאַנצע מעשה אליין צו פערשטעהן האָט מען מיר געגעבען צו פער־שטעהן...

דער פּרעזידענט איז געשטאַנען אין מזרח וואַנט מיט׳ן טלית איבער׳ן קאָפּ און האָט גאָר ניט געזעהן און גאָר ניט געהערט, ער איז געווען — ניט פאַר אייך גערעכט — אביסעל טעמפּ אויף דער שמיעה, ער האָט ניט דערהערט... דער חזן איז געווען א ברעד־קעל, א פּיצעל מענש, אז כאָטש ער איז געשטאַנען אויף א בינעל־

באק האט מען איהם דאך ניט אנגעזעהן. דער איינציגער, וואס האט זיך אלעמען געווארפען אין די אויגען, איז געווען א י ך. איך ארעמער „גרינהארען" און קלאגענדיגער אפרייטער־שמש... יא, איך אונגליקליכער, שלים־מזל'דיגער פלטיאל חאצקעל בראבעל־ניצקי, אדער ליוואי, אדער קאהען (עס איז מיר שוין דאן געווען גאנץ עגאל ווי מען זאל מיך ניט רופען; עס האבען מיר שוין קיין נעמען ניט געפעהלט...) איך האב זיי געהערט גענוג... מען האט זיך א נעהם געטהאן צו מיר פון אלע זייטען. מענער ווייבער און ווייבלעך, עס האט מיר געקלעקט. אלע האבען זיי געשריען און געליארעמט, איך זאל זיי אוועקגעבען צוריק דאס געלד פאר די „טיקעס". פון די קולות האט מען געקענט משוגע ווערען. אפילו די, וואס האבען מיר נאך גאר ניט בעצאהלט, האבען אויך געבעטען דאס געלד צוריק...

איך בין שיער אראב פון זינען.

איהר קענט זיך פארשטעלען ווי איך האב דאן אויסגעזעהן, וואס פאר א פנים איך האב געהאט און ווי מיר איז געווען אויפ'ן הארצען.

איך האב שוין געזעהן ווי מען וועט „ש'נדר'ן" פאר מיר, ווי מען וועט ביי מיר שפעטער אתרוג בענשען און ווי איך וועל שי־קען געלד אין זאסלאקאווינע...

מען האט אויף מיר צוריסען דעם טלית, מיט דער קאפאטע, מען האט מיר אפילו אראב געריסען די יארמולקע פון קאפ, און איך האב געמוזט אויפזוכען און אנטהאן מיין „גרינע", היימישע היטעל מיט'ן אבגעקראכענעם דאשעק, — איך האב אויסגעקוקט א לייט !...

פון די קלעפ, טומלענים און ערגערנים בין איך אבגעלעגעןביידע טעג ראש השנה א קראנקער. אין די „צעהן טעג", צווישען ראש השנה און יום כפור, האט „ק"ק כל ישראל אנשי טשיפעטשי־קאווע" געהאט יעדען בעגינען א מנין אין „מיין" שאפ, געשנדר'ט האבען פאר מיר נור איינינע „בעלי הבתים", דאס געלד אבער האבען זיי מיר געהייסען פערשרייבען אויפ'ן ביכעל...

ערב יום כפור האט דער פרעזידענט, מיסטער קורטשיק, אנ־געהויבען ביי מיר צו מאהנען דאס געלד פאר די „טיקעס" און ווען איך האב איהם געוויזען מיין צוריסענעם טלית מיט דער קאַ־פּאַטע און מיינע צובראכענע ביינער און די „שווארצע חתימה" אונטער די אויגען, האט ער גערדראהט, אז ער וועט ארוים געהמען געגען מיר א „ווארט־ניט" (ווארענט) און וועט מיך לאזען „נאַ־רעצטען" (ארעסטען), דערפאר, וואס איך האב פערכאפּט „קהל'־שע געלד"...

ערשט דאן האב איך פערשטאנען מיט אן אמת ווי מיין לאנדסמאן שמעיה זעליג כאכמאקאווסקי האט מיך געמאכט פאר א ליים. וואס פאר א „גאלדענע מלאכה" ער האט מיר אויסגע־לערענט, וואס פאר א טהייערע דירה ער האט מיר געגעבען און וועל־כען לוין ער צאהלט מיר. איך האב איהם געשאלטען מיט מיין גאנצען כח און געוויינט טאקע ווי ערב יום כפור.

---

## ליוואי האט אן אתרוג.

נייז, עס איז קיין תכלית ניט. איך בין שוין דריי חדושים אין אמעריקא און האב נאך אלץ ניט וואס צו טהאן. מיר איז נאך איצט ערגער ווי דעם ערשטען טאג ווען איך בין דא אריבער גע־קומען.

דעמאלט האב איך כאטש געהאט א שטיקעל משפחה ביי וועמען צו וואוינען. איך מיין מיסעס סמערגעל, מיין שוויגער'ס שטיפשוועסטער'ם שני בשלישי, איצט אבער האב איך קיינעם ניט.

פון מיסעס סמערגעל בין איך אוועק אביסעל בעזליך און ביי מיין לאנדסמאן שמעיה זעליג כאכמאקאווסקי אין שניידער־שאפ בין איך שוין ניט מעהר.

איך בין ניט מעהר קיין שאפ וועכטער, און לעהרן ניט מעהר

די „גאלדענע מלאכה" פון אפרייטאריי. קיין שמש ביז איך שוין אויך ניט. פון מיין שמש'עם האט זיך אויסגעלאזט א בוידים.

די ק"ק כל ישראל אנשי טשיפטשיקאווע האט מיר פיר מיין ארבייט ניט בעצאהלט קיין רויטען גראשען. עס איז מעהר גאר אזא חברה אויף דער וועלט ניט געווען. ראש השנה און יום כפור איז נאך ווי עס איז געווען „שלום" צווישען די צוויי צדדים. איך האב געהיט דעם ארון קודש און קיינער פון די חברה ברידער האט דעם געבארגטען ספר ניט ארוים גע'גנב'עט.

שמחת תורה אבער איז געשעהן א שערמיצעל.

חברה האט אביסעל „איבער געכאפט די מאס" און די מלחמה האט אויסגעבראכען.

קיינער איז ניט געווען צופריעדען מיט זיין „עליה".

פריהער האט מען זיך גענומען מאכען „קאמפלימענטען", דאן האט מען זיך מכבד געווען מיט פעטש און דעם גאנצען גרימצארען האט מען נעבעך אויסגעלאזט צו דער פרעמדער ספר תורה.

יעדער „ברודער" האט איהר געשלעפט צו זיך, יעדערער האט געוואלט די גאנצע תורה, נאר אזוי ווי דאס האט דאך ניט געקענט זיין, האבען זיי איהר אזוי לאנג געשלעפט, געצויגען און געריסען ביז זיי האבען איהר איבער גריסען איבער העלפט.

דער פרעזידענט מיסטער קורטשיק, דער שוסטער פון אלטע קאמאשען, איז געבליעבען מיט א שטיק צוריסענעם ספר אין האנד און געשריען.

דאס הארץ האט מיר געשניטען קוקענדיג אויף דער צוריסע־נער תורה...

געענדיגט האט זיך די געשיכטע מיט „פריזענט" (פריזען). יא, מען האט ארייגעזעצט אין תפיסה מיסער קורטשיק דעם פרעזידענט און נאך עפעס א פאאר. מיין לאנדסמאנ'ס שמעיה זעליג כאכמאקאווסקי'ס שניידער־שאפ איז געווארען אוים „מקום קדוש", די ק"ק כל ישראל אנשי טשיפטשיקאווע איז געווארען אוים חברה און איך שלים־מזל בין געווארען אוים שמש...

איך האב מעהר אין שאפ ניט געקענט זיין. מיר האט זיך אלץ געדאכט, אז די ספר תורה ליעגט אויף דר'ערד א צוריסענע און שרייט: „אידען, האט רחמנות". די געשעהעניש איז מיר א לאנגע צייט ניט ארוים פון זינען און אפילו איצט קען איך דאס אויך ניט פערגעסען. איך בין געזעסען א צומישטער. ביי אונז אין שטעדטעל אין זאסלאקאווינע, וואלט אזא זאך קיינמאל ניט פאסירט...

פון מיין אתרוג־בענשען, אויף וועלכען איך האב זיך אזוי געריכט, האב איך אויך גאר ניט געהאט. שמעיה זעליג כאכמא־קאווסקי האט מיר אפילו אויסגעבארגט אויף אן אתרוג. איך האב פרובירט זיך לאזען מיט איהם צו מאנכע פון די „בעסערע" חברה ברידער אהיים, זייערע ווייבער און קינדער זאלען אתרוג בענשען, האב איך אבער געהאט א מיאוס'ען אבשניט.

איך בין ארויפגעקראכען אין טשערי סטרייט אויף א פינ־סטערען, ברודיגען אויבער שטיבעל. א אידענע איז געזעסען שוין אפשר צוויי מעת לעת נאך וועטשערע. אויף דעם האבען עדות גע־זאגט די צובראכענע בענקלאך און דער הינקעדיגער טישעל און דאס גאנצע רחמנות'דיגע הויז־ווירטשאפט. איך האב פערשטא־נען, אז די אידענע דארף ניט מיין אתרוג־בענשען, אז איך וואלט פערדיענט מעהר מצוה ווען איך וואלט איהר עפעס געבראכט צו עסען...

זי האט מיר א טובה געטהאן און געבענשט אתרוג...

דערווייל איז האסטיג אויסגעוואקסען נעבען מיר א האלב־נאקעטער, בארוועסער אינגעל, און ווען איך האב איהם דערלאנגט דעם אתרוג צום בענשען האט ער אויסגעשריען מיט שמחה.

— זעה, מאמא, א לעמען! (לימינע) און האט ארייננעכאפט דעם אתרוג אין מויל און אבגעביסען דעם „פטום"...

ווען איך האב דאס דערזעהן בין איך שיער געפאלען אין חלשות פאר יסורים. אן אתרוג אהן א „פטום" איז אוים אתרוג, און אזוי איז טאקע געווארען א סוף צו מיין אתרוג־בענשען. איך האב זיך אפילו געפאטשקעט, געזוכט דעם „פטום" צי צוקלעפען

מיט קליי, אָבער א נעכטיגער טאָג. איך האָב נאָך געמוזט אָבּ־
ארבייטען א וואָך און בעצאָהלען שמעיה זעליגען פאר'ן אתרוג...

ערשט איצט האָב איך גענומען קלעהרען וועגען מיין צווייטען
לאַנדסמאַן־יאַכצע ברוך ברודניקאָף, וועלכער האָט געהאַט א פעד־
לער קראָם. אפשר וועל איך דורך איהם געהאָלפען ווערען. ער
האָט דאָך מיר אמאָל געגעבען זיין אדרעס און געזאָגט, אַז איך
וועל נאָך זיין „אָלע רייעט" אין אמעריקא.

דערווייל האָב איך אָ קארגע וואָך גענעכטיגט אמאָל דא אמאָל
דאָרט. מיט דער שאָפּ בין איך געווען אוים מחותן.

ווען איך בין געקומען צו יאָכצע ברוך'ן אין קראָם איז ער גע־
ווען אביסעלברוגז'לעך פארוואָס איך בין באַלד צו איהם ניט גע־
גאַנגען. ער האָט זיך אָבער גלייך איבערגעבעטען און האָט מיר
גענומען איינרעדען אַז איך זאָל ווערען א פעדלער.

— פּלטיאל חאַצקעל כראַבעלניצקי — האָט יאָכצע ברוך ברוד־
ניקאָף געזאָגט גאַנץ ערנסט — איך וועל דיר מאַכען פאר א מענ־
שען. דו מוזט ווערען א „קארטרי" (קאַנטרי) פעדלער. איך
וועל דיר ארויסהעלפען מיט סחורה. איך וועל דיר „אויספּיק־
צען" (אוים פיקסען) א פּאַר „פּארסקעטס" (באַסקעטס) וואארע
און דו וועסט זיך ארוים לאָזען פעדלען אין די „קארטרי". איך
וועל דיר געטרויען, וועסט מיר שוין בעצאָהלען, ביזט אַן עהרלי־
כער מאַן, איך קען דיך פון זאַסלאַקאָווינע. שמעיה זעליג כאַבּמאַ־
קאָווסקי האָט דיך געוואָלט מאַכען פאר א שניידער, איך וועל דיך
מאַכען פאר א סוחר, א „זשענטלעמאַן"... ניו יאָרק טויג ניט
פאר דיר, א צו גרויסע שטאָדט. צו קלוג פאר א גרינעם, דו ביזט
געבוירען פאר דער „קארטרי", פאר'ן דאָרף...

— איך קען אָבער ניט דעם לשון פון דער מדינה, — האָב איך
זיך ביי איהם געבעטען.

— נישט קשה — האָט ער געזאָגט — פון אָנפאַנג קען קיינער
ניט, איך האָב אמאָל אויך ניט געקענט... אין זאַסלאַקאָווינע
רעדט מען ניט קיין ענגליש... פערלאָז זיך אויף מיר, וועסט רעד־
דען ענגליש ווי א וואַסער, איידער דו וועסט זיך ארומזעהן ביסט

א געבארענער אמעריקאנער ; א „יענק" (יענקי). זיי א מענש, ביסט דאך עפעס א מענש, בעל הבית פון דער היים...

איך האב אנגעקוואלען פון זיינע רייד. „אט אזוי — האב איך געטראכט — רעדט אן אמעריקאנער, א סוחר... איך בין געווארען א סך שטייפער ביי זיך. וואס דען, זיך אבלאזען און נאר ניט ? איך בין דאך עפעס א מענש, א בעל הבית פון זאסלאַ־קאווינע... פלטיאל חאצקעל כראכעלניצקי...

עס האט ניט לאנג געדויערט און יאכצע ברוך האט מיר צו־נויף געלייגט צוויי „פארסקעטס" מיט כל טוב, ממש פון פויגעל־מילך, שפיגעלעך, קעמעלעך, נאדלען, שפילקעס, קנעפלעך, בענד־לעך, שפוליעס פאדים, און ז. וו. דאן האט ער גענומען פאפיר און האט דאס מיר אלץ פערשריעבען אויף אמעריקאניש :

פינס — שפילקעס.
באטטענס — קנעפליך.
קאמבס — קעמלעך.
נידעלס — נאדלען.
מעטשעס — שוועבעלעך.
קאטטען — באוועל.

מיט איין ווארט, אלץ מיט אנאנדער.

דערצו האט ער מיר פערשריבען דעם נוסח, ווי איינצו'טענה'ען מיט א גוי אין דעם מקח פון די פערשיעדענע סחורה'ס.

למשל :

דו יו וואנט טו באי ?

ווילט איהר עפעס קויפען, א. ז. וו.

— נו. און וואו וועל איך עפעס נעהמען צום עסען ? וואו וויל איך שלאפען ? — האב איך יאכצע ברוך'ן געפרעגט.

— באַפּ ניט, — האט ער מיר געענטפערט — איך וועל דיר אלץ פערשרייבען. און ער האט מיר אויפגעשריבען טאקי אויפ'ן זעלבינען פאפיער :

קען אי סליפ היער?
קען איך דא שלאפען?

---

קען אי סטעי היער אווער נאַיט?
קען איך דאַ בלייבען נאַכט לעגער?

---

קען אי געט סאַמטהינג טו איט?
קען איך עפעס בעקומען צום עסען?

אט אזוי האט מיר יאכצע ברוך „אויסגעפוצט“ אין צוויי „פאר־סקעטס“, איינעם פון פארענט, איינעם פון הינטען, מיט א „כתב“ אין האנד, האט מיר געזאגט וואו צו געהן און איך בין געגאנגען. איך בין אוועק מאקע ווי מען זאגט א „נייער מענש“...

איך בין נימ נאר געגאנגען, נאר איך האב גע׳חזר׳ט אויף. ארום מיר האט געקאכט און געזידט די שטאדט ווי א קעסעל. און איך בין געגאנגען און געפרעפעלט אויף אויסענווענדיג: „פינס“, „קאטמען“, „סליפ“, „אי וואנט טו איט“, „מעטשעס“, „שוה לייי־סעס„ „נידעלס“, „אווער נאַיט“, „פּלים“...

איך געדענק ניט גענוי אויב איך האב יענעם מארגען עפעס געגעסען. איך ווייס נאר בעשטימט, אז איך האב גע׳חזר׳ט. ווען איך וואלט אזוי גע׳חזר׳ט אין „דער היים“, וואלט איך אפשר גע־ווארען א רב...

איך האב זיך דערמאהנט ווי מיין רבי שאמשע זבולון דער „סקאקון“, דער שפרינגער, (מען האט איהם אזוי גערופען צוליעב זיין היצינען שפרינגען אין קדושה) פלעגט מיר אלץ אונטערגעבען חשק צום לעהרנען:

— פלטיאל האטשקע, — פלעגט ער זאגען — חזר, ועסטו זיין א לייט... חזר, חזר און ווער א מענש... דער חזר׳ן וועט דיך מאכען פאר א למדן...

איך האב איהם דאן ניט געפאלגט, מוז איך איצט חזר׳ן גאר

אויף אַן אַנדער שטייגער. איצט מוז איך חזר'ן אין אַמעריקאַ... באַלד אָבער פּלעג איך אַ טראַכט טהאָן פאַרקעהרט: ווען איך קום איצט אַראָב ביי אונז אין שטעדטעל, אין זאַסלאַקאַווינע, מיט מיין נייעם „כתב“ און הייב אָן צו האַקען אַמעריקאַניש. זיי וואָל־טען דאָך דאָרט אַלע געשמאַנגען ווי צומישטע און ניט געוואוסט קיין וואָרט... מיין רישע גימקע און מערע חיענקע וואָלטען גע־רעדט צו מיר אידיש און איך וואָלט געקאַמאַנדעוועט אין אַמעריקאַ־ניש: „מעטשעם“, „דו יו“... זיי וואָלטען דאָך מיך אַנגעקוקט און געציטערט.

אזוי געהענדיג, טראַכטענדיג און חזרנ'דיג בין איך אַרום מי־טאַג צייט געקומען אין עק שטאָדט. איך גיב אַ קוק, קלענערע, הילצערנע הייזער, עפּעס דאַכט זיך אַ מין זאַסלאַקאַווינע, נור דאָך ניט זאַסלאַקאַווינע, די דעכער זיינען ניט אזוי משופּע'דיג און ניט צוגעדעקט מיט שטרוי... ניטאָ קיין ציעגען אין גאַס און מען זעהט ניט קיין שטאָדט־באָק, — דאָ מוזען וואוינען גוים...

איך האָב זיך געשטעלט נעבען אַ בוים און גענומען איבער־קוקען מיין פּאַפּיער. עס געהט ווי געשמירט, גוט גע'חזר'ט, איך קען איהם אין גאַנצען אויף אויסענווענינ...

„מיסטער ליוויי — טראַכט איך — אָדער כּראַכעלניצקי, הוסט זיך אויס און גאָרטעל זיך אונטער, שטאַרק זיך, טהו זיך אָן אַ כח און געה, ווער אַ סוחר אין אַמעריקאַ, הויב אָן רעדען גוי'איש... מיט אידען האָסטו שוין גענוג געהאַנדעלט. ביזט שוין געווען אַן אַפּרייטאָר, אַ שאָפּ־וועכטער, אַ שמש, האָסט פּערקויפט שוהל־טי־קעטס פאַר די ימים נוראים, האָסט געטראָגען אתרוג־בענשען, איצט הייב אָן האַנדלען מיט גוים... „דער גוי איז טרפה אָבער זיין גראָשען איז כשר“...

אין אַ פּאַר הייזער האָט מען געקויפט ביי מיר קלייניגקייטען און בעצאָהלט גאָר נישט קשה'דיג. און איך בין ווייטער געגאַנ־גען גאָר מיט אַ נייעם אַפּעטיט צו ווערען „אַללע ראַיעט“...

איך געה צו צו אַ הויז און גיב אַ ציה דעם גלעקעל. עס קומט אַרויס אַ גויה, אַ טרפה'נע פּאַרשוין, אין איהר פּרצוף־פּנים זיך ניט

איינצוקוקען: איך בין געווארען א טוידטער. עס האט מיר ממש ניט פאר אייך געדאכט אבגענומען דער לשון. דער גאנצער „כתב" האט זיך מיר גענומען מישען אין מח און איך האב איהר ציטערענדיג א פרעג געטהאן:

— דו יו... וואנט... סליפ...

אז זי דערלאנגט דאס א שפרונג הינטערוויילעכטס און א גע־שריי „שארלי" (טשארלי), אז איך בין שיער פערצאפעלט געווארען.

עס איז פלוצלונג ארויסגעלאפען אן אבגעפרעסענער גוי ווי א ביק. זי האט איהם עפעס געזאגט אויף אמעריקאניש און געווי־זען אויף מיר. ער האט זיך ניט געפוילט און האט מיר דערלאנגט א „בענש" אין די אויגען, אז די קלעפ וואס איך האב געכאפט ראש השנה, ביי שמעיה זעליג כאמכאקאווסקי אין שאפ־שוהל פון דער ק"ק כל ישראל אנשי טשיפטשיקאווע, זיינען דערצו ניט גע־קומען... איך האב ממש דערפיהלט „הידים ידי עשיו", א בראך א גרויסער, ער האט מיך ממש גע'ממית'ט, פשוט גע'הרג'עט אויף טויט...

איך שריי „פינס" און „נידעלס" און אנטלויף, ער לויפט אבער נאך און האקט וואו ער טרעפט און ער האט געטראפען. עס איז מיר געווען אך און וועה. האקענדיג אין מיר האט ער דערוויי א קלאפ געטהאן אין די שוועבעלאך. זיי האבען זיך אנגעצונדען און עס האט זיך אנגעצונדען איין „פארסקעט" און באלד דער צווייטער „פארסקעט". איך האב גענומען שרייען „שמע ישראל". דער גוי מיט דער גויה האבען אויך געשריען, אלע האבען מיר געשריען....

---

## ליוואי ווערט א „רעווערענד".

עס איז איבעריג צו דערצעהלען, אז איך בין קיין „קארטרי" (קאונטרי) פעדלער ניט געבליבען. איך האב דערצו מעהר קיין כח ניט געהאט...

נאכדעם ווי עס זיינען פערברענט געווארען מיינע צוויי „פאר־סקעטס" (באסקעטס) מיט סחורה און איך בין אליין אויך שיער געווארען א „פערסארפעטער" (פער'שרפה'טער), האב איך אוועק־געווארפען דאס קלאגעדיגע פעדלעריי.

פון מיין לאנדסמאן יאכצע ברוך ברודניקאף, וועלכער האט מיר געטהאן א טובה און האט מיר אריינגערוקט זיינע וואארע צו פערקויפען, האב איך זיך אנפאנגס בעהאלטען. שפעטער האב איך איהם דערצעהלט מיין גאנצע טרויעריגע פאסירונג: ווי א גוי האט מיך שיער גע'ממית'ט אזוי סתם אין דער וועלט פאר גאר ניט... ווי ער האט מיך שלאגענדיג א קלאפ געטהאן אין „פארס־קעט" מיט די „מעטשעס" און ווי זיי האבען זיך אנגעצונדען. עס איז געווארען, ניט דא געדאכט, א שרעקליכע שרפה. און האב פוןביידע „פארסקעטס" „גוז" (גודס) קוים, קוים געראטעוועט דעם „כתב", אויף וועלכען ער, יאכצע ברוך ברודניקאף הייסט דאס, האט ער געהאט פערשריעבען די מקהים פון די סחורה... איך האב איהם פעראיינס דערצעהלט דעם חידוש, ווי איך האב זיך שפעטער גאר ניט געקענט אבוואונדערען: זאנסט, אין גוט מוטה האט מען דאכט זיך ניט געקענט אנרייבען א שוועבעלע כאטש שונא ישראל קריג דעם טוידט, און ווי גיך דער גוי האט דערלאנגט א פלעם אין „פארסקעט" האבען זיי זיך אנגעצונדען אלע מיט אמאל... איך האב דאכט זיך געקענט איינלעשען מיט זיי א שרפה און : איהם האבען זיי געפלאקערט ווי צונטער... אמעריקאנער שוועבע־לעך, „מעשעס", געה ווער קלוג אויף זיי...

ווען איך האב איהם, יאכצע ברוך'ן הייסט דאס, אבגעגעבען צוריק דעם „כתב", איז ער געווארען אזוי צוקאכט, אז ער האט דאס צוריסען אויף פיץ פיצלעך און צושליידערט איבער'ן קראם.

— פארפאלען! — האט ער אויסגעשריען — פון דיר וועט שוין מעהר קיין לייט ניט זיין. ביזט א פערפאלענער.

א שעהנער חכם! — האב איך געטראכט — ער דארף מיר דאס נאך זאגען, אזוי ווי איך אליין האב דאס ניט פערשטאנען.

מיר איז איצט געגנען ערגער ווי שטעגדיג. איך האב זיך שוין

איבערצייגט, אז איך טויג ניט, ניט פיר דער שטאדט און ניט פיר'ן דארף. איך וואלט זיך אפשר דאס לעבען גענומען, האט גאט גע־טהאן א נס און איך האב אנגעטראפען אן אלטען בעקאנטען פון זאסלאקאווינע. אין דערהיים האט ער געהייסען בערע זכריה'ם, דא האט מען איהם גערופען מר. באנעט דודקין, א איד, וואס האט „געמאנעפעקטשעט" (מאנופעקטשורט). ער האט מיך ערשט גאר פון דאס ניי גענומען ארויספיהרען אויף א דרך.

— פלטיאל חאצקעל כראכעלניצקי — האט מר. דודקין גע־זאגט — פערלירען די האפנונג איז אן עברה. אין אמעריקא איז גאר ניטא אזא זאך ווי „ניט טויגען". יעדערער טויג זיך, ער מוז זיין א שטיקעל טויגער. ווען איינער איז שוין גאר א שלים מזל, וואס טויג טאקע ניט, ווי מען זאגט, א „קאטץ אן עק צו פער־בינדען", דארף ער נאך אויך ניט פערצווייפלען, דאן קען ער ווע־רען א „רעווערענד".

— א וואס? — האב איך איהם איבערגעפרעגט.

— א רעווערענד — האט ער געזאגט — אזא מין רב.

— א רב!.. — האב איך אויסגעשריען א צומישטער.

— שרעק זיך ניט! — האט ער מיך בערוהיגט — אן אמעריי־קאנער רב דארף ניט קענען לערנען...

— נו, און שאלות פסק'ענען?

— אין אמעריקא פרעגט מען ניט קיין שאלות. דא איז אלץ כשר... ווען עס געפינט זיך יא א משוגענער, וואס קומט פרעגען א שאלה, מאכט מען איהר טרפה.

— וואס הייסט?

— אט אזוי ווי איך זאג דיר, טרפה און גענוג. ווען איינער וויל עס זאל זיין כשר, פרעגט ער ניט קיין שאלות... א שאלה איז טרפה, דו פ ע ר ש ט ע ה ס ט? — האט מר. דודקין שטארק געקוועטשט דעם „פערשטעהסט".

איך האב איהם אנגעקוקט ווי א צודולטער און ער האט וויי־טער גערעדט:

— א רעוורענד איז די בעסטע זאך אין דער וועלט — האט דודקין מיר געגעבען צו פערשטעהן — זיין סחורה געהט קיינמאל ניט ארויס פון דער מאדע און ווערט קיינמאל ניט צוגעלעגען. וואס עלטער איז בעסער... אין זאסלאקאווינע איז געווען „חג הסוכות הזה“ און אין ניו יארק איז אויך „חג הסוכות הזה“. אי־דישקייט ענדערט זיך נים, עס איז פונקט ווי אין זאסלאקאווינע... און אויב עס געפינען זיך אידען, וואס ווילען עפעס יא ענדערען, שפארט מען זיך איין און מען שרייט „ניין“ און „ניין“. „מען טאר נים“...

— סתם אין דער וועלט אריין „ניין“? גאר אהן א טעם? — האב איך איהם געפרעגט פערוואונדערט.

— סתם אין דער וועלט, כראכעלניצקי, — האט מיר מר. דודקין אויפגעקלעהרט — אין אמונה־זאכען איז ניטא קיין טעם. אמונה האט קיין טעם נים... פערשטעהסט? „ניין“ און געגוג. מען האלט זיך ביי דעם „מען טאר נים“, טרפה און פטור. אויב איי־נער פרעגט דיר „פארוואס“, זאלסטו איהם גאר נים ענטפערען. ביי אן אמת'ן גלויבער איז ניטא קיין „פארוואס“. ער פרעגט נים קיין קשיות, „ניין“ און יוצא.

— יא, אלץ אמת — האב איך צוגעגעבען מר. דודקין'ען — עס פעהלען דען אבער „רעברענדוירים“ (רעוורענדס) אין אמע־ריקא? מען ווארט דאס דוקא אויף א „רעוורענד“ פון זאסלאקא־ווינע?

— שוטה! — האט דודקין שטרענג געענטפערט — פעהלען פעהלט אין אמעריקא קיינער נים. דו זעהסט דאך, אז מען וויל שוין גאר איצט קיינעם נים אריינלאזען. מען האט דאך מן הסתם דיך אויך נים אויפגעכאפט מיט אפענע ארעמס. עס איז שוין בה"ש דא געגוג, עס פעהלט נים, נור עס איז דא פלאץ פיר נאך.

פיר מענשען, וואס האנדלען מיט גאט, איז שטענדיג דא אן ארט אויף דער וועלט. זיי קענען שטענדיג מאכען א לעבען.

א איד וועט ביי דיר גיכער קויפען מצוות איידער א פאר הויזען, וועסט גרינגער פערקויפען א לאנדסמאן א פאק עולם הבא

איידער אַ פּעקעל מעטשעס, אַ שטיק לייתן איידער אַ שטיקעל זייף...

— אַזוי גלאַט, דיר־ניט, מיר־ניט ווערט מען דאָס, וואָס איהר רופט, אַ „רעוורענד?“ מען דאַרף גאָר קיין זאַך ניט וויסען אָדער לעהרנען? — האָב איך געפרעגט.

— אַז מען ווייס שאַדט ניט — האָט מיר באַנעט דודקין ווייטער געגעבען צו פערשטעהן — אָפּטמאָל שאַדט דאָס אפילו יאָ... עס זיינען פאַראַן מאַנכע רעוורענדס, וואָס קענען, וואָס האָבען יאָ געשטודירט און געלעהרענט. עס מאַכט ניט אויס, אַז מען קען אָבער צו ניט קענען קומט דאָס ניט... ניט קענען איז אודאי גוט...

דו ווייסט דאָך מיך פון זאַסלאַקאָווינע, ווי מיינסטו, איך וואָלט דאָרט נקעענט זיין אַ רב? — אין אַמעריקאַ אָבער בין איך לאַנגע יאָהרען נאָכאַנאַנד געווען רעוורענד דודקין און האָב געמאַכט געלד ווי בלאָטע. איצט בין איך אַ מאַנופעקטשורער פון קינדערשע מייטקעס. פריהער בין איך געווען אַ „מסדר קדושין“. איך האָב געזעהן, אַז אידען זאָלען חתונה האָבען. יאָ, פריהער האָב איך פערזאָרגט עלטערען, איצט פערזאָרג איך די קינדער... אין אַמעריקאַ מוז מען זעהן אַנגרייטען פון פריהער אויף שפּעטער, אַז מען פערזאָרגט ניט, האָט מען ניט...

— איך בין צופריעדען — האָב איך דודקין'ען צוגעגעבען — אָבער וואָס טהוט מען צו ווערען אַ „רעוורענד“? ווי ווערט מען דאָס?

— אַ קלייניגקייט — האָט ער מיר געענטפערט — מען געהט אַוועק אין באָאַרד סטריט און מען קויפט פאַר אַ „קוואָדער“ (אַ פערטעל טאַלער) אַ „סטאָוו פּייפּ“, אַזאַ מין צילינדער־קאַפּעלוש; פאַר צעהן סענט אַ ווייסען שניפּסעל, און אויב דו האָסט געבראַכט פון זאַסלאַקאָווינע דיין שבת'דיגע זשופּיצע מיט'ן שפּאַלט, איז געווים רעכט און ווען ניט — לעבען זאָל ווידער באָאַרד סטריט — קויפט מען אַזאַ מין הייליגען בגד, אַזאַ „פּרינץ אַייזיק“ (פּרינץ אַלבערט ראָק) סך הכל פאַר אַ טאַלער, און פאַרטיג.

— נו, און דאַן? — האָב איך ווייטער געפרעגט.

— וואָס מיר „דאָן“? — האָט ער מיר געזאָגט — אין אַמע־ריקאַ איז ניטאָ קיין „דאָן“, דו ביזט שוין אַ פּאַרטיגער... ווי גיך מען וועט דיך נור דערזעהן אין די דאָזיגע מלבושים, רופט מען דיך שוין „רבי“, אָדער „רעווערענד“; מעהר דאַרפסטו ניט. אַ „סטאָוו פּייפּ“ מיט אַ ווייסע שניפּסעל איז אַ רב אין אַמעריקאַ.

---

דו שטעלסט באַלד ארוים אַ בלעכעל אין פראָנט פון הויז, וואו דו וואוינסט.

„רעווערענד פּלטיאל האצקעל
כראַכעלניצקי, רב ומסדר
קדושין. האַלט בעריהמטע
רעדעס אויף חתונות, ברית'ן,
סיום התורה'ס, וכו, וכו.
קויפט אָב חמוץ, פּסק'עט שאלות,
אָן אייגענע חופּה,
האַלב פּרייז“...

הייסען זאָלסטו דוקא כראַכעלניצקי. יאָ, רעווערענד כראַכעל־ניצקי קלינגט אויסגעצייכענט. שעהנער ווי ליוויי. ליוויי איז דאָך סיי ווי סיי ניט דיין נאָמען פון דערהיים. ביסט דאָך גאָר אַ כהן פון זאַסלאַקאָווינע...

די שלינגע איז מיר אַזש געלאָפען פון מויל, הערענדיג מר. דודקין'ס ווערטער. אַ קלייניגקייט ווערען אַ רב און גאָר ניט! זינדיגען וועל איך אויך ניט דאַרפען. אַז אַ שאלה איז „טרפה“, ביז איך דאָך געווים פרום... וועל א י ך הייסט דאָס זיין אַ רב און מיין רישע גיטקע וועט זיין אַ רבצין, — אוי, טאַטע זיסער! ווי דערלעבט מען שוין דאָס?... אָבער וואָס טהוט מען מיט די „רעדעס“? איך בין אַ איד אַ בישן, אַ שעהמעוודיגער, אַז איך קען צווישען אַן עולם דאָס מויל ניט עפענען. איך דערווערג זיך באַלד מיט'ן ערשטען וואָרט.

— איהר זאגט דאס מכח רעדעס, — האב איך זיך ווידער געווענדעט צו מר. דודקין — ווי קום איך דערצו? פון וואנען קען איך האלטען רעדעס?

— בהמה! — האט ער אויסגעשריען בעזלעך — און וועלכער פון די „רעוורענדס" קען דאס יא רעדען? פון דעסטוועגען ריי־דען זיי... מען רעדט... איבעריגענס געפינען זיך אין ניו יארקער אידישען קווארטאל „שרייבערס", וואס וועלען דיר איפשרייבען רעדעס פון פויגעל־מילך... חזר'ן קענסטו דאך, וועסטו איינ־חזר'ן די רעדעס אויף אויסווענינ. לעבען זאל דאס חזר'ריי אין אמעריקא. מען חזר'ט אהין און מען חזר'ט אהער, און מען ווערט א מענש...

און ווערסטו איין מאל א רעדנער, א לעקטשורער, ביסטו שוין אלל־רייט. מען וועט דיך שוין זוכען דו זאלסט געהן ריידען, גע־וועהנליך ניט אומזיסט. וועסט באלד ווערען דער יחסן, דער שיינ־דעל פון די לאנדסלייט. „רעוורענד כארכעלניצקי איז א זאסלאקא־ווינער", און דו וועסט ארומגעהן מיט א פולע בייטעל און קלינגען.

— אוי, מר. דודקין — האב איך געזאגט — איהר מאכט דאך מיר אן אזא חשק!

— דאס איז נאך ניט גאר — האט דודקין געזאגט — עס זיי־נען פאראן זיימיגע הכנסות, עס זיינען דא עלעקשענס אין אמע־ריקא, דאס מיינט אויך געלד, פיר רעוורענדס איבערהויפט...

— וואס? — האב איך איהם איבערגעפרעגט.

— עלעקשען, — האט ער געזאגט.

— לעק שוין... לאקשען... האב איך איהם פרובירט נאכ־ריידען.

— ניט „לאקשען" נור עלעקשען, וואהלען, דו פער־שטעהסט? גרינער! אין זאסלאקאווינע איז דאס ניטא.

— זאל זיין „פאלען" — האב איך געענטפערט — אבי מען בעצאהלט דערפאר. זאל זיך דאכטען מען דארף פאלען בורעים גאר אומזיסט...

— ניט „פאלען" נור וואהלען, — האט ער מיר ערקלעהרט —

אין אמעריקא מוז מען „וועהלען“. דא ווערט ניט איינער קיין סיטי מעיאר א „דזשאדזש“, ריכטער, אדער „אלדערמען“, א שטאדט־בעאמטער, אז מען זאל פריהער פון זיינטוועגען ניט דארפען האלטען קיין רעדעס איידער מען וועהלט איהם, און מען בעצאהלט דערפאר גוטעס געלד. אזעלכע רעדעס רופט מען „קאמפיין“־רעדעס. דאס מיינט פאליטיקס, — פערשטעהסט?

ווען די פאליטישענס (פאליטיקער) קענען קריגען א רעוורענד, א גייסטליכער וואס זאל ריידען פיר זייערע קאנדידאטען און צו־נויפמישען גאט מיט דער שטאדט, קריגען די רעדנער א פעטע מטבע. קיין טיעפער למדן דארף מען דערצו ניט זיין. מען ווייזט; למשל, אז די קאנדידאטען, וואס „לויפען“ זיינען די ריכטיגע סחורה, ווייל אברהם אבינו, לוט און נח זיינען אויך „געלאפען“. אברהם אבינו איז געלאפען פון „חרן“, לוט — פון סדום און נח פון מבול. אפילו משה רבינו גופא איז אויך „געלאפען“, ער איז אנטלאפען פון פרעה'ן...

אט אזוי האט מר. באנעט דודקין גערעדט און איך האב שוין נאכגע'חזר'ט די אמעריקאנער ווערטער: „ציטי מע“ (סיטי מעיאר), „זשאזש“ )דזשאדזש), „האלדרימאן“ (אלדערמאן).

איידער וואס־ווען — האב איך געקלעהרט — לאמיך דערווייל חזר'ן... איך האב אפילו ניט פארשטאנען אלץ וואס מר. דודקין האט אין מיר אריינגעדודקעט מיט זיינע „פילטישען“ (פאליטי־שען) „לאקשען“ (עלעקשען), „קאמפע־רעדע“ (קאמפיין רעדע) א. ז. וו. איך האב אבער פערשטאנען, אז ער איז גערעכט. איך האב אנגעקוואלען פון איהם.

איך בין נאך אפילו דערווייל געווען אויף גרויסע צרות, אין דער מחשבה אבער בין איך שוין געווען א פארטיגער „רעברענד“. יא, א „רעברענד“ מיט די ביינער: „פלטיאל חאקעל כראכעלניצקי — האב איך געקלערט — דו ווערסט א רב אין אמעריקא“!...

## ליוואי'ס מפלות אלס „רב".

מילא, וואס זאל איך אייך דא לאנג בריינען, איך בין געוואָרען אַ אמעריקאנער רב, אַ רעווערענד. איך בענש נאָך אויף היינטיגען טאָג מיין לאנדסמאַן, מיסטער באנעט דודקין, וואָס ער האָט מיך צוגערעדט דערצו. ער האָט מיר טאַקע געוויזען דעם ריכטיגען וועג אין אמעריקא, און איך האָב אויפגעהערט אַזוי פיעל צו ליידען.

נייז, ניט מיטעם סמערגעל, מיין שוויגער'ס שטיעף־שוועסטער'ס שני בשלישי; ניט מיינע זאסלאַקאַווינער לאנדסלייט, שמעיה זעליג באַכמאַקאַווסקי און יאַכצע ברוך ברודניקאָף, נור מיסטער דודקין אליין. ער האָט מיך אַביסעל אויסגעמענשעלט און אויסגעגרינט. איך האָב ערשט אנגעהויבען אויסצוגעפינען, אַז איך בין גאָר ניט אַזאַ אומבעהאָלפענער, ווי איך האָב שטענדיג געמיינט, איך בין נור געווען אַ „גרינער".

קוים האָב איך זיך „אויסגעגרינט", איז דאָס געגאַנגען אַ גאַנג. אמת, איך האָב „געטראַיט", זיך אַנגעשטרענגט זעהר זעהר שטאַרק „געטראַיט". אָבער איך האָב זיך אָרויף „געטראַיט".

דודקין האָט מיר געשאָנקען זיינעם אַן אָבגעניצטען פּרינץ אַלבערט ראָק מיט אַ „סטאָוו פּייפּ" און האָט מיר געלאָזט פערשעהרען דאָס בערדעל. איך בין געוואָרען איינער פון די ריכטיגע „בעשעהרטע", אָדער בעשאָרענע אמעריקאַנער אידישע „רעווערענדווירים".

דודקין'ס ראָק איז אפילו אויף מיר געהאַנגען ווי אויף אַ שטעקען, און זיין צילינדער־הוט איז מיר אַריבערגעפאַלען איבער די אויערען. נור דודקין האָט געזאָגט „עס שאַדט ניט. עס איז נאָך בעסער. ביי אַ רעווערענד — האָט ער מיר געגעבען צו פערשטעהן — דאַרף ניט פּאַסען. עס טאָר ניט קלעפּען... עס דאַרף זיין לויז, טאָרבע־מעסיג. עס דאַרף זיין גענוג פּלאַץ אריינצונעהמען נאָך אַ רעווערענד, נאָך תורה, נאָך חכמה און נאָך דרך ארץ..."

דערצו האָב איך אנגעטהאָן אַ שטעהעדיגען רונדיגען קעלנער־
רעל מיט אַ ווייסע שניפּסעל — איך האָב געשיינט טאַקע ווי וויי־
בער זאָגען ביי אונז אין זאסלאַקאָווינע „ווי אַ שמיד פאַר טאָג“.

איך האָב אַ קוק געטהאָן אין שפּיגעל און האָב זיך אליין
נעוואונדערט. איך האָב זיך פשוט ניט דערקענט אויב דאָס בין
איך אָדער גאָר אַן אַנדערער?... נור איהר פערשטעהט דאָך מן
הסתם, אַז דאָס בין איך טאַקע אליין געווען, יאָ, איך גופא, איך
רעוורענד פלטיאל חאַצקעל כראַכעלניצקי, רב ומסדר קדושין, וואָס
האָלט וועלט־בעריהמטע רעדעס אויף חתונות, ברית'ן, בר מצות,
תנאים'ס און סיום התורה'ס.

„אַ קלאָג צו קאָלומבוס'ען — האָב איך געטראַכט — אַז איך
בין געוואָרען אַ רב אין אַמעריקאַ“!

אמת, איך בין טאַקע אין זאסלאַקאָווינע קיין בעל מלאכה חלילה
ניט געווען, אפילו וואָס מען רופט אַ סוחר אויך ניט. איך פלעג
זיך אַזוי סתם ארומדרעהען אין גאַס און טאַפּען ביי די גוים אין
די זעקעלעך, כלומרשט אַ דינג טהאָן, אָבער קויפען קיינמאָל ניט.
ערשטענס, האָב איך ניט געקענט ריידען קיין גוי'איש, צווייטענס,
האָב איך דאָס כלל ניט געדאַרפט. עס איז מיר קיין נויט ניט גע־
ווען, איך האָב זיך געקענט זיצען רוהיג אין בית המדרש און באַ־
קען קאַרטאָפעל...

די גאַנצע אויפטהוערקע איז „זי“ געווען, מיין רישע גיטקע.
זי פלעגט זיצען אין גאַס מיט אַלערהאַנד זאַכען: מיט הערינג,
בייגעלעך, געקאָכטע אַרבעס, באָב און אייער. ערב יום כפור פלעגט
זי זיצען מיט האָניגטייגלעך, מיט „פּיראָשקעס“, ערב פסח מיט
חריין, ערב שבת מיט בולקעס און חלה'לעך, קוואַס און ראָסעל.

איך פלעג איהר אָפטמאָל אויך העלפען זיצען, אָבער זי פלעגט
מיך אוועקטרייבען, שרייענדיג און שילטענדיג, אַז איך שטעל
איהר בדלות. אַז איך עס איהר אויף דעם גאַנצען פערדיענסט. איך
האָב, פערשטעהט איהר מיך, ליעב געהאַט צו זיצען און קאַיען צו
וואָס עס איז מיר געקומען אונטער דער האַנד: באָב, אַרבעס,
בייגעלעך, — אַ מענש קען דאָך ניט זיצען ליידיג...

בין איך הייסט דאָס פון דער היים ניט געווען קיין בעל מלאכה און ניט קיין גאָס־מענש, פון רבנות אָבער האָט זיך מיר אפילו קיינמאָל ניט גע׳חלום׳ט. איך האָב געקענט אביסעל עברי און האָב גלאָט אמאָל אריינגעקוקט אין א ספר ווי א האָהן אין „בני אָדם“. איך האָב ניט פערשטאַנען וואָס איך קוק.

איך וואָלט קיינמאָל ניט געהאַט די העזה אין זאַסלאַקאַווינע צו ווערען אפילו אַן איינפאַכער דרדקי מלמד.

אָט אַזוי פלעג איך אָנפאַנגס טראַכטען אַליין ביי זיך אין הארצען. ארויסברייינגען דאָס דאָזיגע אויף די ליפּען האָב איך געציטערט. דאָס האָט מיר פּשוט ניט גערווינט, עס וואָלט זיך מיר ניט בעצאָהלט. שפּעטער אָבער האָב איך זיך אַזוי איינגעוואָויהנט צו די רעוורענד׳עריי, אַז איך האָב פעראיבעל געהאַט, ווען מען האָט מיר ניט אבגעגעבען געהנוג כבוד...

איך דערצעהל דאָס אייך איצט, ווי מען זאָגט, אין פריידען. עס איז אויסגעקומען צו רייד, דערצעהל איך דאָס. מיך אַרט שוין איצט ניט, אַז מען זאָל דאָס וויסען. איך האָב שוין די וועלט אין דר׳ערד, איך בין אַלל־רייט סיי ווי סיי. דאָס, וואָס איך האָב, וועט זי שוין פון מיר ניט צונעהמען. דאָס איז מיינע...

האָט מיך הייסט דאָס מיסטער דודקין געמאַכט פאַר א רב. געטהאָן האָט ער דאָס אייגענטליך מיט א פּניה, פון זיין הנאה וועגען, נור מיך האָט ער דערוויילע געראַטעוועט.

ער איז געווען פּרעזידענט אין א שוהל און האָט געוואָלט ווייזען, אַז ער איז ניט „אבי ווער“, אַז ער האָט פריינד „רבנים“. האָט ער מיך אַריינגענומען צו זיך אין שוהל און ארויפגעשטעלט אויבען־אָן און די אמעריקאַנער עמי הארצים האָבען מיך גערופען „רבי“... איך האָב געקראָגען די שענסטע עליות. באַנעט דודקין האָט זיך ארומגעפיהרט מיט מיר ווי מיט עפּעס רעכטס און האָט גענאָסען כבוד...

מען פלעגט מיך איינלאַדען צו אַלע אידישע שמחות און איך האָב אָנגעהויבען צו פערדיענען געלד; איך האָב אויפגעלעבט. אין אַנדערע ערטער, ביי רייכערע מענשען פלעגט מען מיר געבען רח״ש,

אבפארטיג־געלד, מען פלעגט זיך מיט מיר פריהער בעדינגען. מעהר־
סטענס אבער פלעגט מען שטעלען א טעלער און ווארפען פון מיינט־
וועגען.

אנפאנגס איז דאס מיר געווען פריקרע: שטעלען א טעלער ווי
פאר אן ארעמאן... איך בין דאך נים קיין שנארער פון דער היים.
שפעטער אבער פלעגט מיר פון דער טעלער ווערען א ליכט אין די
אויגען, א שמחה אהן א טעלער איז מיר אויסגעקומען צו לאנג־
ווייליג. דער טיש האט געמעגט זיין געקרערענצט מיט פולע טע־
לער טהייערע מאכלים, אהן מ י י ן טעלער אבער איז מיר געווען
אומעטיג... אפילו דארט, וואו מען האט מיר בעצאהלט און
אויסגענומען א תנאי, אז קיין טעלער זאל נים געשטעלט ווערען.
בין איך אויך געזעסען און עס האט מיך געריסען, געהויבען פון
ארט. איך האב געקלעהרט: וואו נעהמט מען עפעס איצט א
גוטען פריינד, וואס זאל פלוצלונג דערלאנגען א שטעל אוועק א טע־
לער און אריינווארפען דעם ערשטען טאלער. קיינער וואלט דאך
דאן קיין אנדער ברירה נים געהאט און געווארפען, א מענש קען
דאך קיין חזיר נים זיין... קוים ווארפט דער און יענער, מוז מען
דאך אויך ווארפען... איך האב געדאנקט זיין ליעבען נאמען, וואס
האט בעשאפען טעלער אויף דער וועלט, לעבען זאל דער טעלער!
ער האט מיך נים פערלאזען.

די שפייז־טעלער האבען מיך נים געדארפט ארען. באנעט
דודקין האט מיר פערזאגט, אז איך זאל אויף קיין שמחות נים
עסען מעהר ווי „המוציא“ אפילו ביי דעם פרומסטען.

— דאס איז אז אמעריקאנער רב'נישער חז'דעל — האט ער
געזאגט — ביי קיינעם נים צו עסען, דאס הייסט איך טרוי כלומרשט
נים, איך ווייס נים אויב יענער איז כשר געגוג... איבערהויפט
האט ער מיר פערזאגט זיך נים צו־צוריהרען צו קיין פלייש, מעג
דאס אפילו זיין מיט א הכשר פון ארץ ישראל...

אז עס איז אבער בעשעהרט איינעם א צרה קומט זי גאר אונ־
געבעטען. משמעות, אז מיין מעסטעל צרות, וואס איך האב אריינ־

געכאפט אין אמעריקא, איז נאך ניט געווען אין גאנצען פול, און זי האט געדראפעט פול ווערען ביז אויבען.

די מעשה דערפון איז אזוי געווען:

מען האט מיך גערופען אויף א חתנה איך זאל דארט זיין דער מסדר קדושין. געוועהנליך האב איך גענומען מיין חופה און בין אוועק.

א חתונה ווי אלע ארעמע חתונות.

א האלל אין דער „איסט סייד". עס זיצען א פאר „היימישע" כלי־זמרים און סקריפען. א צובראכענע פיאנא איז „הייזעריג ווי א פיען", און רייסט די אויערען. עס דרעהען זיך מענער, ווייבער און מיידלעך. עס פלאנטערען זיך קליינע קינדער אונטער די פיס און קווימשען. א פאר עופה'לעך רייסען זיך אויף דער גאל און שרייען „מאמע". די כלה זיצט אין א ווייסע קלייד און אין א ווייסען משעפעק מיט ריטלעך און קרימט זיך. משמעות, אז זי האט געפאסט און געוואלט עסען, אז זי האט שיער גע'חלש'ט.

דער חתן זיצט אין א צווייטען צימער ביי א טיש געדעקט מיט ווייסע טישטיכער און פערשטעלט פול מיט געהאקטע הערינג, גע־שניטענע הערינג, מארינירטע הערינג, געווייקטע הערינג, געבאקטע הערינג, געקאכטע הערינג און סתם הערינג... דערצו זיינען דא ציבעלע, זויערע אוגערקעס, חריין, רעטאך, א גרויסע קיטקע מיט ראזשינקעס, ראזעוואנע ברויט און גלאט פאמפערניקעל, עטליכע פלעשער „ברענדע", דערביי שטעהט אויף א פאר שטולען דער אמת'ער אמעריקאנער „בעל דבר" פון די שמחות: — א פעסעלע ביער, נאך ניט געעפענטע.

דאס איז געווען, וואס די כלי־קודש רופען „א הערינג־חתונה"...

פון איין זייט חתן זיינען געזעסען אידען מיט בערד און מיט יארמולקעס און האבען געשמעקט טאבאק און דערצעהלט מעשיות פון זייערע שוהלען, מנינים, לאדזשען און סתם וועלט־זאכען.

פון דער אנדער זייט חתן זיינען געזעסען ראזירטע אידען מיט הוילע קעפ און געשמועסט פון אידישען טהעאטער, אקטיא־

רען און אקטריצעס, „מואווניג־פיקטשורס“, „לעקטשורס“, יוניאָנס און טטרייקס.

ווען איך בין אריינגעקומען איז געוואָרען אַ ביסעל לעבעדי־גער. מען האָט זיך גענומען גרייטען צו דער חופּה. די כּלה איז געווען אַן עלטערעס שאָפּ מיידעל, אַ יתומה, דער חתן איז געווען אַ „פּושקאַרט־פּעדלער“. פאר דער חופּה האָט איהם דער כּלה׳ס ברודער, אַן ארבייטער, דערלאַנגט זיין שוועסטער׳ס אָבגעשפּאָרטע עטליכע טאָלער, וועלכע ער האָט צוגענומען און אריינגעלייגט אין בוזים קעשענע.

די כּלי־זמרים האָבען אויפגעשפּיעלט עפּעס אַ מין געמיש פון אידישע טהעאַטער־ליעדלעך און קופּלעטען, ווי „חתן־כּלה מזל־טוב“, „מן המצר“ און „דאָס פּעקעלע“. ווייבער האָבען אָנגעצונ־דען די הבדלות און געוויינט און איך. דער רעווערענד, האָט גע־עפענט די חופּה.

קוים אָבער האָבען די אונטערפיהרער ארונטער געפיהרט די בעשעהרטע אונטער דער חופּה און איך האָב זיך געוואָלט נעהמען צו דער ארבייט, געבען חופּה וקדושין, אַז עס האָט דאָס פּלוצלונג אויסגעבראָכען אַ גוואַלד און אַ טומעל, אַז אַלע אין זאַל זיינען פערציטערט געוואָרען.

איידער איך האָב נאָך געהאַט צייט זיך ארומצוקוקען, האָט מען שוין געהאַלטען דעם חתן פאר די לאַצען און מען האָט איהם דערלאַנגט „דרשה־געשאַנק“. מען האָט איהם צובלוטיגט ווי אַ „דבר־אחר“. באַלד איז צוגעלאָפען צו איהם אַ אידענע מיט אַ קינד אויפ׳ן האַנד, האָט אוועק געשטעלט דאָס קינד אונטער דער חופּה און האָט זיך אריינגעוואָרפען מיט די נעגעל ביים „חתן“ אין פּנים און האָט געריסען לעבעדיגע שטיקער. אין אַ מינוט איז ער געווען אָבגעשונדען ווי אַ גאַנז. זי האָט געפּראַסקעט און גע־שריען „מערדער, רוצח, דו האָסט מיך אונגליקליך געמאַכט, אַ בראָך נאָך איהם, דעם לויפער. חתונה האָבען ווילט זיך איהם, זעה דיין קינד, גזלן, זעה דיין לעבעדיגען יתום!... לומפּ, קום גיב מיר שוין אַ גט, ווארים דו בלייבסט דאָ טויט אויף אַן ארט!“

איהר קענט זיך פארשטעלען וואס עס האט זיך אבגעטהאן!

עס איז געווארען א סצענע, וואס איך קען אייך ניט שילדער־רען. מען האט געליארעמט, געוואלטעוועט, געשאלטען, געשלאגען, גע'חלש'ט. דעם „חתן'ס" „סטאור־פייפ" מיט מיין „סטאור־פייפ" האבען זיך געוואלגערט אונטער די פיס און מען האט אויף זיי געטרעטען. „דערלאנגענדיג" דעם חתן, האט מען פאראיינס אז מיר אויך ניט פערגעסען. מען האט מיר ניט געזשאלעוועט, עס האט מיר געקלעקט. עס זיינען געפלויגען אין מיר פעטש און קור־לאקעס. איך האב אליין ניט געוואוסט פון וואנען. עס איז גע־וועזען א צער אויף מיין ארעמער, אונשולדיגער חופה געבעך, ווי זי איז געלעגען אויף דר'ערד א צוריסענע, מיט צובראכענע שטיינג־לעך. ווענמען איז שוין דאן געלעגען אין זינען א „טעלער"? איך בין קוים א לעבעדינער אנטלאפען פון זאל אהן א קאפעלוש מיט דער צוריסענער חופה און געשריען „גוואלד! מערדער!"

---

## ליוואי ווערט א פערלעגער.

אויב איהר מיינט, אז דער חופה־סקאנדאל פון דער „העריננ־חתונה", וואו איך בין געווען דער מסדר קדושין, האט מיך געמאכט פאר אוים רעוורענד, האט איהר א טעות.

נישט אויף אלע אידישע שמחות קוילעט מען לויטער הע־רינג, און נישט אלע חתנים האבען צוויי ווייבער, ווי יענער „חתן", דער פושקארט פעדלער, האט געהאט. אזא זאך איז א זעלטענ־הייט, נור אזוי ווי איך בין נאך אלץ געווען א שטיקעל שלים מזל, האט דאס גראד מיר געטראפען, אז „מיינער" א חתן בחור איז נאך געווען א בעווייבטער און האט געהאט א קינד, וואס איז שוין אליין געשטאנען.

מען האט מיר צובראכען דעם „סטאוו פייפ", האב איך מיר געקויפט אן אנדערען; איך האב מיר אויך איינגעשאפט א נייע חופה, אנשטאט יענע, וואס מען האט מיר דארט אויף דער „הע־

רינג־חתונה" צוריסען, און איך בין ווייטער געווען אן אמעריקא־
נער רבי'ל, אזוי ווי עס וואלט גאר קיין זאך ניט געשעהן.

איך האב ווידער געפיהרט מיין רעווערענד־ביזנעס און „מיין"
מעלער האט געשיינט אויף אידישע שמחות פונקט ווי שטענדיג.
דער עולם האט געווארפען פון מיינעטוועגען און איך האב געלייגט
אין קעשענע...

אין אמת'ן, וואס בין איך שולדיג, אז א חתן, ביי וועלכען איך
האב געדארפט מאכען די רעליגיעזע צערעמאניע, איז א יונגאטש?
ווען איך וואלט אפילו יא שולדיג געווען, וואלט איך זיך אויך ניט
איבערגעשראקען. נישט־קשה, מען גיט זיך אן עצה אין אמעריקא.
ניו יארק איז א ים, ווען מען איז שולדיג אין א י י ן גאס איז מען
אונשולדיג אין א צווייטער... בפרט, אז מען איז גאר ניט שול־
דיג, דאן איז מען דאך געווים א פיינער מאן.

איך בין געווען מיט מיין פרנסה צופריעדען. מיין רישע גיטקע
האט פון מיר געקראגען שטיקער געלד און איך האב שוין געפלא־
נעוועט איהר ארונטערצוברייגגען פון זאסלאקאווינע קיין ניו יארק
און ווערען אן אמעריקאנער בעל הבית.

האב איך זיך אבער בעקענט מיט א געוויסען חיים פלאנדרע,
א אידישען שרייבער, און ער האט מיר גענומען צוריידען, איך זאל
אריין געהן אין ציימונג געשעפט, פשוט ווערען א פערלעגער פון
א צייטונג און מאכען חיים פלאנדרע פאר'ן רעדאקטאר.

— רעווערענד בראכעלניצקי — האט ער מיר געזאגט — מיט
אן איינענע צייטונג וועט איהר איבערקעהרען אמעריקא. איך
האב א פעדער, וואס ארבייט מעשים, איהר וועט זעהן וואס מיר
וועלען אויפטהאן. גאנץ ניו יארק וועט ציטערען פאר אונז, ווי פאר
פייער.

— וואס הייסט ארויסגעבען א צייטונג? — האב איך איהם
נעפרעגט — איך בין דאך נאר א דוכאוונער מענש. וואו בין איך
א צייטונגס־מאן?

— שטות! — האט ער מיר געענטפערט — ווי איז ד ע ר
און ווי איז י ע נ ע ר א צייטונגס־מאן? איהר מיינט, אז

מען ווערט געבארען מיט א צייטונג אין קעשענע? — מען גיט ארויס א צייטונג און נענוג. פאר געלד קריגט מען פוטער, עס פעהלען ניט קיין שרייבער אין דער מדינה. אבי געזונד, מען וועט שוין שרייבען... דאס, וואס איהר זייט א דוכאווגער מענש איז נאך בעסער. צו א דוכאוונעם האט מען צוטרויען, איהר וועט קריגען קהל׳שע אנאנסען, דוכאוונע מודעות און איהר וועט שאַרען געלד מיט לאפאטעס...

— קען זיין, אז איהר זייט גערעכט — האב איך צוגעשטימט צו מיסטער פלאנדרע׳ס עצה — מען דארף דאך אבער האבען דערצו א קאפיטאל, טאקע ווי מען זאגט א מטמון מיט געלד.

— מטמון, שמאטמען — האט ער געמאכט די געלד־פראגע צו גאר ניש — אז מען דארף געלד, קריגט מען. מען גרינדעט א חברה. עס געפינען זי געלד־מענשען, וואס ווילען האבען א בלאט קאפיטאל איז א קלייניגקייט. געלד און שרייבער אט אמעריקא איבער א לעפעל.

עס געפינען זיך פערשיעדענע — האט ער ווייטער פארטגעזעצט — איינער וויל דורך אז אייגענע צייטונג זיך איינקויפען אין יחוס. אז אנדערער וויל אלס צייטונגס־ארויסגעבער בעקאנט מאַכען זיינען אנדערע געשעפטען. א דריטער האט א משוגעת פון פילאנטראפיע, א מין צדקה־מאניא: — ער וויל אויסבילדען די כנסת ישראל, רעפארמירען און אינפארמירען די „גהעטטא־אידען"... איך בין, אט ווי איהר קוקט מיך אן, צו די אלע זאכען א מאַדים, איך שרייב אהין און איך שרייב אהער און עס ווערט א צייטונג פיר אלעמען... אלע זיינען צופרידען און איך גאר זיך אויך ניט... נישט־קשה, ווען איהר וועט מיך נעהענטער קענען, וועט איהר וויסען, אז חיים פלאנדרע איז א איד א טויגער.

— נו, און פערקויפען? — האב איך איהם א טאפ געטהאן — וועט זיך די צייטונג גוט פערקויפען?

— א קנאפע זארג אויב די צייטונג וועט זיך גוט פערקויפען אדער ניט — האט ער מיר געענטפערט — אבי איהר וועט זיך גוט פערקויפען...

— איך ?...

— יאָ. איהר. רעוורענד כראַכעלניצקי — האָט ער מיר ערקלעהרט — אַז אַ צייטונגס־אַרויסגעבער קען זיך גוט פערקויפען. מאַכט ניט אויס, אַז זיין בלאַט בלייבט ליגען...

— איך פערשטעה אייך ניט — האָב איך איהם איבערגעפרעגט

— וואָס הייסט איך זאָל זיך פערקויפען? צו וועמען זאָל איך זיך פערקויפען?

— צום טייפעל — האָט ער מיר ערקלעהרט — צום שוואַרץ יאָהר, צום נעכטיגען טאָג, עס איז דאָ גענוג צו וועמען זיך צו פערקויפען... מען פערקויפט זיך צו דעם, וואָס צאָהלט צום מעהרסטען... די הויפט פראַגע איז „האַו מאַטש?" „וויפיעל?" מען דאַרף זיך גוט פערקויפען, עס זאָל לוינען... אין ניו יאָרק איז מען אַ דעמאָקראַט, אין פילאַדעלפיא — אַ רעפּובליקאַנער...

אַט אַזוי האָט חיים פלאַנדרע מיט מיר געקנעלט. אביסעל האָב איך איהם פערשטאַנען, אביסעל האָב איך זיך אָנגעשטויסען, און אַלגעמיין אָבער מוז איך זאָגען דעם אמת, אַז די זאַך איז מיר „אַריין אין נאַז", דער פּלאַן איז מיר שטאַרק געפעלען.

אַ קהל'שער מענש בין איך דאָך סיי ווי סיי, אַלס רעוורענד לעב איך דאָך פון עולם, טאָ צו וואָס זאָל איך געהן זוכען חיונה ביי קהל? זאָל קהל קומען צו מיר!... קוים וועל איך האָבען אַ צייטונג, וועלען זיי דאָך שוין מוזען אָנקומען צו מיין לאַסקע. ווען ניט וועל איך זיי מאַכען „שוואַרץ שבת"; איך בין שוין דאָכט זיך ניט קיין גרינער.

אביסעל געלד האָב איך מיין אייגענס, און וועגען די איבעריגע האָב איך זיך בעשלאָסען אַ שמועס צו טהאָן מיט מיינע שכנים לייבעל דעם עקספּרעסמאַן, וועלוועל קראַטץ, דעם פישער, און בענצע סנוק, דעם קאַסטאַמער פּעדלער.

פאַרוואָס זאָל איך טאַקע ניט אַרויסגעבען אַ צייטונג? מיט וואָס בין איך ערגער פון יאַשקע שטשור און שלמה'קע זשוק? — צוויי זאַסלאַקאַווינער לאָבוזעס. איצט איז דאָ שטשור אַ דאָקטאָר און זשוק אַן אַדוואָקאַט. נו, מעג איך, פּלטיאל חאַצקעל כראַכעל־

ניצקי אדער ליוואי זיין א בעל הבית פון א צייטונג. אמאל האב איך געמיינט, אז אום עפּעס צו זיין, מוז מען עפּעס ק ע נ ע ן. איצט האב איך שוין אבער געוואוסט, אז אום עפּעס צו זיין, מוז מען עפּעס ה א ב ע ן. און איך האב שוין געהאט א נישט קשה׳־דיגען באנק־ביכעל.

א צייטונג איז פאר מיר סתם געווען א נויטיגקייט. איך האב שוין געהאט גענוג מענשען מיט וועמען זיך אבצורעכענען. דער האט מיר ניט אבגעגעבען גענוג כבוד, דער האט מיר אויסגעכאפּט א שמחה און יענעם האב איך סתם געוואלט אנרייבען א מארדע.

א גוטע זאך א צייטונג! דו זאגסט וואס דיר לוינט און מען בעצאהלט דיר נאך דערפאר...

איינמאל אין אבענד האב איך געלאזט רופען צו מיר אויף מיין לאזשי די אויבען דערמאהנטע שכנים מיינע און האב מיט זיי גענומען איינ׳טענה׳ן וועגען ארויסגעבען צוזאמען, ס׳הייסט בשותפות א אידישע צייטונג. איך האב זיי ערקלעהרט, אז קיי־נער פון אונז דארף ניט אבגעבען זיין געוועהנליכע בעשעפטיגונג. היינט איז סתם א פערגעניגען: מען דארף דערצו אליין קיין זאך ניט קענען. מען דינגט מענשען און זיי מאכען שוין...

איך האב זיך שיער צוריסען לויבענדיג חיים פלאנדרע, וועל־בער וואלט געווען אונזער רעדאקטאר. איך האב זיי פערזיכערט, אז ער איז א שרייבער, וואס קען שרייבען אהין און אהער, פאר דאנען און פאר דארטען, פאר מיר, פאר דיר און פאר כל ישראל, ער קען פּשוט בעשרייבען א פויגעל אין דער לופטען... איך האב זיי געגעבען צו פערשטעהן, אז האבענדיג אן אייגענע צייטונג, ווע־לען מיר קענען צוקלינגען אונזערע געשעפטען אין דער וועלט און אויף אזא שטייגער שארען געלד מיט לאפאטעס...

דער ערשטער האט זיך פעראינטערעסירט אין דעם לייבעל, דער עקספרעסמאן. ער האט גענומען דער ערשטער דאס ווארט און ערקלעהרט, אז אייגענטליך דארף ער א צייטונג אויף כפּרות, ער קען סיי ווי סיי ניט לעזען. דאך אויב ער וואלט געקענט אריינ־שטעלען זיינע פערד אין צייטונג, וואלט ער געווארען א שותף.

די הויפט זאך האט ער נאר געוואלט וויסען, אויב חיים פלאנדרע טויג זיך צו פערד... אויב ער וועט קענען בעשרייבען שעהן זיין געשפאן.

— איך האב פערד אמת'ע פויגלעך — האט ער געזאגט — זיי פערשטעהען מיך אויפ'ן וואונק און דארפען קיין בייטש נים. עס וואלט כלעבען געווען א יושר, אז די וועלט זאל זיי קענען...

וועלוועל קראצט, וועלכער האט געהאט א פיש קראם אין איר־דישען מארק, האט געוואלט אריינלאזען זיינע פיש אין בלאט...

— וואס מיך ארט נור — האט ער געפרעגט — אויב חיים פלאנדרע וועט קענען רעדאקטירען שבת'דיגע קארפען און פרישע קאראשען, אדער סטינקעס. פיש איז א אידישער מאכל און מען דארף זיי קענען גוט צורעכט מאכען...

בענצע סנוק, דער קאסטאאמער פעדלער, האט דוקא געוואלט וויסען, אויב חיים פלאנדרע האט א ידיעה אין ווארעמע אונטער־וועש, אין מעבעל אדער אנדערע זאכען, אום דאס צו בעשרייבען אין צייטונג, כדי אלע אידען זאלען נעהמען ביי איהם, ביי סנוקען, די דאזיגע זאכען אויף אבצאהלען...

אין מיטען דערינען אבער האט זיך דערלאנג אן עפען די טהיר און — ברוך הבא, חיים פלאנדרע איז דא!

מען זאגט דאס א שרייבער. ער האט מיט אונז אלעמען גאר אנדערש איינגע'טענה'ט. טאקע ווי א שרייבער. לייבעל דעם פוהרמאן האט ער פערזיכערט, אז ער, פלאנדרע הייסט עס, איז דער גרעסטער פערדישער שרייבער אין אמעריקא, אז ער האט די מעהרסטע צייט פון זיין לעבען נור געשריבען פיר פערד, וועגען פערד און פון פערד...

צום פישער האט ער זיך געווענדעט בזה הלשון:

— זארגט ניט, ר' וועלוועל, איך וועל אייך מאכען א וואסער־דיגע צייטונג. אין וועלכע איהר וועט קענען אריינלאזען אייערע פיש מיט די גרעסטע צופריעדענהייט. איך וועל אייך מאכען גענוג פוטנע וואסער צו כאפען פיש און וואסער גלאט אזוי... פערלאזט זיך אויף מיר.

אויף אזא ארט האט ער בערוהיגט דעם קאסטומער פעדלער און טאקע מיך גופא, ער האט מיר א זאג געטהאן, אז האבענדיג אן אייגענע צייטונג, וועט ער מיך נאך מאכען אין ניו יארק פאר א רב הכולל.

איך האב אזש א ציטער געטהאן פאר שמחה.

דער כלל, עס ווערט א צייטונג, די פראגע איז איצט נור, ווי מען זאל איהר רופען. דאס קינד מוז דאך האבען א נאמען.

לייבעל דער עקספרעסמאן איז אנפאנג געווארען א צושראָ־קענער. ער האט געמיינט, אז דעם רעדאקטאר איז עפעס צו־געקומען: סטייטש וואס הייסט א צייטונג געבען א נאמען? א פערד איז דאס?... אין אמעריקא האט יעדער פערד א נאמען... ווען מען האט איהם אבער ערקלעהרט, אז דאס מוז געשעהן, אז א בלאט מוז האבען א נאמען, האט ער פארגעשלאגען עטליכע נעמען אויף אויסצוקלייבען:

דער אידישער וואגען.
די וועכענטליכע קעלנע.
דער בייטש.
דער שמייסער.
די אידישע דראבינעס.
די כשר'ע סמאלניצע.
אידישע שעצקע.
דער פאלקס־זאטעל.
דער כאמאנט.
די לייצעס.

וועלוועל דער פישער האט געזאגט, אז דאס בלאט זאל הייסען:

דער אידישער העכט.
דער קארפען־קאפ.
דער שבת־שלייען.
די וועכענטליכע סטינקע.

דער קאראש.
דער זשארגאנישער פייק.
דער אידישער לאקס.
פאלקס־שופען.
אידישע רויגען.
דער הערינג.
דער פלום־פעדער.

בענצע סנוק, דער קאסטומער פעדלער, האט פארגעשלאגען דעם דאזיגען צעטעל נעמען:

די פאלקס־קראם.
דער אידישער קרעדיט.
דער גוטער קאסטימער.
דער זשארגאנישער פעדלער.
די ריכטיגע סחורה.

און דאס זיינען געוועזן מיינע נעמען:
דער טעלער.
די אידישע שמחה.
דער גרויסער מי שברך.
די זיידענע חופה.
די קהל'שע קליאמקע.
די כשר'ע מזוזה.
די געטליכע פושקע.

חיים פלאנדרע האט גאר ניט פארגעשלאגען. לייבעל דער בעל־עגלה האט זיך די גאנצע צייט געהאלטען פאר די זייטען לא־בענדיג, אזוי קאמיש איז דאס איהם פארגעקומען.

פלאנדר'ס פארשלאג איז געווען, מען זאל ארייננווארפען די אלע נעמען אין א יארמולקע און מען זאל ווארפען גורל דורך ציהען קוויטלאך און וועלכער נאמען עס וועט געווינען, וועט זיין דער ריכטיגער.

# ליוואי און זיין ציימונג.

ווי געזאגט, זיינען מיר אלע געווען „יאלדעס“ אין ציימונגס ביזנעס. אי איך אליין במחילה, אי מיינע דריי שותפים, לייבעל דער בעל עגלה, וועלוועל קראץ, דער פישער, און בענצע סנוק, דער קאסטאמער פעדלער.

מיר האבען זיך ענדליך ארומגעזעהן, אז מיר זיינען נים די ריכטיגע לייט א ציימונג א נומען צו געבען. היינט וואלט סתם ארויסגעקומען קנאה און שנאה: — „פארוואס זאל דאס בלאט הייסען ווי ד ע ר שותף האט געזאגט און נים ווי דער אנדערער?“

מיר האבען זיך דארום בעשלאסען צו ווענדען צו חיים פלאנדרע, וועלכער איז געווען בעשטימט אלס אונזער רעדאקטאר. דאס אזוי ווי ער איז א שרייבער, זאל ער די געפלאנטע ציימונג א נאמען געבען.

און ער האט איהר טאקע א נאמען געגעבען.

ער האט אריינגעשטעקט ביידע הענד אין די האאר פון קאפ און האט געקראצט און געקראצט און מען האט געזעהען, אז ער האט ממש הנאה געהאט... און אויף אזא אופן האט ער אויסגעקראצט. עס האבען זיך געשאטען נעמען איינער נאך'ן אנדערן, ווען ער האט אבער דערקראצט דעם ריכטיגען נאמען, האט ער גענומען שפרינגען ווי א באק און געשריען:

— איך האב! עס וועט נעהמען די וועלט! עס וועט געהן אומעטום! עס וועט זיך הערען אין גאנץ אמעריקא, פון אטלאנ־טישען ים ביז דעם שטילען ים. חיים פלאנדרע, ביסט ווערטה א קניפ אין בעקעל!...

לייבעל דער פוהרמאן, וועלכער איז געווען א גאנץ קאלטער מענש, ווי מען זאגט „א פראסטער שלוש סעודות“ און האט נים פערשטאנען קיין בעגייסטערונג, איז פון פלאנדרע'ס היציגקייט געווארען א צומישטער. ער האט מן הסתם פערגעסען, וואו ער איז געווען און מורא האבענדיג, אז פלאנדרע זאל איהם נים אויסקעהרען

דעם וואגאָן, האָט ער גענומען שרייען „טפררררו!"... און האָט זיך פערמאַסטעט אויף...

מיר האָבען איהם קוים אָפּגעהאַלטען.

דעם אמת זאָגענדיג, איז מיר חיים פלאַנדרע'ס חמימה אויך ניט שטאַרק געפעלען. ער איז מיר עפּעס פאַרגעקומען צו בענייר־סטערט פאַר א רעדאַקטאָר... ווען מיר האָבען אָבער דערהערט דעם נאָמען פון דער צייטונג, האָבען מיר איהם אַלץ מוחל געווען. ער האָט די צייטונג א נאָמען געגעבען „ד י ג ל אָ ק".

„די גלאָק!" „די גלאָק!" — האָבען מיר זיך אַלע גענומען פרעהען — אזוי בלייבט דאָס און ניט אַנדערש, נור „די גלאָק!"

מיר האָבען שוין געהערט בעצייטענס ווי עס קלינגט... יאָ, ווי עס פערהילכט אַמעריקאַ, ווי עס טהוט זיך מעשים.

לייבעל דער עקספּרעססמאַן האָט געהייסען אריינטראָגען ביער. ער האָט געפונדעוועט חיים פלאַנדרע דעם רעדאַקטאָר פאַר זיינע גאונות.

— ער איז א קאָפּ־שטיק — האָט ער געזאָגט — זאָל ער טרינקען!...

וועלוועל קראַטץ, דער פישער, האָט זיך אזש בעלעקט פון פלאַנדרע'ס געשמאַקען איינפאַל און איך מיט'ן קאַסטימער פעדלער, האָבען זיך אויך געפרעהט. פלאַנדרע איז געוואָרען א סך שטייר־פער ביי זיך און האָט געזאָגט, מען זאָל זיך שוין נעהמען צו דער מלאכה.

— איצט איז די בעסטע צייט ארויסצוגעבען א צייטונג — האָט ער ערקלעהרט — עס איז פונקט פאַר עלעקשאָן, פאַר א פּאָליטי־שען קאַמפּיין. וועט מען זיך קענען לייכט פערקויפען און כאַפּען א שעהנע מטבע פאַר'ן שרייבען דעם „ריינעם אמת" פיר וועלכע קאַנדידאַטען צו שטימען...

איז א טאָג שפּעטער האָבען מיר שוין געהאַט אַן אָפיס מיט א רעדאַקציע, מיט שרייבער, מיט א ביזנעס־מענעדזשער, מיט כל טוב. חיים פלאַנדרע האָט פערקאַשערט די אַרבעל און זיך גע־נומען צו דער אַרבייט.

דא האט זיך אבער אנגעהויבען די פראגע, וועלכער פון אונ־זערע פיער ארויסגעגעבער עס טויג זיך בעסער צום פערקויפען. אלס רעוורענד האב איך זיך אפילו געטויגט דערצו, אבער דער קאסטי־מער פעדלער האט געזאגט, אז איהם וועט מען אויך ניט נארען.

— איך פערקויף — האט ער געזאגט — גענוג שלעכטע סחורה פאר גוט געלד, וועל איך קענען פערקויפען די שפאלטען פון „גלאק" אויך.

לייבעל דער עקספרעססמאן האט זיך בערימהמט, אז ער איז אויך ניט קיין „שיפע זיבעטעל", אז ער איז א מבין אויף פערד און וועט פערשטעהן ווי צו האנדלען מיט אמעריקאנער וואהל... וועלוועל דער פישער האט אויך ניט געשוויגען.

אבער אלע האבען דאך ניט געקענט געהן מיט איין פארטיי, איז געבליבען, דאס אזוי ווי עס זיינען גראד יענעם יאהר געווען פיער פארטייען, זאל יעדער פון אונז געהן צו אן אנדער פארטיי.

איינער וועט פערקויפען פון „גלאק" דעם פארענט, איינער — דעם הינטען, איינער — דעם מיטען און איינער — די זייטען. דער כלל, „די גלאק" וועט קלינגען פיר אלעמען, פונקט ווי חיים פלאנדרע האט אונז פערזיכערט און צום בעסטען וועט קלינגען ביי אונז אין די קעשענעס...

דערווייל האבען מיר אפגעדרוקט גרויסע אפישען און זיי גע־לאזט קלעפען און הענגען אומעטום, — מיר האבען אנאנסירט „די גלאק".

אונזער רעדאקציאנעלע סוויטע, אדער ווי דאס הייסט אויף ענגליש: „עדיטאריעל סטעף" און סתם מיטארבייטער, קארעס־פאנדענטען, פאעטען, פעליעטאניסטען און ליטעראטען איז בעשטא־נען פון די דאזיגע לייט:

חיים פלאנדרע, — רעדאקטאר.

יאסעל דער געלער, שמעיה דער גרינער און יעקעל דער שוואר־צער — נייעס־שרייבער און ליטעראטען.

סטינקע, לאפטשע, זדראדע און קורטע — קריטיקער.

טשאראפאכע, בראכשטיין, פייפעל און בורטשאדלע, — דיכ־מער און פאעטען.

יאנקעלע קלאג־מוטער און זאנוועל דער זויערער — פעליעטאַ־ניסטען.

בערע שלעפאַק, — דער קאַרעגירער.

עפּעס איינער אַ געוויסער יאַנטעל, אַ גרינער, האַט זיך סתם ארומגעדרעהט אין רעדאקציע. שרייבען האַט ער ניט געקענט, דער־פאר אַבער פלעגט ער ארומגעהן און בורטשען, אז אין אמעריקא קען קיינער ניט... ער אליין האַט „געארבייט“ פאר פיער דאלאר אַ וואָך.

איך קען זיך ניט דערמאהנען אלע איינצעלהייטען, נור אויב איהר ווילט זיך מאכען אַ בעגריף ווי די שרייבערייי פון „גלאָק“ האַט אויסגעזעהן, קען איך ווייזען אַ פראָבקע. איך האָב נאָך ביי זיך טשאראפאכע דעם דיכטער'ס אַ פּאָעזיע און אַ שטיק פון לייט־ארטיקעל.

דאַ האַט איהר די פּאָעזיע:

## די גלאָק.

גלאָק, גליק, גלאָק,
טראָק, טריק, טראָק,
טשוואָק, טשוויק, טשוואָק,
בלאָנדער לאָק.
דיין ריכטיגע אויפגאבע
איז אדרבה
קלינגען, קלינגען, קלינגען,
די וועלט זאָל שפּרינגען
רעוורענד בראכעלניצק
איז אַ סאמעטענע מיצקע
איז דיין בעל הבית,
לייבעל בעל עגלה

שפיעלט אויף אַ ראָלע.<br>
וועלוועל קראַץ,<br>
גיט אַ שאַץ!<br>
בענצע סנוק,<br>
גיט אַ קוק!<br>
זיינען אלע ניט אַבי וואָס,<br>
גלאַק, גליק, גלאָק,<br>
טראַס. טריק, טראָק,<br>
פּלינג אַ שאַק<br>
קלונגען מיט אַמאָל!<br>
צולאָז דיין קול!<br>
פון פּאָל צו פּאָל.<br>
פאר כל ישראל<br>
זאָל דיין שטים געהן,<br>
ונאמר אָמן...

טשאראַפּאַכע דער דיכטער.

און אט איז אַ פּראָבקע פון לייט־ארטיקעל, וואס חיים פלאָנדרע אליין האט אנגעשריבען:

## די גלאָק.

---

לייט־ארטיקעל פון חיים פלאָנדרע.

---

איך בין די „גלאָק", דאס איז שוין גענוג געזאָגט.

איך קלינג אָן דעם עולם צו מענשליכקייט, צו עהרליכקייט, צו אידישקייט, צו קונסט און ליטעראטור.

מיין איין קלונג און לייטישע צעהן קלונגען איז נאָך ניט גלייך.

איך בין אַ גלאָק, וואָס קלינגט נור דעם ריינעם אמת.

ווער פון אייך הערט ניט מיין שטים? ווער ווייס ניט, וואָס איך וויל, וואָס איך מיין, וואָס איך בין אויסען, וואָס איך זוך און וואָס איך וויל געפינען?

ווי קומט צו אידען א גלאק? פרעגט איהר. ווי קומט צו גוים אן ארגעל? זיי האבען דאך צוגענומען דעם ארגעל פון בית המקדש, נעהמען מיר צו זייער גלאק.

זיי האבען געמאכט א אידען פאר א גאט, וועלען מיר מאכען א גוי פאר אן אלדערמאן... מיר וועלען דערפאר עלעקטען זייער גאנצען טיקעט, דער גוי איז טרפה, אבער זיין קאנדידאט איז כשר...

זייט וויסען, רבותי, אז קיין געלד בין איך ניט אויסען. איך קלינג אומזיסט, לשם שמים. איהר קענט ביי מיר ניט קויפען א קלונג ווען איהר זאלט זיך אפילו איבערקעהרען מיט'ן קאפ אראפ און מיט די פיס אין דער הויך. איך בין עהרליך, איך בין דער ריינער אמת...

קויפט מיך, לעזט מיך, פאלגט מיך, ליעבט מיך, הויבט מיך און האט הנאה!...

---

קיין אנאנסען האבען אונז אויך ניט געפעהלט.

כשר'ע זאכען האט מען געקראגען צוליעב מיר און טרפה — צוליעב דעם רעדאקטאר... ווען איינער האט ניט געוואלט אנאנסירען אין „גלאק", האט זיך חיים פלאנדרע צו איהם גע־נומען.

איך מוז אייך זאגען דעם אמת, אז צייט דעמאלט האב איך ניט קיין אמונה אין שרייבער...

מיר האבען געהאט אין „גלאק" א וויציגע אבטהיילונג „דער באמער", צו אמוזירען דעם עולם — אבגעהיט זאל מען ווערען! די באמס, די „וויצלער", זיינען געווען די ערגסטע באנדע יונגא־טשעס וואס איך האב ווען עס איז געזעהן. דאס איז א שמוציגע באפטע בארוועסע „סקאקונעס", זיי האבען געשפייט מיט בלאטע אויף גאט און לייט, און זייער גרעסטער „וויץ" איז בעשטאנען אין דעם, וואס זיי פלעגען קענען ארויסשטעקען א קוטיגע צונג איי־נעם, וואס איז א מיליאן מאל גרעסער פון זיי...

סיי ווי סיי אבער, נעלד אָב איך געמאַכט, און האָב געקויפט שיפס־קאַרטען פאַר מיין רישע גיטקען און די קינדער.

איך האָב אויך גענומען קלעהרען וועגען אַ ריכטיגען נאָמען פון מיינעטוועגען. דען אַנדערע האָבען מיך געקענט אלס ליוויי, ווי מיסעס סמערגעל, מיין שוויגער'ס שטיעפשוועסטערס שני בשלישי האָט מיר דאַ אַ נאָמען געגעבען ווען איך בין נאָך געווען אַ גרינער. אַנדערע ווידער האָבען מיך געקענט אלס רעוורענד פלטיאל חאַצקעל כראַכעלניצקי. לאַנדסלייט, וואָס האָבען מיך געקענט פון זאַסלאַקאַווינע, האָבען געוואוסט אַז איך בין גאָר אַ כהן פון דער־היים.

איך האָב אויף אַזאַ אַרט ניט געקענט ווערען קיין אַמעריקאַנער בירגער.

די אַמעריקאַנער קענען סתם ניט אויסריידען קיין „חאַ". זיי האָבען ניט קיין „ח" אין ענגלישען „אלף־בית". אַנשטאַט „חאַ". זאָגען זיי „קאַ" אָדער „טשאַ".. אויף אַזאַ אַרט וואָלט איך אין ענגליש געדאַרפט הייסען „קראַקעלניצקי" אָדער נאָך ערגער, „טשראַקעלניצקי".

נאָר ווי איך בין דעמאָלט געזעסען גראַד איינער אַליין אין רעדאַקציע און געטראַכט, עפענט זיך פּלוצלונג די טהיר און עס קומט אַריין אַ הויכער יונג, אַ גינגעלניק, איך האָב מיך אזש דער־שראָקען... ער איז צוגעגאַנגען גלייך צו מיר און געפרעגט:

— קען איך זעהן דעם רעדאַקטאָר?

דאָס איז מן הסתם וועגען פּאָליטיק — האָב איך מיר גע־טראַכט — אָדער אפשר אַ חתן, מיך געקומען איינלאַדען אויף אַ שמחה, צי אַ קאָמיטע־מאַן מיך געקומען פאַדערען צו אַ „לעקטשור" איך פלעג האָבען מאָסען לעקטשורס און דוכאַוונע פּרנסה צוליעב דער צייטונג. נור ווי דער שטייגער איז, אַז מען קומט אין אַ רע־דאַקציע פרעגט מען אויפ'ן רעדאַקטאָר, מען וויל כאַפּען אַ קוק אויפ'ן בעל דבר, ווי ער זעהט אויס, און פאַר איינס איהם אַביסעל אַ נודע מהאַן — „נו" — קלעהר איך מיך — „פּלטיאל חאַצקעל כראַכעלניצקי, איצט ביסטו אַ רעדאַקטאָר, חיים פלאַנדרע אין

ניטאָ, מעגסטו פערנעהמען זיין אָרט". איך האָב זיך אויסגעהוסט און זיך אָנגעבלאָזען:

— איהר מוזט דוקא זעהן דעם רעדאַקטאָר גופא? — פרעג איך איהם און נעהם כלומערשט אַ פען אין האנד און שרייב...

— יאָ, איך מוז דוקא זעהן דעם רעדאַקטאָר גופא — האָט דער יונגער מאַן געענטפערט.

— עפּעס מכח געשעפט? — פרעג איך.

— מכח געשעפט — ענטפערט ער.

— פּאָליטיק? — פּרוביר איך אַ טאַפּ טהאָן.

— פּאָליטיק, — זאָגט ער און איך זעה, אַז ער איז נערוועז.

— פון וועלכע פּארטיי זייט איהר? — גיב איך איהם ווייטער אַ פרעג — אַ היגער, אָדער פון פילאַדעלפיא?...

— דוקא אַ היגער — זאָגט ער און פון דער ריכטיגער פּאַרטיי. איך מוז זעהן דעם רעדאַקטאָר. מיין צייט איז בעשריינקט...

— אַז איהר ווילט איהם דורכאויס זעהן, טאָ זעהט איהם — האָב איך געזאָגט — איך בין דער רעדאַקטאָר.

דער לעצטער וואָרט איז מיר נאָך געהאַנגען אויף די ליפּען, אַז דער מאַן הויבט דאָס אויף די האַנד און פּאַהרט מיר אריין אין באַק, אַז איך האָב זיך פערבלוטיגט.

— אוי, וועה איז מיר! — האָב איך אויסגעשריען — וואָס האָט איהר צו מיר?

— לומפּ! — האָט ער מיר געענטפערט פּראַסקענדיג — איך וועל אייך ווייזען ווי צו זידלען מענשען אין אייער „באַמער". אַז איהר ווייסט ניט וואָס צו טהאָן מיט גוטע אַמעריקאַנער טינט, וועל איך אייך ווייזען אַז איך ווייס יאָ — אַזוי ריידענדיג האָט ער געכאַפּט אַ פלאַש בלויע טינט און האָט מיך אָפּגעפּליוכעט פון אויבען ביז אַראָפּ.

די בלוט און די בלויע טינט האָבען זיך געגאָסען איבער מיין ווייסע העמד. איך האָב אויסגעזעהן מיט מיין שפּיציגען בערדעל ווי „אַנקעל סעם", ווי די קאַרעקאַטוריסטען שטעלען איהם פאָר אין אַן אַמעריקאַנער פאַהן פון רויט, ווייס און בלוי...

# ליוואי בלייבט ליוואי.

ווי איהר האט געזעהן פון אלץ, וואס איך האב אייך דער־צעהלט, האב איך געצאהלט א שעהן ביסעל „רבי געלד", ביז איך האב זיך ארויפגעארבייט אין אמעריקא. עס איז מיר ניט וואויהל געוועזן ביז איך בין דערגאנגען דעם סוד, אז די ריכטיגע הצלחה אין דיעזער גאלדענער מדינה קומט נור דורך „פעיק" און „בלאף".

יא, איך בין געוועזן א „גרינער" כל זמן איך האב דאס ניט פערשטאנען; כל זמן איך האב געוואלט געהן מיט'ן דרך הישר: קוים האב איך זיך פערנומען „אז א זייט בין איך ארויס געקומען גלייך אופ'ן ריכטיגען ארט, און בין איצט אלל רייט.

דורך מיין אמעריקאנער „רבנות" בין איך נעקומען צום הא־בען אן איינענע צייטונג, דורך דער צייטונג בין איך אריין אין „פאליטיק", דורך די פאליטיקע בין איך געקומען צו „מזומן", דורך מזומן — צו „ריעל איסטייט", גרונט אייגענטהום און ז. וו., א. ז. וו., ביז איך האב דערגרייכט צו מיין איצטיגע מדרגה.

איך וועל ריידען מיט אייך גאנץ פריי און אפען: אויב איהר מיינט, אז איך בין איצט מעהר מענש, מעהר דענקער אדער מעהר אויפטהוער ווי יענער פלטיאל חאצקעל בראכעלניצקי, וועלכער האט זיך גרינערהייט, ארייננע'הרג'עט צו זיין שוויגער'ם שטיפשוועס־טער'ם שני בשלישי מיסעס סמערגעל אין קעלער — יא, אויב איהר מיינט אזוי, האט איהר במחילה א טעות. איך בין דער זעלבינער מיט די ביינער.

איך בין נור מעהר בלאפער, מעהר אמעריקאנער פייקער. מעהר כיטראק. מעהר פעהיג צו פערשטעהן זאכען, וועלכע שאַ־פען ניט א מענשען קיין מענשליכקייט, קיין אמת'ן אינערליכען נחת, קיין נשמה־פרייד און קיין העכערען פערגעניגען.

אין זאסלאקאווינע אין בית המדרש, וואו איך בין געזעסען מיט בטלנים ביים אויווען און געבאקט קארטאפעל, בין איך א סך ערענטליכער און פיינער געווען, און מיין געזעלשאפט איז

געווים געווען פיינער און אָרענטליכער ווי די פּוליטורטע בלאָ־פערם, צווישען וועלכע איך בעוועג זיך איצט.

איך שווער איך, אז דאָן, ווען איך האָב דאָ, אלס גרינער צו מיין ערשטען „ברעקפעסט", געטונקט בענענעס אין זאַלץ און זיי געגעסען מיט די שאָלאָכץ, בין איך געווען דערזעלביגער חכם וואס היינט... איך ווייס איצט ווי מען עסט בענענעס, ווייס איך דערפאר ניט מעהר די עהרליכקייט פון בית המדרש. איך האָב ניט געוואוסט ווי מען עסט בענענעס, ווייל ביי אונז אין שטעדטעל זיינען אזעלכע פּירות ניטאָ.

מיר וואָלט דאָרט אבער קיינמאָל ניט איינגעפאַלען דער חוצפה'דיגער איינפאַל צו ווערען א רב, א ציימונגס־ארויסגעבער, אדער א מאכער אין רעגירונגס זאכען. ווען איך וואָלט דאָרט גע־האָט אזעלכע חלומות, וואָלט מען מיך ארייגעלעגט אין א משוגעים־הויז, און מען וואָלט געדעכט געווען אויך. דאָ אבער איז א הפקר וועלט. ווער עס האָט נענוג חוצפה און פערשטאָכענע אויגען, דער קען דאָ ווערען אַלץ, וואס זיין הארץ געלוסט נור.

איך בין חלילה ניט קיין גנב. וואס שטעקט די האנד ביי יע־נעם אין קעשענע; איך בין קיין רויבער, קיין איינברעכער. איהר קענט מיך ניט פערקלאָגען אין קרימינאַל פאר גנבות. איך בין א שעהנער, אנשטענדיגער אמעריקאַנער בירגער. א „סעלף מעיד מאן", א דזשענטעלמאן, וואס האָט זיך ארויפגעארבייט דורך אייגענע פעהיגקייט...

איך בין געווען א רב, ווי די מעהרסטע אמעריקאַנער רבנים... איך האָב זיך פערקויפט פאַר עלעקשען צו געמיינע, נידעריגע פערדאָרבענע פּאָליטישענס און האָב פערטומעלט אידען א מח, אז זיי זאָלען פאר דיעזע בעשעפּעניסען שטימען, — מה רעש ? אין אמעריקא איז דאָס ניט א פעברעכען. אז א געזעצליכע פּאַרטיי מעג דיעזע לומפּען, באַנדיטען, כאַבאַרניקעס און אויסוואורפען גע־זעצליך נאָמינירען אלס קאַנדידאַטען, האָב איך געמעגט פאַר זיי אגיטירען. איך בין דאָך ניט מחויב צו זיין עהרליכער ווי דאָס גע־זעץ...

איך האב גענומען דעפאר געלד.

א נאר וואלט איך געדארפט זיין צו טהאן אזא זאך אומזיסט!

אין אמעריקא איז אלץ דעמאראליזירט. דעם העכסטען בע־אמטען, ווי דעם פראסטען לויפערשען פאליסמאן, מעגט איהר אנ־שמירען מיט כאבאר; עס וועט געהן א גאנג... פון פאלים־קאורט ביז דער „ווהייט הויז" אין וואשינגטאן ארבייט נור געלד־איינפלוס, קרומע פאליטיק און אינטערעסען פון יחידים.

יא, איך וויים דאס, איך האב זיך גענישט אין פאליטיק. איך האב זיך ארויפגעדראפעט אויפ'ן אויבערשטען שטאפעל ניט דורך תהלים־זאגען, — חלילה!...

איך בין איצט איינער פון אמעריקא'ס אידישע יחסנים, און מיין רישע גיטקע איז א פרעזידענטיכע אפשר אין טויזענד פער־איינען, חברות און סאסייעטים.

אנשטאט די פראסטע שטיינער, וואס איך האב געכאפט גרוי־נערהייט פון די היגע לויפערס, טראג איך איצט די טייערסטע שטיינער אין מיינע רינגען און ברוסט שפילקעס. מיין רישע גיט־קע איז איצט במעט אין גאנצען א גאלדענע, פונקט ווי איך האב איהר געזעהן אין מיין ערשטען חלום אין אמעריקא, ביי מיסעס סמערגעל אין קעלער, וואו איך האב געהאלפען ארבייטען ביי די בארעלס מיסט... און ניט נור איז מיין רישע גיטקע א גאלדענע, זי איז אויך א שטיינערנע, איינגעטונקט אין אלערליי זעלטענע, בליאסקעדיגע שטיינער פון קאפ ביז די לענדען.

און מיין נאמען איז טאקע געבליבען ליוואי ווי מיסעס סמערגעל, מיין שוויגער'ס שטיפשוועסטער'ס שני בשלישי האט מיך אלס גרינעם א נאמען געגעבען אנדערע רופען מיך „דער רייי־בער ליוואי", זאל זיין אזוי. איך דארף זיך פון דעסטוועגען ניט שעהמען. גאטס גאב און מיין פראצע, איך האב „געטראיט" שטארק „געטראיט" ביז איך האב זיך, געלויבט השם יתברך, „ארויף געטראיט"...

איך וועל קיינמאל אין לעבען ניט פערגעסען די פערדרייענים.

וואס איך האב געהאט, מיט מיין פאמיליע, איידער איך האב איהר אריין געבראכט דא אין לאנד.

מען האט זיי בשום אופן ניט געוואלט אריינלאזען אין אמע־ריקא. ניט אנדערש זיי נור צוריק שיקען. פארוואס צוריק שי־קען? פאר וואן צוריק שיקען? גאר ניט, ניטא קיין קשיות. אט וועט איהר אדרבה הערען.

מיין עלטערע מיידעל, מערע חיענקע, האט זיך, ניט פאר אייך געדאכט, פערדארבען דעם מאגען פון די געשמאקע געריכטען, וואס מען האט געגעבען די פאסאזשירען אויפ'ן שיף...

מיין אינגערער מיידעל דוואשקע האבען זיך גראד גענומען אויסשניידען באקצייהנער.

מיין בן יחיד יונה מאטקען האבען זיך עפעס אנגעריבען היה־נער אויגען אויף די פיס־פינגער, פון די ענגע קאמאשען, וואס חעמקע דער שוהסטער פון זאסלאקאווינע האט איהם בכוון גע־מאכט פיר אמעריקא...

און מיין רישע גיטקע גופא האבען, ניט פיר קיין מענשען גע־דאכט, געדרייט די „שנים“, זי האט געליטען פון צייהן־ וועהטאג. זי האט דאס מן הסתם געקראגען שרייענדיג אויף די קינדער...

פערשטהט איהר דאך שוין מן הסתם, אז מען האט זיי ניט געוואלט אריינלאזען אין דער מדינה. דער עמיגראציאנס אינס־פעקטאר האט זיך איינגעשפארט דוקא, און ניט אנדערש זיי צו־ריק צו שיקען, ווייל די גאנצע פאמיליע „האט די כאלעריע“...

מיין יונה מאטקע האט זיך נעבעך אויסגעטהאן בארוועס און געוויעזען, וואו עס קוועטשט איהם דער שוך, מיין רישע גיטקע האט געעפענט א מויל און געוויזען וואו איהר גרויסער וועהטאג ליעגט... אז זי האט צייהן־דרייענים; מיין מערע חיענקע האט זיי אלעמען ארויסגעשטעקט א צונג און געוויינט, אז זי האט אין מאגען; דוואשקע האט נעבעך אויך געשריען אויף צייהנדלאך, דער אינספעקטאר אבער האט זיך געהאלטען ביי דאס זייניגע. כאטש האק איהם די נעגעל, האט ער נור געוואלט א „כאלעריע“...

און מען וואלט זיי אפשר אלעמען צוריק געשיקט (ווי דער

שטייגער איז) ; מיין פּאָליטישער איינפלוס אָבער, מיין „פּולל“ מיט די ריכטיגע מאַכערס פון שטאָדט און ענדליך מיין באַנק-ביכעל האָט זיי גערואַטעוועט.

איצט איז מיין רישע גיטקע מיסעס ליוואי, זי פאָהרט אין אָטאָמאָבילס און האָט אַ ניגער פון הינטען. מיין מערע כיענקע הייסט איצט מיסיס צוצקין. איהר מאַן מאַנופעקטשורט און זי איז מעהר ווי אָלל-רייט. מיין דוואָשקע הייסט מיסעס כראַבניק. איהר מאַן געהט אין די הייזער. ס'הייסט אין זיינע אייגענע הייזער מאַהנען דירה-געלד, און מיין יונה מאַטקע איז אַ „לאָיער“, אַן אדוואָקאַט. ער איז איצט אַ „דזשאַרדזש“, אַ ריכטער אין אַ העכערען געריכט. דאָס איז נאַטירליך אויך געוואָרען צוליעב מיר: —געלד, פּאָליטיק א. ז. וו. און איך האָב די גאַנצע וועלט אין טראַק.

ערשט איצט קומענדיג אין דער „העכערער געזעלשאַפט“, צווישען די געלד אַריסטאָקראַטען, האָב איך אויסגעפונען, אַז די מעהרסטע פון זיי זיינען אַמאָל אויך געווען אַט אַזעלכע מיני „כראַבעלניצקים“. און זיינען איצט אַזעלכע „ליוואיס“ ווי איך.

איצט, ווען איך הער ווי מאַנכע בעריהמען זיך, אַז זיי האָבען זיך „ארויפגעאַרבייט“, ווייס איך ווי אַזוי מען אַרבייט זיך ארויף אין אַמעריקאַ...

איך דאַנק אייך זעהר פאַ'ן אויסהערען מיך, איך האָב דאָס אייך אַלץ דערצעהלט מכח דעם ווי אונזערע „פיינע בריות“ זיינען דאָ געוואָרען אָלל רייט. — האָט מיר אַ גוטען!

ענדע ערשטער טייל

## רייטשעל׳ס ערשטער אריינקום.

ווען איך בין אוועק פון פרעכנע נאך אמעריקא, בין איך נאך נים געווען קיין מינדיגע בתולה... איך בין נאך דאמאלס נור וואס ארוים פון מיין פופצעהנטען געבורטסטאג, און דאך בין איך שוין געווען, ווי מען זאגט: „א מויד מיט פיסקעס".

פון וואנען בין איך געווען אזא געזונטע מויד, ווייס איך אליין נים. מיין טאטע איז געווען אן אלטער, יאדושליוועד מלמד, און מיין מאמע? — פרעגט שוין גאר נים! פלעגט נור ארומגעהן גאנצע טעג און קוואקען, אז זי האט געהאט א נאמען ביי אונז אין שטעדטעל „די קוואקע".

אין גאנץ פרעכנע און ארום פרעכנע האט מען געקענט שאמ־שע, בוניע מושע׳ס דער מלמד. מיין טאטע איז געווען א מוס־טער פון קבצנות און חלשות.

ווען מען האט געוואלט אב׳משל׳ען איינעם, אז ער איז א גרויסער ארעמאן, האט מען געזאגט, אז ער איז א קבצן ווי שאמשע בוני מושע׳ס, און ווען מען האט געוואלט איינעם כא־ראקטעריזירען אלס א זעהר שוואכען מענשען, האט מען געזאגט, אז ער איז א חלש ווי שאמשע דער מלמד.

איך אבער, שאשקע דוואשקע מיכלעצקע בין געווען אז אמת׳־ער קאזאק. וואס גאט האט געזשאלעוועט צו געבען מיינע על־טערען, האט ער אויסגעלאזט צו מיין קאפ. די גאנצע מזל־ברכה, די גאנצע גערעטענים איז אריין אין מיר.

— נסים — פלעגט זאגען דער טאטע צו דער מאמען, ווייזענ־דיג אויף מיר מיט׳ן טייטעל — זעה נור א בתולה!

„זעהט נור שאשקע דוואשקע מיכלעצקען סטעשע נעבע צילע דרייזע׳ס, שאמשע בונע מושע׳ס דעם מלמד׳ס מיידעל !" — פלעגט פרעכנע מיך עסען מיט די אויגען — זעהט א מין געזונד־קייט ! א זשאנדאר !

פאר וואוילטאג בין איך נאך אמעריקא ניט געגאנגען. פרעכ־נע איז איין גאנצען גרוים ווי א מינוט. איך האב זיך פערביינקט נאך דער גרויסער וועלט. א פרעכנער מיידעל איז אוועק נאך אמעריקא און געשריעבען גוטע בריעף, האט זיך מיר אויך געוואלט געהן. געלד אויף הוצאות האט מען ווי עס איז צונויפגעגראבעט און איך בין געגאנגען.

מיין שטיקעל גליק איז געווען וואס מיט מיר איז מיטגעגאנ־גען הער פרעכנער שמש זושע דער בלייכער, מיין טאטענס א חבר. האט ער מיר אויסגעהאלפען אונטערוועגנס. ווי גיך אבער מיר זיינען געקומען נאך אמעריקא, האב איך איהם פערלארען. ער איז אוועק פון „קעצעל גארדען" (קעסטעל גארדען) צו זיין טאכטער יאכ־נע הינדעצקע, זעהר א רייכע, א גביר׳טע, און איך האב געמוזט ווארטען, מען זאל מיך קומען אבנעהמען.

קיין סך פריינד האב איך דא ניט געהאט זיי האבען אלע געוואוינט אין דער קאנטרי, אבער ניט אין אמעריקא... דא בין איך געווען כמעט אן עלענדע. אלץ וואס איך האב דא פערמאגט איז געווען מיין טאטענס א טאנטע, ס׳הייסט, מיינע אן עלטער מוהמע, אן אלמנה. איטע גיטע האט זי געהייסען. א גוטען „דארד־טען" זאל זי האבען ! זי איז שוין לאנג אין גן עדן. דא אין אמעריקא האט זי זיך גערופען אויף ענגליש מיסעס טשיפטשיק.

זי האט מיך געדארפט קומען אבנעהמען פון שיף און איך האב אויף איהר געווארט א קארגע וואך צייט. מען האט מיך אהן איהר ניט ארויסגעלאזט. מען וואלט מיך אפשר יא ארייננעלאזען אין אמעריקא, האב איך אבער אויפ׳ן וועג פערלארען מיין עלטער מוהמע׳ס אדרעס און אליין האבען זיי מיך ניט געלאזט, בין איך געזעסען און געווארט.

מיסעס טשיפטשיק איז ניט שולדיג געווען וואס זי האט זיך פערשפעטיגט. א זינדיגע אידענע, מ'שטיינס געזאגט, האט זי ניט געקענט לעזען און ניט שרייבען, האט זי געהאלטען „באר־דערערס" האט איהר איינער פון די בארדערערס שלעכט איבער־געלעזען דעם בריעף, אין וועלכען איך האב געמעלדעט, אז „איך קום". ער האט אויסגערעכענט, אז איך דארף ערשט קומען אין א וואך ארום. האט זי נאך געהאט צייט, און האט זיך ניט געאיילט.

ווי עס האט זיך שפעטער ארויסגעוויזען, איז דאס ניט געווען דעם בארדער'ס שולד. ער איז טאקע געווען א „קענער", נור ניט אויף מיין טאטענס שרייבען... ער האט ניט פערשטאנען מיי־טאטענס „אויסלייגעכץ", קיין וואונדער ער איז געווען א שמעכנער און ניט קיין פרעכנער, און אין שמעכנע האט מען אויסגעלייגט אנדערש ווי ביי אונז אין פרעכנע... מיין טאטענס לשון קודש האט ער אויך ניט פערשטאנען, נו, האט ער געהאט א טעות אין חשבון און איך בין דערווייל געזעסען אין „קעצעל גארדען" און געווארט.

מיר איז דארט געווען ניט געשמאק צו זיצען. פערשיעדענע שלעק, בחורים אדער אפשר בעלי בית'לעך, — דער שווארץ יאהר האט זיי געוואוסט! — מיט קוקארדעס אויף די היטלען און אהן קוקארדעס האבען זיך רק צו מיר געטשעפעט און געבונדען. גע־שמייכעלט, געלאכט, געוואונקען מיט די אויגען. דער האט א גלעט געטהאן מיין בלוזקע, דער מיינער האאר, און האבען גערעדט א מין פערשטעלטען לשון, אז, זאל מען אזוי וויסען פון זייערע קעפ, ווי איך האב געוואוסט וואס זיי באלעבאטשענען... ערשט איצט פערשטעה איך, אז דאס האט געמוזט זיין ענגליש...

דאס האב איך אייך פערגעסען זאגען, אז אומעטום האבען מיך די מענער אזוי גענודיעט, אויפ'ן גאנצען וועג, ביז איך בין גע־קומען אין אמעריקא. ווי גיך איך בין אריבער דעם גרענעץ, הא־בען זיי מיך גענומען טשעפען: גלעטען, קניפען און אפילו קו־שען... איך האב ניט פערשטאנען וואס זיי ווילען פון מיר, מיר האט זיך נור געדאכט, אז זיי זיינען מיר ניט אזעלכע גוטע פריינד

ווי זיי מאַכען זיך, אַז זיי האָבען מיך ניט ליעב מיט אַן אמת און ביז פון זיי געלאָפען...

ווען איך האָב זיך בעקלאָגט פאַר זושע דעם בלייכען, אַז די יונגע לייט לאָזען מיך ניט צורוה, האָט ער מיר געענטפערט, אַז „אַ נקבה איז דער פרעמד מוז זיך גוט איינקוקען אויף זיך".

מילא, ביז איך געשטאַנען די גאַנצע צייט אין „קעצעל גאָר־דען" און האָב פון זיך די אויגען ניט אַראָב גענומען...

צום ערגסטען איז מיר געוועזען ביי נאַכט. אין דער פינסטער האָב איך ניט געקענט אַזוי גוט קוקען אויף זיך. בין איך געלעגען און געציטערט. איך האָב זיך אָנגעהאַלטען אַן מאַטראַץ און נאָכ־אַנאַנד „געלייענט קריאת שמע"...

איך פלעג ליעגען און קלעהרען: אפשר איז חלילה מיין על־טער מוהמע איטע גיטע מיסעס טשיפּטשיק געשטאָרבען, טאָ וואָס וועט דאָ זיין מיט מיר? וואו וועל איך זיך אהין טהאָן? וועט מען מיך אריינוואָרפען אין ים? וועט מען מיך אריינלאָזען אין אַמעריקאַ, אויב מען וועט מיך ארויסלאָזען פון דאַנען? וואו וועל איך געהן? וואו וועל איך נעכטיגען? ווער וועט מיר געבען עסען?

מילא, ארבייט — האָב איך גערעכענט — וואָלט איך שוין געקראָגען. ביי אונז אין פּרעכנע בין איך געוועזען בעריהמט פאַר אַ גוטע מעלקערקע פון ציעגען. די ערגסטע ציעג פלעג איך האַ־מעוועז און אויסמעלקען. מיין טאַטע פלעגט שטענדיג זאָגען: ווען ניט מיין שאַשקע דוואַשקע מיכלעצקע וואָלט איך ניט געהאַט קיין טראָפּען מילך פאַר די קינדער און וואָלט געמוזט פערקויפען די ציעג וואָס איך האָב בירושה פון מיין באָבען. מיך לאָזט זי ניט צו צו זיך, שאַשקע דוואַשקע מיכלעצקע אָבער מעלקט איהר אויס ביז אַ טראָפּען, און „גאָר ניט".

נו — האָב איך געטראַכט — וועל איך דאָ דערווייל מעלקען ציעגען. אַזאַ גרויסע שטאָדט ווי אַמעריקאַ, נעוויאָרק, ווי האָט דאָס ניט אַ בעל הבית כאָטש איין ציעג אָדער צוויי ציעגען?

אמעריקא איז דאך ניט פרעכנע, איך וועל געפינען ציעגען צו מעלקען...

אזוי פלעג איך טראכטען און קלעהרען, און איך וואלט אפשר אראב פון זינען ווען ניט נאך עטליכע ווייבער מיט קינדער, גוי׳־אישע און אידישע, וואס האבען טאקע אין דערזעלביגער „דירה״ מיט מיר געווארט מען זאל זיי קומען אבנעהמען.

זיין מאל הער איך ווי מען רופט אוים ביי אונז אין דירה: „שאשקע דוואשקע מיכלעצקע טארגומעצקי״!

אין א פאאר מינוט ארום איז מיר ארויף געפאלען אויפ׳ן האלז א גראבע אידענע ווי א יאטקע־קלאץ, און האט מיך גענומען קור־שען זאג איך אייך, זי וואלט מיך אפשר צוביסען... ווען עס וואלט אין מיטען דערינען ניט פאסירט אן אונגליק, און עס זיינען איהר, ניט פאר אייך געדאכט, ארוים געפאלען אלע צייהנער פון מויל אבער טאקע אלע, זאג איך אייך, די אויבערשטע און די אונטער־שטע.

איך בין געווארען א טויטע!

גוואלד,— האב איך געטראכט — וואס פאר א צייגער האבען זיי דאס אין אמעריקא? ביי אונז אין פרעכנע זיינען נאך קיינעם ניט ארויסגעפאלען פון מויל אלע צייהנער מיט אמאל. ביי מיר איז אמאל ארויסגעפאלען א צאהן פון מויל, האט ער זיך פריהער געשאקעלט, ער האט מיר הייסט דאס אנגעזאגט, אז ער קלייבט זיך ארוים צו פאלען, און ווען ער איז שוין ארויסגעפאלען, האב איך איהם גענומען און אריבער געווארפען הינטער ווייעכטס איבער׳ן פלייצע און געזאגט:

„מייזעלע, מייזעלע,

נא דיר א ביינערנעם

גיעב מיר אן אייזערנעם״

אין א יאהר ארום איז מיר אן אנדער צאהן ארויסגעוואקסען טאקע ווי געזאגט, „אן אייזערנער״, איך האב איהם נאך אויף היינטיגען טאג. דא אבער האט דאס אין גאנצען געדויערט א

מינוט און זי האט שוין ווידער געהאט אלע צייהן אין מויל און מיך ווידער געכאפט און געקאנטשעט קושען... זי האט מיך געקושט און איך האב געציטערט פאר פחד.

ווען זי האט מיך שוין געהאט אבגעקושט, טהוט זי פלוצלונג א פרעג.

— זעה, מיידעלע, ווער ביסטו ?

— איך בין שאשקע דוואשקע מיכלעצקע טארגומעצקי, סטעשע בוניע מושע'ס דעם מלמד'ס פון פרעכנע א טאכטער.

קוים האב איך געענדיגט זאגען ווער איך בין, האט זיך די גראבע אידענע ווידער ארויפגעשליידערט אויף מיר און מיך גענומען קושען, זי האט מיך שיער דערשטיקט.

— פאוואליע ! קוועטשט ניט אזוי ! — האב איך זיך ביי דער אידענע געבעטען.

זי האט מיך מיט איין מאל האסטיג אבגעלאזט און מיך מיט איבערראשונג ווידער א פרעג געטהאן :

— ווער, האסטו געזאגט, ביסטו ?

— שאשקע דוואשקע מיכלעצקע טארגומעצקי פון פרעכנע.

— פון וואנען ?

— פון פרעכנע נעבען שמעכנע.

— וואו איז דאס ערגעץ פרעכנע ?

— אין דער ליטא.

— טפוי ! שמע ישראל ! — האט די אידענע אויסגעשפייט און אויסגעשריען אנטלויפענדיג פון מיר ווי אן אונטער געשאסענע — הערט, נור א פרעמד מיידעל, א ליטוואצקע, גור ניט פון קראקע ?... ניט פון גאליציע ?

אזוי שפייענדיג און שרייענדיג איז זי געלאפען איבער'ן גרויסען צימער און איז ווידער ארויף געפאלען עפעס אויף א מיידעל, דאס מאל דאכט זיך אויף א קריסטליכע און האט איהר גענומען קושען...

צו מיר איז ווידער צוגעקומען א הויכע, מאגערע, בעיאהרענטע פרוי, האט מיך אביסעל אנגעקוקט און געפרעגט :

— רופט מען דיין טאטען שאמשע בוניע מושעם און דיין מאַ־מען סטעשע נעבע, ציל־דרייזע'ס און דיך שאשקע דוואשקע מיכ־לעצקע ?

— יע.

— קומסטו פון פרעכנע נעבען שמעכנע ?

— יע.

— האסטו דאַ אַ מוהמען איטע גיטע מיסעם טשיפּטשיק ?

— יע.

— נו, טאַ וואס שטעהסטו ? קום אַ היים ! איך מוז זיך איילען מיט'ן „דינער", ס'הייסט מיטאג.

— וואס זאגט איהר ? אַ דונער ?...

— קום, וועסט שוין וויסען.

אט אזוי האבען מיר פערלאזען די דירה און זיינען אוועק.

---

## רייטשעלס על־טער־מוהמע פערבלאנדזשעט.

אז אַן עלטער־מוהמע, אַן אמעריקאנערקע, בעמיהט זיך און קומט נאך דיר אזש אין „קעסע גארדען", און רופט דיך אַ„היים", און דו קומסט גראד פון פרעכנע, הונגעריג, שלעפעריג און פער־מאטערט, דארפסטו זיך נאטירליך דערפרייען און געהן.

מילא, האט מיין עלטער־מוהמע איטע גיטע מיסעם טשיפּטשיק גענומען איין פעקעל און איך אַ צווייטען פעקעל און מיר זיינען געגאנגען אַ היים.

עס איז אָבער ניט געגאנגען אזוי ווי עס רעדט זיך. מיר האבען אריינגעכאפּט אַ היבשע פארציע מיט פערדרייעניס ביז מיר זיינען געקומען אויף אַן ארט.

ווי גיך מיר זיינען ארויס אין דרויסען, האט מיסעם טשיפּטשיק ניט געוואוסט וואו זי איז אין דער וועלט. אויף וועלכען וועג זי זאל זיך פערנעהמען.

זיי האבען עפעס אזוי פיעל וועגען אין אמעריקא ! געה, טרעף מיר וועלכער וועג עס איז דער ריכטיגער ! ביי אונז אין דער ליטא געהסטו ארוים מיט איין וועג פון שמעכנע קומסטו גלייך אין פרעכ־נע נעבען באד. אין אמעריקא אבער, זאל מען אבגעהיט ווערען ! עס איז געה און געה, דרעה זיך אהין און דרעה זיך אהער, מען קען משוגע ווערן. היינט די פייפענים, די הוזשענים או טומלענים. אז א פרעכנער בלייבט דא שטעהן ווי א גולם. אפילו מיין עלטער מוהמע איטע ניטע מיסעס טשיפטשיק, וואס איז שוין אן אמערי־קאנערקע, איז אויך געבליעבען שטעהן א טויטע, און האט זיך ניט געוואוסט וואו צו קעהרען.

געבראכט אין „קעסעל גארדען" האט איהר, לויט ווי זי האט מיר דערצעהלט, א בעקאנטער, נור אזוי ווי ער האט קיין צייט ניט געהאט צו ווארטען, האט ער איהר אריינגעלאזט אין מויער און איז אליין אוועק.

איידער ער איז אוועק האט ער איהר פערשריעבען איהר איי־גענעם „דרעקשוין" (דירעקשען), און פערזיכערט, אז איצט וועט זי שוין נים דארפען בלאנדזשען.

אנקוקענדיג מיין עלטער־מוהמעס פערלעגענהייט, איז מיר עפעס געווארען קאלעמוטנע אויפ'ן הארצען, נור פון העסטוועגען האב איך זיך נים צו שטארק געשראקען. אבי איך בין שוין אין אמעריקא, אבי אריבער דעם וואסער און געה מיט אן אייגענע.

קלעהרענדיג א וויילע, האט מיסעס טשיפטשיק צו מיר א זאג געטהאן.

— קום, מיר וועלען שוין טרעפען, דו האלט זיך נור אן אז מיר וועסטו זיין „א'רייט" (אלל רייט)...

אין עטליכע מינוט ארום זיינען מיר ארויף אויפ'ן „א'וועטער" (עלעווייטער). מיסעס טשיפטשיק האט געקויפט צוויי „טיקעץ" (טיקעטס) פיר מיר און פיר איהר און מיר זיינען געפאהרען „אהיים".

פאהרענדיג האבען מיר ארומגערעדט גאנץ פרעכנע, שמעכנע, ליטא און אמעריקא.

— זעהט, עלטער־מוהמע — גיעב איך איהר א פרעג — וויפיעל ציעגען האט איהר ? איהר מוזט האבען אפשר צוואנציג ציעגען, איהר זייט דאך עפּעס אין אמעריקא... ביי אונז אין פרעבנע האט אפילו דער גרעסטער ארעמאן א ציעג. דא זיינען האך קיין ארעמע לייט ניטא...

— שווייג, טאכטערקע, — האט מיסעס טשיפּטשיק גענענטפערט — זיי ניט קיין גרינע !

איך האב אויף זיך א קוק געטהאן, מיין בלוזקע איז גאר געווען א רויטע, ניט קיין גרינע. איך האב קיין גרינע זאכען אויף זיך ניט געהאט. נור מן הסתם איז אין אמעריקא רויט גרין.

— איז וואס זאגט איהר, עלטער־מוהמע ? — האב איך איהר ווידער א טאפּ געטהאן — וויפיעל ציעגען האט איהר ?

מיסעס טשיפּטשיק האט א ווײלע געטראכט און געענטפערט.

— איך האב פיער בעק מיט איין ציעג.

— וואס טויג אייך אזוי פיעל בעק ? — האב איך פערוואונדערט געפרעגט — ביי אונז אין פרעבנע מעלקט מען ניט קיין בעק, נור ציעגען. שפּעטער האב איך זיך גאר דערוואוסט, אז מיט איהר „ציעג" און איהרע „בעק" האט מיין עלטער־מוהמע געמיינט איהר „בארדערערס" און „בארדעכערעס".

אט אזוי רעדענדיג און טענה'נדיג זיינען מיר אלץ געפאהרען און געפאהרען, ביז דער „א'וועטער" האט שוין מעהר ניט געקענט פאהרען, און מען האט אונז געהייסען ארויסגעהן.

אז מען הייסט געהן געהט מען. זיינען מיר ארויס געגאנגען, און זיינען טאקע געווען אויף צרות מיט אן אמת. מיסעס טשיפּטשיק האט זיך דא געפונען אויף א גאנץ נייע וועלט און האט ניט אנגעהויבען צו וויסען וואו זיך צו פערנעהמען. אין אמעריקא שטעהט מען אבער ניט אויף אן ארט, מען לאזט ניט שטעהן. מענשען לויפען ווי פער'סמ'טע און שלעפּען, שטופּען, שטויסען, נו, זיינען מיר געגאנגען...

ווען מיר זיינען אבגעגאנגען א פערטעל שעה האט מיסעס טשיפּטשיק גענומען קרעכצען, אז עס איז איהר „אריין געפאלען

אין רוקען" און זי האט זיך אנגעהויבען ארום קוקען ווי א צומישטע.

— מיר דאכט זיך אז מיר געהן ניט ריכטיג — האט זי גע־זאגט — מיר וועלען זיך אומקעהרען צוריק.

וואלטען מיר כאטש געגאנגען אהן די פעקלעך וואלט נאך גע־ווען נישט־קשה, האבען מיר אבער געטראגען די טלומקעס. נור וואס האט מען געקענט טהאן ? מען איז געגאנגען.

צוריק געהענדיג זיינען מיר ערגעץ פערקראכען אין א זייט. קינדער און עלטערע מענשען האבען אונז אנגעקוקט און געלאכט. אדער זיך געפרעהט, איך האב ניט געוואוסט וואס זיי רעדען. קיין אידען האט מען אין די אויגען ניט אנגעזעהן, א גוי'אישע מדינה...

דערווייל האט מען א ווארף געטהאן צו מיר א שוך און באלד נאך א שוך.

איך האב זיי געוואלט אויפהויבען און אריינלעגען ביי מיר אין פעקעל, אבער איטע ניטע האט מיר ניט געלאזען. ביי אונז אין פרעכנע ווייס איך ווארפט מען זיך ניט ארום מיט קיין שיך, כל־זמן עס איז נאך דא אויף זיי א שטיקעל לעדער ניט מען זיי נאך אלץ פערריכטען און מען טראגט זיי...

ביי מיר איז איצט מעהר קיין צווייפעל ניט געווען, אז מיין עלטער מוהמע איז א גביר'טע ; אז זי לאזט מיר ניט אויפהויבען נאך גאר נישט־קשה'דיגע שיך, מוז זי זיין רייך... אין מיטען דערינען האט זיך מיסעס טשיפטשיק וויעדער דערשראקען און האט זיך ארום געקוקט פערוואונדערט.

— דו ווייסט, שאשקע דוואשקע מיכלעצקע, וואס איך וועל דיר זאגען — האט זי זיך פלוצלונג געווענדעט צו מיר — מיר דאכט, אז מיר געהן וויעדער ניט ריכטיג, מיר וועלען זיך אומ־קעהרען צוריק...

אבער אנשטאט צוריק, האבען מיר זיך וויעדער פערדרעהט אין א זייט. אזוי זיינען מיר אלץ געגאנגען היין און צוריק, ביז מיר זיינען מיעד געווארען, און מיין עלטער־מוהמע האט זיך בערע־כענט, אז זי וועט ווייזען די אדרעס, וואס איהר בעקאנטער האט איהר אויפגעשריעבען.

נו, האט זי פערקאכט א נייע קאשע.

ווער עס האט נור א קוק געטהאן אויף די אדרעס האט א ציה געטהאן מיט די אקסעל, געשמייכעלט און דערלאנגט צו א א צווייטען, און אלע האבען געקוועטשט מיט די פלייצעס און גע־שמייכעלט,ביז עס איז אנגעקומען א מין זשאנדאר אין א בלויע קאפאטע מיט מעשענע קנעפ און א פלעקעל אין האנד. ער האט געקוקט און געקוקט אין דער אדרעס און געשמייכעלט, דאן האט ער אונז צוגעפיהרט צו א דערבייאיגען קרעמעל. הארט איז גע־שטאנען א מיאוס'ע מויד, אבער א מיאוס'ע ! מיט לענגליכע, קליינע אויגעלעך, מיט אן אבגעגאלטען פנים פון פארענט און מיט א שווארצען צאפ פון הינטען, — א חלשות צו קוקען !... אנגע־טהאן איז „זי" געגאנגען אין א העמד איבער די הויזען, אין א פאאר קליינע הילצערנע שטעק־שיכעלעך און האט געריבערט א ליולקע.

אט דער דאזיגער פאסקודנער „גויה" האט ער דאס געגעבען מיין עלטער־מוהמעס אדרעס און געבעטען „זי" זאל לייענען. די „מויד" האט א קוק געטהאן אין פאפירעל, א טרייסעל געטהאן מיט'ן צאפ און דערלאנגט עפעס א פאנפע אונטער'ן נאז, און אב־געגעבען די „אדרעס" צוריק.

ערשט איצט וויים איך, אז די „מויד" איז גאר קיין מויד ניט געווען, נור א כינעזישער גוי, א מאנסביל, און דער מאן אין בלאהען ראק איז געווען א „פליץ־מאן" (פאליסמאן).

ביז דער דאזיגער פאסירונג האט מיין עלטער מוהמע אלץ אליין געשוויעגען, און זיך פערלאזען אויף דער אדרעס, אז זי זאל ריידען פאר איהר. קוים האט דאס אבער ניט געהאלפען, איז זי אליין ארוים מיט לשון און גענומען טענה'ען אויף אמעריקאניש.

איך בין געווארען א לעבעדיגע. איך האב פראסט די אויגען געעפענט. „אט אזוי — האב איך געטראכט — רעד אליין עפעס, געה ארויס מיט צונג, פרעג, וועט מען דיר ענטפערען, שטומער־הייד וועסטו קיינמאל אהיים ניט קומען".

הערענדיג אז מיסעס טשיפּטשיק פערנעהמט זיך אויף אמע־ריקאניש, האב איך זיך שוין אויפגעהערט צו שרעקען. מען האט אפילו מיין עלטער מוהמע ניט גוט פערשטאנען, אבער איך האב זיך ניט געוואונדערט. א קלייניגקייט 25 יאהר אין אמעריקא! מילא, רעדט זי שוין אזוי, אז קיינער קען איהר ניט פערשטעהן...
אז אמת׳ע אמעריקאנערקע!

בעשעהרט געווען אבער, אז א גוי זאל אונז ראטעווען און אב־שיקען גלייך אהיים. ער האט געהערט ווי מיסעס טשיפּטשיק זאגט „נודעל סטריט“. „רודעל סטריט“ האט ער גלייך פערשטא־נען וואו דאס איז, האט ער אונז ארויפגעזעצט וויעדער אויפ׳ן „א׳ווערטער“ און אנגעזאגט דעם „קאנדוקטער“ (קאנדוקטאר) וואו ער זאל אונז אראבלאזען.

פאהרענדיג צוריק האט איטע גיטע מיסעס טשיפּטשיק נור געהאלטען אין איין קלאגען וועגען „דינער“, מיר האט זיך אבער גערראכט אז זי זאגט דונער, האב איך געמיינט, אז עס דונערט אין אמעריקא, נור איך הער ניט, האב איך געמאכט א ברכה איבער א דונער.

דערוויל זיינען מיר צוגעקומען צו א „צטישען“ (סטיישען), וואו דער „קאנדוקטער“ (קאנדוקטאר) האט אונז געהייסען ארויס געהן, און מיר האבען זיך וויעדער מיט די פּעקלאך אריין געשלעפּט אין שטאדט אריין.

דא האט אפילו מיין עלטער מוהמע אויך ניט געוואוסט בע־שטימט וואו צו געהן, זי האט אבער דערזעהן א אידען און אידענעס טאקע ווי ביי אונז אין פּרעכנע און זיי האבען איהר שוין אלץ גע־זאגט. אין עטליכע מינוט ארום האב איך דערזעהן נאך אידען, אידענעס און אידישע קענדער. באלד איז עפּעס ארויס פון א קראם א אידענע איינגעטונקט אין בלוט און פעדערען ווי א געקוילעטע כפּרה און האט אויסגעשריען.

— מיסעס טשיפּטשיק!... סטייטש? גאט איז מיט אייך, וואו זייט איהר דאס געווען דעם גאנצען טאג? אייערע קישקעס און אייער קעלבערנער קאפּ ליעגען דאך ביי מיר אין אייז־„באקץ“

(באקס). אפשר וועט איהר זיך היינט בעגעהן אהן א קאפּ. שווין צו שפּעט אויף דינער סיי ווי סיי, איך קען דאס אבגעבען אן אנ־דערע אידענע. מיסעס חיענע שמערצענקע דארף א קאפּ, זי חלוש'ט...

— ניין! — האט מיין עלטער מוהמע איטע גיטע געענטפערט. איך דארף די קאפּ מיט די קישקעס, — איך האב א גאסט...

# רייטשעל'ס מורא'דיגע נאכט.

איידער איך בין ארויף צו מיין עלטער מוהמען אין הויז האב איך זיך פערמאטערט. זי האט געוואהנט ווי א פּריצ'טע אויף די אויבערשטע עטאזשען. אפשר נאך העכער ווי א פּריצ'טע. אפשר פינף מאל אזוי הויך; אפשר אזוי הויך ווי דער קיסר...

ביי אונז אין פּרעכנע האבען מיר אלץ געמיינט, אז זי איז ארעם. זי פלעגט אלץ שרייבען בריעף, אז זי איז געבליבען א „קלאגעדיגע אלמנה", אז זי מוז האלטען „באָרדערערס" צו „מא־כען א לעבען", און דא זעה איך גאר, אז זי וואהנט אזוי הויך. אז מען פערמאטערט זיך ארויפגעהענדיג...

איך בין געוועזן זיכער, אז מיין טאטע אדער מיין מאמע וואל־טען קיינמאל צו איהר ניט געקענט צוקומען, זיי וואלטען חלילה געבליבען אויף די טרעפּ. פרעכנער מלמדים אדער מלמד'קעס גע־העז ניט אין דער הויך. מיין טאטע פלעגט אמאל דארפען געהן נאך „שכר לימוד" ביי ארטשע בערטשען, ר' חיים ניסעלס, דעם „סבארשטשיק", וואס האט געוואהנט אויפ'ן צווייטען עטאזש, פלעגט ער קומען אהיים א טויטער.

סיי ווי סיי, מיר איז נור געלעגען אין זינען צו זעהן די „באָר־דערערס" און די „באָרדעריכעס", פון וועלכע איטע גיטע מיסעס טשיפּטשיק האט געשריבען, אז זי „מאכט א לעבען". אין פּרעכ־נע אדער שמעכנע זאגט מען, אז „גאט לאזט לעבען, גיט ער צום

לעבען", אין אמעריקא אבער לעבט מען פון „באָרדערערס" און „באָרדעריכעס".

איך בין געווען זעהר נייגעריג צו זעהן ווי „באָרדערערס" זעהען אוים.

דאָס איז דאָך שוין א מעשה פון יאָהרען. אבער איך געדענק נאָך פונקט ווי היינט, אז דאָס איז געווען אזא הייסער זומער־טאָג, דאָס מען איז שיער פערברענט געוואָרען פון היץ.

ווי גיך מיר זיינען אריין אין שטוב איז מיסעס טשיפטשיק צו־געגאנגען עפּעס צו א „קאמאד" און האָט פון דאָרטען ארויסגענו־מען א קריגעל, און א טעלער מיט עטליכע רונדע זאכען, אזוי ווי ציבעלע, אדער ווי בולבעס האבען זיי אויסגעזעהן, און האָט ארופּ־געשטעלט אויפ'ן טיש.

— שאשקע דוואשקע מיכלעצקע — האָט זי געזאגט — דו ביסט דאָך געווים הונגעריג און דורשטיג. דא האָסטו א „פּיזשער" (פּיטשער) מיט קאלטע „לעמעמייד" (לעמאנייד) און דא האָסטו „פּיזשערס" צו מאכען א ברכה. אין פּרעכנע עסט מען דאָך ניט קיין „פּיזשערס", פּערזוה, וועסטו דאָס „גלייבען".

איך האָב געקוקט אויף די זאכען און האָב ניט געוואוסט, וועל־כער „פּיזשער" עס הייסט „לעמעמייד" און וועלכער „פּיזשער" עס איז אויף א ברכה צו מאכען. דערצו האָב איך ניט פערשטאנען פארוואס אויף „לעמעמייד" מאכט מען ניט קיין ברכה אין אמע־ריקא.

איך האָב זיך געזעצט נעבען טיש און איטע גיטע מיסעס טשיפּטשיק איז אראָבגעלאָפען אין „גראָזרע" (גראָסערי) „עפּעס ארויפטראָגען".

איך האָב דערווייל אנגעגאָסען א גלאז וואסער פון קריגעל, וואס מיין עלטער מוהמע האָט ארויסגענומען פון „קאמאד". דאָס איז געווען זיס און זויער, וויינינ, ווי צוטרין־וואסער, רפואות, וואס רייכע לייט טרינקען ביי אונז אין פּרעכנע. איך געדענק, ווען איך בין ניט איצט געדאכט, קראנק געווען, האָט די מאמע געבראכט

פיר מיר אין א גלאז פון שפרינצע געלען־טריינע נעבעלעס. די גביר־'
טע, אביסעל צוטריין־זאפט...

אבער די אמעריקאנער „פיזשער" איז נאך געווען געשמאקער.
דערווייל איז ארויפגעקומען מיין עלטער מוהמע מיט א גרוי־
סע פאפיערענע טארבע אנגעפיקעוועט מיט אלץ אין דער וועלט.

— נו, שאשקע דוואשקע מיכלעצקע — האט זי געזאגט —
געה צום „צינק" (סינק), וואש זיך און מאך „המוציא". איך האב
געבראכט „ראליז" (ראלס, בולקעס), און „פלעצלעך" (פרעצעלס).
אט געה איך מאכען „קאווע", צו די קאווע, וועסטו נעהמען „קייעק"
(קעיק). דו גלייכסט קייעק? דא האסט אויך „לאקץ" (לאקס)
„טשים" (טשיז), פרישע „פראפערניקעל" (פאמפערניקעל). עס
דאס מיט פוטער, עס, שעהם זיך ניט, זיי ניט קיין „גרינע"!...
דא האסטו „גרעפץ" (גרייפס, וויינטרויבען), גלייכסט גרעפץ?
נא. דא האסטו אויך „קרים" (שמעטענע) און פרישע „קרוקעבע"
(קיוקאמבער, אוגערקע).

אט דאס הייסט א גביר'טע! האב איך געקלעהרט — און
האב אויסגעשטעלט א פאאר אויגען אויף די אמעריקאנער זאכען.

מיר איז נור ניט געפעלען געווארען, וואס מיין עלטער מוהמע
האט אלץ געזאגט צו מיר „זיי ניט קיין גרינע". אין פרעכבנע און
אין שמעכבנע פלעגט מען זיך אלץ וואונדערען אויף מיינע רויטע
באקען. איז דאס מעגליך, אז איך ביז אין די פאר וואכען „גרין"
געווארען. נור מן הסתם, אז אמעריקא זאגט „גרין" איז גרין.
נימא זיך וואס צו אמפערען.

איך האב זיך געוואשען און געמאכט „המוציא" שטילערהייט.
מיין עלטער מוהמע זאל ניט הערען. איך האב זיך געשעהמט, ווייל
איך האב ניט געוואוסט ווי מען מאכט המוציא אויף אמעריקאניש.
ביי אונז אין פרעכבנע פלעג איך מאכען המוציא ווי דער טאטע
האט מיר אויסגעלערנט.

נאך דער המוציא אבער ביז איך געבליבען זיצען ווי צומישט.
און האב ניט געוואוסט וואס אויפ'ן טיש טהוט זיך. איך האב גע־
זעהן בולקעלעך, נאך שעהנערע ווי אין פרעכבנע אויפ'ן מערקעל.

איך האָב געזעהן פּוטער, שמעטענע, פּירות און פּוטער־קיכלעך. ווייטער האָב איך קיין זאַך ניט פערשטאַנען. איך האָב ניט גע־וואוסט וואָס ביי איטע גיטען איז „גרעפּץ", „טשים", „ראָלץ", „קייעק", „פּראָפּרעניקעל", „קרים", און „קרוקעבע". איבערהויפּט האָב איך ניט געוואוסט וואָס עס הייסט „פּיזשער" און „פּיזשערס" אין אַמעריקאַ. איך האָב זיך אויך ניט געקענט פאָרשטעלען אַז היינט זאָל זיין שבועות. ווייל ביי אונז אין פּרעכנע טרינקט מען נור קאַווע און מען עסט בולקעלעך אום שבועות. אין מיטען דער וואָך עסט מען דאָס ניט...

זיך פרעגען ווי צו עסען האָב איך זיך געשעהמט. האָב איך געגעסען ווי איך האָב פערשטאַנען.

איך האָב גענומען די קיילעכדיגע, די „סאַמעטענע", וואָס האָ־בען אויסגעזעהן אַזוי ווי ציבעלע, דאָס האָט געמוזט זיין די „פּראָ־פּערניקעל" — האָב איך געקלעהרט — און האָב דאָס בעשמירט מיט פּוטער... די קליינע, די רונדע, וואָס זיינען געהאַנגען אויף אַ צווייגעל, האָב איך אריינגעלעגט אין די שמעטענע... איך האָב דאָס געגעסען און פערזופּט מיט קאַווע און מיט „פּיזשער"...

אין מיטען דערינען האָט זיך געעפענט די טהיר און עס זיינען אריין געקומען צוויי מאַנסבילען מיט אַ מיידעל, באַלד זיינען גע־קומען נאָך צוויי מאַנסלייט. זיי האָבען אויסגעטהאָן די היטלען, ווי די גוים, און האָבען זיך געזעצט ביי'ם טיש.

ווען זיי האָבען דערזעהן ווי איך זיץ און עס, האָבען זיי זיך אַזוי פאַנאַנדערגעלאַכט, אַז מיר איז אַזש ארויסגעפאַלען דער בי־סען פון מויל.

איך האָב שוין פערשטאַנען, אַז מן־הסתם עס איך פערקעהרט, ניט ווי אין אַמעריקאַ. באַלד איז צוגעקומען צום טיש איטע גיטע מיסעס טשיפּטשיק און זעהענדיג וואָס איך האָב געמאַכט פיר גע־ריכטען האָט זי אויך גענומען שמייכלען.

— שאַשקע דוואַשקע מיכלעצקע — האָט זי געזאָגט — ביסט נאָך נעבעך טאַקע נאַר אַ „גרינע".

שוין ווידער א „גרינע" — האב איך געטראכט.

ווען די נור־וואס אריין געקומענע האבן דערהערט ווי די מי־סעס טשיפּטשיק האט אויסגערעדט מיין נאמען, האבן זיי זיך אזוי פאנאנדער געלאכט, אז די גאנצע הויז האט געקלונגען.

איך האב פערשטאנען, אז זיי לאכען פון מיר, אבער איך האב ניט געוואוסט גענוי אויב זיי לאכען פון מיין עסען אדער פון מיין נאמען. איך האב ניט געקענט קלוג ווערען אויף זייער געלעכטער. מ'שטיינסט געזאגט! וואס ווייס א פרעמדער מענש אמעריקאנער געלעכטערס?...

אביסעל שפּעטער האב איך אבגערופען מיין עלטער מוהמען אן א זייט און האב איהר געפרעגט ווער די לייט זיינען, און זי האט מיר געזאגט, אז דאס זיינען איהרע „באָרדערערס".

איך בין געבליבען א צומישטע.

ערשט, „באָרדערערס" זעהען דאך אויס ווי מענשען!... אבער מענשען טאקע ווי אין פרעכנע און אין שמעכנע. טא פאר־וואס רופט זיי אמעריקא באָרדערערס? נור מן הסתם, אז אמע־ריקא זאגט באָרדערערס איז באָרדערערס. מיט דער צייט וועל איך זיך שוין דערוויסען...

ווען איך בין אוועק פון טיש, האבען זיך דארט אוועק געזעצט די באָרדערערס און גענומען עסען. איטע גיטע מיסעס טשיפּטשיק האט ארום זיי ארום געטאנצט ווי א הוהן ארום אן איי. זי האט זיך פערענטפערט פארוואס זי האט ניט געמאכט פאר זיי קיין „דינער" (איצט האב איך געהערט בעשטימט, אז זי האט געזאגט „דינער" ניט דונער), ווייל זי האט געמוזט געהן אבנעהמען פון „קעסעל־גארען" די „גרינע" און צוריק געהענדיג האט זי זיך צו־פלאָנטערט און האט געבלאָנדזעט...

איך האב ווידער פערשטאנען, אז די „גרינע" בין איך.

דערווייל איז געווארען שפּעט און מען האט זיך גענומען קלייבען צו געהן שלאפען.

איין באָרדערער האט געעפענט א פענסטער און האט זיך גע־לייגט אויף דערויסען. אין בעטעל, וואס איז געווען צוגעטשעפּעט

צו דער לינקער זייט פענסטער, „פריי צקעפּ" (פייער עסקייפּ) האָ־בען זיי דאָס געדופען. די איבעריגע „באָרדערערס" און די „באָר־דעריכע" האָבען גענומען די קישעלעך מיט די שעניקעס און זייגען דערמיט געגאַנגען, פּונקט ווי אין פרעכנע תשעה באב אין שוהל אריין.

— קום, שאַשקע דוואַשקע מיכלעצקע — האָט איטע גיטע מי־סעס טשיפּטשיק געזאָגט צו מיר — נעהם אַ קישען מיט אַ פּלאַכ־טע, מיר וועלען היינטיגע נאַכט שלאָפען אויפ'ן „רב" (רוף, דאַך), עס איז צו היים אין שטוב, מען קען דערשטיקט ווערען.

מילא, אז אַן אַלטע מוהמע זאָגט שלאָפען אויפ'ן „רב" דאַרף מען איהר ניט איבערשפּאַרען. „ביי אונז אין פרעכנע — האָב איך געקלעהרט — וואָלט דער רב זיך ניט געלאָזט מען זאָל ליגען אויף איהם... זיי מוזען האָבען גרויסע רבנים אין אַמעריקאַ, אַז זיי קענען אַזוי פיעל נעהמען אויף זיך"...

מיסעס טשיפּטשיק איז געגאַנגען מיט אַ שעניק פאַראויס, נאָך איהר בין איך געגאַנגען און געטראָגען אַ פּלאַכטע, און הינטען זיי־נען נאָכגעגאַנגען די „באָרדערערס" און די „באָרדעריכעס" מיט זייערע פּעקלעך.

ארויסגעהענדיג פון שטוב האָב איך דערזעהן, אַז מיר זיינען ניט די איינציגע וואָס געהען. מענער, ווייבער און קינדער, בחורים און מיידלאַך, מן הסתם אויך „באָרדערערס" און „באָרדע־ריכעס" האָבען זיך געטראָגען מיט זייערע פּעקלעך אין דער הויך. אַנדערע זיינען שוין געווען האַלב אויסגעטהאָן, באָרוועס, אַנדערע אין יאַרמולקעס און אַנדערע מיט די הוילע קעפּ ווי די שקצים... אַלע זיינען זיי ארויף אויפ'ן דאַך.

— דאָ וועלען מיר זיך אויסבעטען — האָט מיסעס טשיפּטשיק געזאָגט. — אויפ'ן „רואוו" וועט זיין קיהל צו ליעגען.

איצט האָב איך שוין פערשטאַנען, אַז זי האָט פריהער אויך ניט געזאָגט „רב" נור „רואוו" און, אַז „רואוו" מיינט אַ דאַך אויף אַמעריקאַניש.

אין א רגע איז געווען דער גאנצער „רואוו" פערלייגט מיט אידישע קינדער. עס איז געווען פריילעך. מען האָט געזונגען, געלאַכט, געשטיפּט, געשפּילט, גערעדט אַמעריקאַניש, רוסיש און אידיש.

איך האָב זיך געלייגט נעבען מיסעס טשיפּטשיק, — האָב „אָבגעלייענט קריאת שמע" פּונקט ווי מען „לייענט" אין פרעכנע און בין איינגעשלאָפען ווי אין האַניג.

איך שלאָף און מיר דאכט, אז איך בין אין פרעכנע און מעלק אונזער ציעג, און עס גיסט זיך מילך עמערווייז. אָט פיעל מיל־כיגע כלים עס איז געווען ביי אונז אין גראַטקע, האָב איך זיי פול אָנגעמאַלקען. ווען עס איז שוין ניט געווען אין וואָס צו מעלקען האָב איך זיך געלייגט אויף דר'ערד מיט'ן פנים ארויף און האָב מיר געמאַלקען אין מויל אריין. איך האָב געמאַלקען אין מיין טאַטענ'ס שטיוועל, אין זיין יארמולקע, אין מיין מאַמע'ס טשע־פּעק...

פלוצלונג האָט דער טאַטע גענומען שרייען און טרייסלען מיט'ן קאַנטשוק, אז זיין יארמולקע איז א פלייש'גע, אז איך האָב איהם טריף געמאַכט די יארמולקע... באַלד האָב איך דערהערט א קלאַ־פּערייע, געשרייען און טומעל, אז איך האָב זיך אויפגעכאַפּט ניט טויט ניט לעבעדיג.

ערשט איך פיהל ווי עס גיסט, עס פליוכעט טאַקע ווי פון עמערס. איך בין פערגאָסען און דורכגענעצט, א מורא, אָבער ניט פון מילך, נור פון רעגען־וואַסער.

עס איז פינסער אין אז אויג צו שטעכען. מענשען לויפען, קריכען, שפּרינגען, פאַלען איבער מיר מיט זייערע פּעקלעך. איך בין אין טויט שרעק. איך קוק זיך ארום, איך שריי, איך רוף: „עלטער מוהמע! איטע גיטע! מיסעס טשיפּטשיק! טאַטע! מאַמע!" קיינער ענטפערט ניט.

הערענדיג ווי אַלע לויפען האָב איך געכאַפּט אין דער פינסטער עפּעס פון דר'ערד און בין אויך געלאָפען.

# רייטשעל'ס שרעקליכע ערוואכונג.

דאס איז געווען א שרעקליכע פּאסירונג יענע רעגענדיגע נאַכט, ווען מיר זיינען אין דער פינסטער, פערגאסען און פערשלאָפען אראבגעלאָפען פון דאך.

איך קען ניט שילדערען די גאנצע סצענע מיט איהרע איינ־צעלהייטען, איך וועל אייך נור זאגען, אז אנשטאט ארייגצולויפען צו מיין עלטער מוהמע איטע גיטע מיסעס טשיפּטשיק אין הויז, בין איך צופעליג אריינגעלאָפען צו א פרעמדע אידענע, א געוויסע מיסעס פּוכניק, א מעקלערקע פון דיענסט־מיידלעך, און אנשטאט צו כאפּען אויף גיך מיין קישען מיט דער פלאכטע, האב איך האס־טיג א כאפּ געטהאן אין דער פינסטער עפּעס א מאנסבילס א דע־ליקאטנעם בגד... און בין דערמיט אראבגעלאָפען.

איך זאג אייך נאכאמאל אז די סצענע אין דער פריה איז גע־ווען זעהר א לעבעדיגע, טאקע ווי מען זאגט, אז אמת'ער „טרע־אטער".

די מעקלערקע האט גראד אויך געהאט א טעות, און האט אויך ניט געוואוסט ווער איך בין. עס האבען יענע נאכט גענעכטיגט ביי איהר איינינגע נייע דיענסטמיידלעך, האט זי אין פלוג ניט געוואוסט און האט געמיינט, אז איך בין איינע פון זיי.

צום שרעקליכסטען איז געווען ווען איך האב ענטדעקט אין דער פריה מיין טעות, און האב אויסגעפונען, אז איך בין געלע־גען א גאנצע נאכט אויף א פּאאר מאנסבילשע... ס'הייסט אויף א מאנסבילשען מלבוש...

יא, ערשט בעגינען האבען זיך אנגעהויבען די גרויסע צרות מיינע.

מיסעס פּוכניק האט געמיינט, אז איך בין איינע פון די דיענסט מיידלעך, האט זי מיך גענומען וועקען און שרייען אויפ'ן קול איך זאל אויפשטעהן און זיך אנטהאן, ווייל עס וועט ווערען צו שפּעט מיך צו פיהרען אויפ'ן „פּלייס" (פּלעיס).

אבער ניט אזוי גיך האט זי מיך געקענט דערוועקען.

ענדליך, איך גיב זיך א הויב ניט טוידט ניט לעבעדיג, איך גיב א קוק מיט האלב פערמאכטע אויגען, עפּעס א פרעמדע א גראבע אידענע, מיט אייגענע האאר, גאר ניט מיין עלטער מוהמע איטע גיטע מיסעס טשיפּטשיק, זי שטעהט נעבען מיר און מינטערט מיך. זי שרייט אזוי בעז און גראב און הייסט זיך מיר אנטהאן, געהן אויפ'ן „פּלייץ".

איך וויים אליין ניט וואו איך בין אין דער וועלט און וואס עס טהוט זיך מיט מיר, צו חלום איך צו בין איך וואך.

איך רייב אויס די אויגען און גיב א קוק, ערשט, איך בין טאקע גאר אין א פרעמדע שטוב. איך וויל זיך אויף גיך נעהמען אנטהאן, איך האב ניט מיינע זאכען. דא שטעהט אבער איבער מיר די אידענע און שרייט מיט גוואלדען „טהו זיך אן! ... ווערט שפּעט".

— זעהט, אידענע, ווער זייט איהר ? — טהו איך איהר האלב צומישט א פרעג.

— אלל די קראנקהייט צו דיין קאפּ ! — האט זי אויסגע־שריען — זאג איהר גאר ווער איך בין. אזוי ווי זי וואלט גאר ניט געוואוסט, אז איך בין מיסעס פּוכניק די צושיקערקע. א שעהנע דיענסט מיידעל וועט דאס זיין ! שלאפען ביז האלבען טאג. די מיסעס זאל פאר איהר אויפשטעהן מאכען „ברעקפעס" (ברעקפעסט), אפשר דיר ארומוואשען און אנטהאן אויך ? אלל די קראנקהייט צו דיין חזיר'שען קאפּ ! מיאוס'ע מויד, פערזע־הענים !...

הערענדיג די קללות, בין איך גאר געווארען א צומישטע. איך האב געמיינט, אז איך בין אין דער היים, אין פרעכנע און מיין מאמע רעדט דאס צו מיר...

איך האב אויסגעשטעלט אויף דער אידענע א פּאאר פערוואונ־דערטע אויגען. זי איז אבער פּארט א פרעמדע. ערשט איצט האב איך זיך דערמאנט וואס מיט מיר איז געשעהן.

— נו, דו טהוסט זיך אן ? ! — שרייט די אידענע.

— איך האב ניט מיינע זאכען — האב איך איהר ערקלעהרט.

— וואס מיר האט זיך גע'חלום'ט די נאכט, יענע נאכט און אללע נאכט פון א גאנץ געהעריג, שטעהענדיג, קומענדיג און פער־נאנגענדיג יאהר זאל אויסגעהן צו דיין קאפ און לייב און לעבען, און האאר און גאר! — איז מיסעם פוכניק ארויסגעפאהרען אויף מיר. אזעלכע טייערע זאכען. א קאטאוועס! זאכען, שמאכען, אימעצער וועט דאס אודאי צו'גנב'ענען, וועלכער שווארץ יאהר וועט זיך דאס געהן פאטשקען דערמיט? וואו זיינען דיינע שויי־נעדיגע זאכען? פארשוין מיינע...

— אויפ'ן דאך — האב איך נעזאגט א צושראקענע, קוקענדיג אויף דער אידענע ווי זי שטעהט איבער מיר און ציטערט ווי א קדחת פאר כעס.

— די מויד איז משוגע, ניט אנדערש — האט זי גענומען גוואלדעווען.

אין מיטען דערינען האב איך נעהערט א קוויטשעריי: „שאש־קע דוואשקע מיכלעצקע"!

די שטימע איז מיר געווען בעקענטליך, און ריכטיג, דאס האט מיך מיין עלטער מוהמע איטע גיטע גערופען, זי האט ניט גע־וואוסט וואו איך בין אהינגעקומען און האט מורא געהאט, אז מיר איז חלילה עפעס געשעהן.

הערענדיג אז זי שרייט שאשקע דוואשקע מיכלעצקע האב איך גענומען שרייען „איטע גיטע מיסעם טשיפטשיק"! אזוי הא־בען מיר זיך צונויפגערעדט... ניט האבענדיג מיינע אייגענע זא־כען מיט מיר, האב איך ארויף געכאפט אויף זיך דעם מאנסביל־שען מלבוש און בין ארויסגעלאפען פון מיסעם פוכניק די צושי־קערקע ווי אז אונטערגעשאסענע.

אויף די טרעפ איז געשטאנען מיסעם טשיפטשיק א טויטע פון שרעק. ווען זי האט מיך דערזעהן אנגעטהאן אין... יא, אנ־געטהאן ווי א מאנסביל האט זי זיך גענומען שטיקען פאר געלעכ־טער.

ווייבער האבען אבער ליידיגע מיילער און ליעבען צו רייר
דען, האט מען זיך באלד דערוואוסט, אז איך האב געכאפט אויפ'ן
דאך א מאנספערשוין'ס א זאך און בין אויף דעם געלעגען און האב
דאס נאכדעם אנגעטהאן. באלד האט מען זיך דערוואוסט, אז איך
האב דריי, אדער בעסער געזאגט, פיער גרינע פרעכנער נעמען:
שאשקע דוואשקע מיכלעצקע טארגומעצקי און עס איז מיר דארט
געווארען פשוט ענג די „פארפעטע" (פראפערטי). ווער עס האט
מיך נור דערזעהן האט געלאכט, איך פלעג שיער שטארבען פון
חרפה.

מיט דער צייט ווערט אבער אלעס פערגעסען. עס זיינען
אוועקגעלאפען איניגע וואכען, די שכנים אין דעם מויער האבען
זיך געביטען. איך האב זיך לאנגזאם דערוואוסט וואס עס הייסט
א „גרינער" און א בארדער און האב זיך אויך דערוואוסט אז מיין
ריכטינער נאמען אויף אמעריקאניש איז ניט ווי מען פלעגט מיך
רופען אין פרעכנע, אז מיין נאמען איז גאר רייטשעל, איך האב
זיך געגומען וואס מען רופט „אויסגרינען".

— הער אויס, טאכטערקע — האט זיך מיסעס משיפטשיק
צו מיר אבגערופען — דו ווייסט, אז דו טארסט ניט בלייבען שטענ־
דיג קיין „גרינע". ווערסט דארפען געהן צווישען מענשען, ווערסט
דארפען געהן ארבייטען, ווערסטו זיך ניט קענען רופען מיט'ן
פרעכנער נאמען. דיין ריכטיגער נאמען אין אמעריקאניש איז רייר
טשעל, דאס איז אז אמת'ער אמעריקאנער נאמען, די גוים ווערען
דא די כפרה פאר אזא נאמען... אזא יאהר אויף מיר וואס פאר
א שעהנער נאמען רייטשעל איז !... עכט אמעריקאניש מיט
אלע פיפטשיקעס. א סך אידישע מיידלעך און ווייבלעך הייסען
רייטשעל. די רביצין פון היגען שמעכנער „בית המדרש" הייסט
אויך רייטשעל.

אז עלטערען מענשען טאר מען ניט איבערשפארען. בפרט
נאך אז עלטער מוהמען. איך האב אפילו אנפאנגס מורא געהאט
איינצורייסען מיט די טויטע, נאך וועלכע איך הייס; ביסלעכ־
ווייז אבער האב איך איינגעשטימט. אז אמעריקא זאגט רייטשעל

אין רייטשעל, און איך האָב שוין גענומען אײַן חזר'ן מיין נייעם נאָמען איך זאָל געדיינקען אויסוויייניג.

מיט דער צייט האָב איך אויך גענומען פערדיענען.

איך האָב געארבייט פאר צוויי טאָלער א וואָך אין א שאָפּ פון העמדלעך, פאר צוויי און האַלב טאָלער א וואָך ביי ווייבערשע אונטער קליידלעך, פאר צוויי טאָלער מיט פינף און זיעבעציג סענט א וואָך ביי פאַקעט־בוקס (טייסטערלעך), פאר דריי טאָלער א וואָך ביי קנעפּלאָך און פאר פיער טאָלער א וואָך ביי לעכלאָך.

דערווייל האָב איך געזוכט מיט אַלע כחות זיך אויסצור־גרינען, און דערצו האָט מיר זעהר שטאַרק געהאָלפען פריילין פּענע פרישטש, א בעיאַהרענטע שאָפּ־מיידעל, מיט וועלכע איך האָב געשלאָפען ביי מיסעם טשיפּטשיק אין בעט.

מיסס פרישטש איז געווען אַזוי גוט ווי א געשטודירטע. זי האָט גערעדט אַמעריקאַניש ווי א וואַסער און פלעגט לעזען איר־דישע ביכלעך און ציימונגען. זי פלעגט געהן אומעטום, וואו מען האָט נור געדאַרפט עפּעס האָבען. זי פלעגט געהן אויף אַלע „מאַש מיטונגען" (מאַסס מיטינגס), אויף „לעקטשענערס" (לעקטשורס) און אין אידישען טהעאַטער. זי האָט געקענט פּערזענליך גרויסע מענשען. זי פלעגט זעהר אָפט קומען אין דער קאַוויארנע, וואו די געבילדעטע קענערס טרינקען ציקאריע און פערבייסען מיט אייער־בייגעל. זי האָט געקענט יונגע בחורים וואָס טרינקען קאַפּע און שטעלען זיך אריין אין בלאַט...

אָט די דאָזיגע פּענע פרישטש האָט זיך דאָס א נעהם געטהאָן מיך אויך צו מאַכען פאר א לייט — פאר א געשטודירטע מיידעל.

— די ערשטע זאַך וואָס א מיידעל דאַרף דאָ קענען — האָט זי מיר געזאָגט — איז טאַנצען, טאַנצען גרינט אויס, בעקענט מיט מענשען, מען ווערט גאַר אַן אַנדער מיידעל.

— וואָס ? — האָב איך איהר פערוואונדערט געפרעגט — טאַנצען ? א פּריצ'טע בין איך, וואָס ? צו וואָס דאַרף איך דאָס קענען טאַנצען ?

זי האָט מיר אָבער אויפגעוויעזען, אַז א מיידעל, וואָס טאַנצט

ניט אין אמעריקא איז א „גרינע" און טאנצען — האט זי מיר ער־קלעהרט — דארף מען דוקא מיט בחורים... יא, נור מיט בחורים, האט מען אביסעל שפאס אויף דערביי...

דאס ווארט „גרינע" האט מיך געמאכט ציטערען. אבער טאנ־צען מיט בחורים האט מיר געקלונגען זעהר פריקרע, אויסגעלאסען, איך האב זיך נעשעהמט פאר זיך אליין און פלעג רויט ווערען פאר בושה.

מעהר פעהלט מיר ניט — האב איך געטראכט — אז איינער זאל אוועקשרייבען אין פרעבנע אדער אפילו אין שמעבנע, אז שאש־קע דוואשקע מיכלעצקע טארגומעצקי, שאמשע בוניע מושעם דעם מלמד'ס מיידעל טאנצט מיט מאנספארשוינען אין אמעריקא. איך האב מורא געהאט אז פרעבנער בעלי בתים קענען נאך דערפאר אב־נעהמען ביי מיין ארעמען טאטען די קנעלונג און ער וועט נאך חלילה שטארבען פון הונגער.

ווען איך האב געפרעגט פענע פרישטש וואו מען לעהרענט זיך טאנצען, האט זי מיר געזאגט, אז די בעסטע אקאדעמיע איז ביי פראפעסאר סאלע גימזשיק.

---

# אין „פראפעסאר" גימזישקים „אקאדעמיע".

קוים האב איך זיך אנגעהויבען אמעריקאניזירען, איז שוין גע־גאנגען א גאנג. איך האב זיך ניט אפגעשטעלט ביי מיין נאמען רייטשעל. פענע פרישטש האט זיך אן מיר אנגעטשעפעט, איך זאל אויך איבערבייטען מיין נאמען טארגומעצקי אויף טאר־גום, איך האב איהר טאקע געפאלגט אויך.

רייטשעל טארגום איז געווען זעהר ווייט פון שאשקע דוואשקע מיכלעצקע טארגומעצקי. מיט מיין נייעם אמעריקאנעם נאמען האב איך שוין געקוקט אנדערש אין דער וועלט אריין. איך האב זיך שוין ניט בעטראכט פאר א גרינע.

ווען איך האָב געשריעבען אַ בריעף אין דער היים און האָב געצייכענט רייטשעל טאַרנום האָבען מיינע עלטערען אריינגעשיקט אַ בריעף צו מיין עלטער מוהמען איטע גיטע מיסעס משיפּמשיק און האָבען איהר אָנגעפּרעגט וואָס מיט מיר איז געשעהן, אויב איך בין חלילה געווען אזוי קראַנק, אַז מען האָט מיר געמוסט בייטען דעם נאָמען ?...

מיר האָבען זיך נאַטירליך אויסגעלאַכט פון זיי. רייטשעל טאַרנום איז געבליבען מיין נאָמען כאָטש פּרעכנע איז דערפון געווען אַנצופריעדען. פּענע פרישמש האָט אָבגערעדט מיט מיר, אַז זי וועט מיך מיטנעהמען אין דער טאַנץ־אַקאַדעמיע ביי פּראָפעסאָר סאַלי גימזשיק און ער וועט מיך שוין לערנען ווי צו טאַנצען.

איך קען ניט זאָגען, אַז איך האָב ניט געוואָלט טאַנצען, אָבער איך האָב עפּעס מורא געהאַט דערפאַר, פאַרוואָס האָב איך אַליין ניט געוואוסט. די נאַכט פאַר מיין אַנהויבען געהן אין דער אַקאַדעמיע האָב איך כמעט ניט געשלאָפען: סטייטש, איך, שאַשקע דוואַשקע מיכלעצקע, שאַמשע בוניע מושע'ס דעם מלמד'ס מיידעל פון פּרעכנע געבען שמעכנע זאָל געהן טאַנצען מיט מאַנספּערשוי־נען! ווי קען דאָס גאָר געמאָלט זיין ? אָבער פּענע פרישטש האָט געזאָגט, אַז היינט וועט זי מיך מיטנעהמען אין דער טאַנץ־אַקאַדעמיע און איך וועל מאַכען דעם אָנפאַנג אויף לערנען טאַנצען.

מיר האָבען אָבגעגעסען וועטשערע, זיך ארומגעוואַשען און זיך איבערגעטהאָן. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען, וואָס איך האָב אָנגעטהאָן אַ קאָרסעט... מיר האָבען זיך בע־שפּריצט די יאַקלעך מיט שמעקעדיגעס און זיינען געווען פאַרטיג. איך האָב זיך געדרעהט אין אַלע זייטען געגען שפּיעגעל און האָב אָנגעקוואָלען פון מיין פיגור. פערפאַלען, אַ מיידעל אין אַ קאָר־סעט איז דאָך שעהנער. אין פּרעכנע געהען זיי אזוי צובליאַפּעט, אַז עס איז אַ שאַנדע אַ קוק צו טהאָן.

מיר זיינען אַוועק.

די נאנצע צייט, וואס מיר זיינען געגאנגען האט זיך מיר גע־
האלטען אין איין דאכטען, אז איך טאנץ. איך פליה אין דער לופ־
טען. איך האב גאר ניט געזעהן און געהערט וואס עס טהוט זיך
ארום מיר. איין זאך איז מיר געלעגען אין זינען: טאנצען.

דער ווילדער גערויש פון די מויזענדער וועגענער און פוש־
קארטס און פעדלערס. און די פערשיעדענע געשרייען און קללות
און קולות און געפילדערס פון גאס האבען זיך מיר צוזאמענגעגא־
סען אין איין גרויסע, פרעהליכע שטיק מוזיק, מיר האט זי אויס־
געדאכט, אז די מענשען און פערד און וועגענס און וועגעלאך גע־
העז ניט, נור זיי טאנצען און איך טאנץ מיט זיי אין קאן.

— איהר מוזט שוין קענען טאנצען א שעהנעם ברוגז־טאנץ,
א ביינעלע, א קאזאצקע און א כשר־טאנץ — האב איך געזאגט צו
פענע פרישטש.

— ביסט דאך גאר א גרינע — האט זי מיר געענטפערט —
אין אמעריקא טאנצט מען ניט קיין ברוגז־טאנץ, קיין ביינעלעך,
קיין קאזאצקעס און קיין כשר־טענץ. דא זיינען אלע טענץ כשר,
אין אמעריקא זיינען קיין טרפה טענץ נימא.

— טא וואס דען טאנצט איהר ? — האב איך איהר געפרעגט.

— וואלצערס, פאלינעזען, קאדרילען, אונגארישע שאטאזשען;
וועסט שוין זעהן.

אזוי ריידענדיג זיינען מיר צוגעקומען צו א גרויסען מויער
פון וועלכען עס האט זיך געהערט א שפיעלעריי פון פידלען און
בלאזען פון א טרומייט.

מיר זיינען ארויף אין דער הויף, האבען אבגעגעבען אונזערע
זאכען אויף „באגאזש"... און זיינען אריין אינוועניג.

איך בין שיער בלינד געווארען קוקענדיג, אזוי האט זיך דאר־
טען געטהאן. מיידלעך מיט בחורים האבען זיך געהאלטען ארום
גענומען און האבען זיך געדרעהט ווי א ווינד מיהל. זיי האבען
ניט געטאנצט ווי אין פרעכנע, זיי האבען זיך געדרעהט ווי די
שווארץ־יאהרען. מיידלעך מיט מיידלעך האבען זיך ניט געדרעהט,
נור אלץ זכרים מיט נקבות. מען האט גאר ניט געקענט אריין

קוקען אין זייערע צרות, דען זיי האבען זיך אלע ווײלע אוועק געד דרעהט און מען האט זיי שוין ניט געזעהן; אוים, ווי אין דר'ערד אריין.

ווי גיך פענע פרישטש האט זיך נור בעוויזען אויפ'ן שוועל, האט זיך שוין געווענדעט צו איהר א בחור און זיי האבען זיך שוין אוועק געדרעהט ווי א וויכער, און איך בין געבליעבען ווארטען אויף איהר.

דערווייל איז צוגעגאנגען צו מיר א יונגערמאן, א שווארץ חנ'עוודיגער מיט געגרייזעלטע האאר און א פאאר גרויסע, שווארצע אויגען און האט מיך איינגעלאדען איך זאל געהן מיט איהם טאנצען.

איך האב זיך פערשעהמט און געזאגט, אז איך קען נאך ניט טאנצען, אז איך בין נאך ערשט זיך געקומען לערנען. האט ער מיר ערקלעהרט אז איך זאל טאנצען מיט איהם, ער וועט מיך שוין אויסלערנען.

טאנצענדיג האט ער מיך דערווייל געפרעגט ווי מען רופט מיך, וואו איך וואוין און האט געזאגט, אז ער וואלט מיך וועלען זעהען... אויף זיין פראגע, וואס איך טהו? האב איך איהם געזאגט, אז איך ארבייט ביי לעבלעך. ער האט זיך אויסגעלאכט. אזא שעהנע מיידעל — האט ער געזאגט — דארף ניט ארבייטען ביי אזא ארבייט און פערדיענען אזוי ווענינ. ער האט מיר ערקלעהרט, אז ער האט פאר מיר א גאנץ לייכטע מלאכה, איך וועל כמעט גאר ניט דארפען ארבייטען און פשוט שארען געלד ווי מיט לאפעטעס און וועל פערברענגען דערצו א פרעהליכען לעבען אויך...

— איך בין נאך אבער כמעט א „גרינע" — האב איך איהם געזאגט — איך קען ניט רעדען קיין ענגליש, איך מוז זיך פריהער אויסגרינען.

— א גרינע מיידעל — האט ער מיר ערקלעהרט — איז נאך בעסער. גרינע מיידלעך זיינען די שעהנסטע און לעבעדיגסטע. זיי האבען נאך די גאנצע פארב אין פנים און דארפען זיך ניט פארד בען און פולווערען זייערע באקען... ער האט מיך גערופען אונ־

טען, ער וועט מיך „טריטען“ מיט זאדא וואסער, אבער מיך האט ניט געדארשטען און בין פון איהם אוועק.

קוים בין איך אוועק פון דעם יונגען מאן איז צוגעגאנגען צו מיר א צווייטער יונגער מאן, האט זיך שעהן פערנייגט און מיך געבעטען צום טאנצען. ער האט ארוים גענומען א פושקעלע צו־קערקעס פון קעשענע און האט מיר געגעבען איינע. ער האט גע־זאגט, אז ער האט מיך ליעב ווי זיין לעבען, און, אז אויב איך בין אן ארבייטס מיידעל דארף איך גאר ניט ארבייטען, ווייל ער וועט מיר שוין געבען א „דזשאב“, וואס איך וועל ניט דארפען אריין טהאן קיין פינגער אין קאלטען וואסער, איך וועל לעבען ווי א פריצטע און וועל צעהלען געלד.

אזוי טאנצענדיג האב איך דערזעהן א מיידעל, מיט וועלכער איך האב געארבייט אמאל ביי טייסטערלעך און נאך א בעקאנטע מיידעל, עס איז מיר געווארען אביסעל פרעהליכער.

דערווייל האב איך אבגעטאנצט און האב געווארט ביז פענע פרישטש איז צוגעקומען צו מיר. איך האב איהר דערצעהלט פון די צוויי יונגע לייט, ווי זיי האבען מיר צוגעזאגט צו געבען דזשאבס, וואס איך וועל גאר ניט דארפען טהאן, נור פערברענגען א לוסטי־גען לעבען און צעהלען געלד.

— פון זייערע דזשאבס, וואס זיי וועלען דיר געבען — האט זי מיר געזאגט — וועט דיר קיין געזונד ניט צוקומען. דאס זיינען פראסטע שארלאטאנעס, וואס פערפיהרען מיידלעך, זאלסט זיך היטען פאר זיי. א מיידעל מוז זיין זעהר פארזיכטיג און די דאָ־זיגע ערטער, דא דרעהען זיך ארום פערשיעדענע לומפען און יונ־גאטשעס. עס איז א ליעגען, זיי האבען דיך ניט ליעב, זיי קענען ניט ליעבען, זיי זיינען די פערדארבענסטע מענשען אויף דער וועלט.

— וואס האב איך מורא פאר זיי? — האב איך איהר גע־פרעגט — וואס קענען זיי מיר טהאן?

— זיי קענען דיר טהאן גענוג — האט זי געזאגט — זיי זיינען זשוליקעס.

מיסס פרישטש האט מיר דערווייל געזאגט, אז זי וועט מיך

פארשטעלען פיר פראפעסאר גימזשיק, און אברעדען מיט איהם, ווען ער זאל מיר אנהויבען צו לערנען טאנצען.

ווען זי האט מיר אנגעוויזען פון ווייטען פראפעסאר גימ־זשיק, האט זיך מיר געדאכט, אז איך קען איהם. אז איך האב איהם ערגעץ געזעהען, נור איך האב זיך ניט געקענט דערמאנען וואו.

ער איז געווען פערשארען מיט א פאלקע, און האט געטראגען א פאאר פעטענט לעדער שיך, אז עס האט געבליאסקעט, איך האב זיך אבער ניט געקענט אבוואונדערען ווי בעקאנט ער איז מיר גע־ווען.

און איהם אנקוקענדיג גאנץ גוט האב איך איהם טאקע דער־קענט. יא, דאס איז געווען חאצקע גימזשע דער שוסטער, וואס פלעגט אונז פעררייכטען די שיך. פורים פלעגט ער ארום געהן מיט׳ן פורים־שפיעל אין פרעכבנע. אוי, וועה ! גאר א פראפעסאר אין אמעריקא ! און וואס איז געווארען מיט חיענע טאלצען, שרה טריינעס, זיין ווייבעל ? און וואס איז געווארען פון זיין קינד וואס ער האט אוועק געווארפען ? גימזשע דער שוסטער א פראפעססאר ! טפוי, צו אלל־די שווארצע יאהרען !

---

# אין אידישען טהעאטער.

ווען איך האב אויסגעפונען אין סאלי גימזשיק׳ס אקאדעמיע, אז אן אמעריקאנער טאנץ־ פראפעססאר איז א פרעכבנער שוס־טער, האב איך שוין ניט געוואלט געהן אין אידישען טהעאטער איך האב מורא געהאט, אז די טהעאטערניקעס זיינען פרעכבנער טעפער אדער שמעכבנער בעהעלפער, צו גאר בעלי עגלות.

איך פלעג דערפאר געהן אין „שטומען טהעאטער", וואו מען שפיעלט אויף קאטאוועס, וואו מען זעהט א סך מענשען און עס איז קיינער ניטא...

פענע פרישטש פלעגט דאס רופען „מופינג פיקטשעס" (מואַ־ווינג פיקטשורס), זי פלעגט מיר אַלץ דערצעהלען וואס דאָרט קומט פאָר, און איך פלעג לאַכען.

איינמאָל האט מען געשפּיעלט אין אידישען טהעאַטער עפּעס אַ לעבעדיגע זאַך און פענע פרישטש האט זיך אַז מיר אַנגעטשעפּעט, מיר זאָלען דוקא געהן לאַכען פון די אידישע עקטערס... איך בין אבער געקומען שפּעט פון דער ארבייט און האב נאָך קיין וועטשערע ניט געהאט געגעסען.

— דאס מאַכט ניט אויס — האט מיסס פרישטש געזאָגט — איך האב נאָך אויך ניט געגעסען, אַבער דאס שאַדעט ניט, מיר וועלען עסען אין טהעאַטער. —

— וואס ? אין טהעאַטער ? — האב איך איהר איבער גע־פרעגט — זיי גיעבען דאָרט עסען אויך ?

— ניין, — האט זי געזאָגט — זיי גיעבען ניט עסען, מיר קע־נען אבער מיטנעהמען פון דער היים אין אַ פּאַפּיערענע טאַרבע.

— נו, און קאווע ? — האב איך געפרעגט.

— מיר קענען מיטנעהמען קאַלטע קאַפּע — האט זי געזאָגט — אדער מיר וועלען דאָרט פערזופען מיט זאָדע וואסער. זיי פער־קויפען דאָרט זאָדע וואסער מיט פינף סענט אַ פלעשעל.

אין פרעכנע האב איך וואס אַז אמת קיין טהעאַטער ניט בע־זוכט. אין אַמעריקאַ אבער האב איך אין דעם שטומען טהעאַ־טער קיינמאָל ניט געזעהן עסען וועטשערע, נור אַז פענע פרישטש האט געזאָגט: „עסען אין טהעאַטער", האב איך איהר ניט גע־וואָלט איבער שפּאַרען.

מיר האבען געקויפט אַ שמאַלץ־הערינג, איהם צושניטען, גע־מאַכט מיט ציבעלע און אריינגעלעגט אין טאַרבע. און קאווע אויך מיטגענומען. מיר האבען מיטגענומען אַ האַלבען רע־טאַך, און ראַזוואַנעס ברויט מיט פּוטער און אַ פּאָאַר זויערע אוי־גורקעס און זיינען אוועק.

דאס איז ניט געווען אַ געוועהנליכע פאַרשטעלונג, זאָנדערען אַ בענעפיס פאַרשטעלונג. די חברה ערשטע קראַצמיכאַוקער בע־

געוואָלענט סאָסייעטי האָט פעראַנשטאַלטעט אַ בענעפיט צו קויפען קרקע אויף צו בעגראָבען איהרע ברידער, האָט זי דאָס אויסגעקליבען אַ טהעאַטער שטיק, אַז מען האָט געקענט צוזעצט ווערען לאַכענדיג...

די טהעאַטער בילעטען זיינען מיינסטענס פערקויפט געווארען צווישען אייגענע, אַז דער גאַנצער טהעאַטער איז אויסגעקומען איין קראַצמיכאַוועקע און עס איז געווען פרעהליך, לעבעדיג.

ווען מיר זיינען אריין אין טהעאַטער און דער מאַן, וואָס גיט די בענקלעך איז מיט אונז צוגעקומען צו אונזערע זיצען, זיינען זיי געווען פערנומען. אַ גאַנצע משפחה איז דארט געזעסען און געגעסען וועטשערע. ווען דער מאַן האָט זיי געהייסען אראָב געהן, האָבען זיי בשום אופן ניט געוואָלט. זיי האָבען געשריען, אַז זיי זיינען קראַצמיכאַוועקער און היינט אויף דער נאַכט איז זייער טהעאַטער, קענען זיי זיצען וואו זייער הארץ געלוסט... זיי האָבען געשריען, אַז זיי וועלען געהן צום „ברודער פרעזידענט“. זיי האָבען ניט געוואָלט ווייזען זייערע בילעטען, דער מאַן זאָל קענען זעהן וואו זייערע זיצען זיינען ביז ער האָט זיי מיט כח אוועק גענומען פון זייערע ערטער. זיי זיינען געגאַנגען און געהענדיג האָבען זיי אנגעוואָרען זייערע ציבעלע מיט די אייער, מיט די קנאָבעל און די וואורשט.

איך האָב קיינמאָל אין מיין לעבען אַזעלכע קונציגע קללות ניט געהערט ווי די, מיט וועלכע די אַוועק געטריבענע אידענע האָט מכבד געווען דעם טהעאַטער מאַן, וואָס גיט די בענקלאך.

איצט, אַז זיי זיינען שוין ניט געווען, האָבען מיר זיך אוועק געזעצט און געעפענט אונזער טאָרבע. קוים האָב איך אריין גענומען דעם ערשטען ביסען אין מויל, איך הער מען שרייט: „שאָשקע דוואָשקע מיכלעצקע!“

איך בין געוואָרען אַ טויטע פיר חרפּה.

ערשט, איך גיעב אַ קוק, אין דער הויך איבער מיר זיצט אַ מיידעל, וואָס קען מיך. איך האָב ארויפגעשריען צו איהר, אַז איך

היים שוין איצט רייטשעל טאַרגום און זי האָט געטהאָן דאָס איה־
רינע און האָט מיך גערופען מיט פרעכנער נאָמען.

באַלד האָבען די כלי־זמרים אנגעהויבען שפּיעלען און דער גאַנ־
צער מהעאַטער, ס'הייסט גאַנץ קראַצמיכאַווקע האָט אָנגעהויבען רע־
דען און זיך וויצלען. עס האָבען גערעדט מזרח און מערב, צפון מיט
דרום, און הימעל מיט ערד. עס איז געווען אַ ליעבע פרעהליכקייט
צו הערען...

גלייך האָט מען גענומען אַראָבוואַרפען פון אויבען טאַרבעצ־
קעס מיט פינאָטס, צוקערקעס און פּאַפּיראָסען, און אונטען האָט
מען געהאַלטען אויסגעשטעלט די הענט מיט די היטלען און מען
האָט געכאַפּט.

אַזאַ מין פרעהליכקייט האָב איך נור געזעהען אין פרעכנע אין
שוהל שמחת־תורה צו די הקפות...

אין איינע פון די „באָקסעס" (לאַזשען) האָט זיך פּלוצלינג
בעוויעזען אַ יונגע, דיקע פרוי בעהאָנגען מיט בריליאַנטען, און די
„שכנים", וואָס זיינען געזעסען נעבען מיר האָבען זיך גענומען
סוד'ען, און שילטען דער פרוי אין באָקס מיט טויטע קללות.

ווען איך האָב זיך געווענדעט צו פּענע פרישטש נאָך אַן ער־
קלעהרונג, האָט זי אַ ווײַלע געשוויגען און האָט געזאָגט.

— מיין ניט, אַז די ווייבער, וואָס שילטען איהר ווייסען ניט
וואָס זיי רעדען. אָט די דאָזיגע יונגע פרוי איז אַן אויסוואָרף.

אין די באָקסעס פון דיעזע טהעאַטערע זיצען כמעט שטענדיג
געפאַלענע פרויען, און זינדיגע מענער, ווייסע שקלאַווען הענדלער,
אָדער סתם אויפגעקומענע גבירים און גביר'טעס, גראָבע פערדאָר־
בענע, אונוויסענדע נפשות.

די כלי זמרים האָבען אָבגעשפּיעלט, האָט זיך פערקאָשערט
דער לייליך און עס האָט זיך אָנגעהויבען די קאָמעדיע.

די שטיק האָט געהייסען „די בלעכענע לאָקשען אָדער טאָלצע
מיט די הויזען", אַ דראַמאַטישע טראַגעדיע קאָמעדיע אין פינף
אַקטען מיט פּופּציג בילדער, מיט „מערשע", „טענצע", „בערע",

וואו שעהנע זינגערקעס לייסטען זייער בעסטעס דעם עולם צו דער־פרעהען...

די עקטערס זיינען ארוים פאַר'ן עולם מיט צוגעקלעפטע בערד און האָבען זיך געבייזערט אויף טייטשיש... די מוידען, וואָס האָבען געזונגען, זיינען געגאַנגען אין פעלצענע הויזען און א פאַאַר פון זיי האָבען אויסגעזעהן מיאוס ווי דער טויט... עפּעס אזעל־כע פערזעהעניסען האָט מען אין פרעכנע אויך ניט געזעהען און ניט געהערט.

— ווי קומט דאָס וואָס זיי האָבען דאָ אזעלכע מיאוס'ע מיידלעך? — האָב איך געפרעגט ביי פענע פרישטש.

— דאָס זיינען ניט מיידלעך — האָט זי מיר געענטפערט — דאָס זיינען שוין עלטער באָבעס. זיי האָבען שוין אור אור איי־ניקלעך.

— טא פאַרוואָס האַלט מען זיי דאָ? — האָב איך געפרעגט.

— פאַרוואָס? — האָט פענע פרישטש געזאָגט — זיי האָבען א יוניאָן...

הינטער מיר איז געזעסען עפּעס א יונגער מאַן א בחור אַדער א בעל הבית'על, דער שוואַרץ יאָהר האָט איהם געוואוסט, האָט ער זיך געהאַלטען אין איין טשעפּען צו מיר און האָט הינטערווער־לעכטס מיר אַלץ געגעבען צו פערשטעהן וואָס מען שפּיעלט, און האָט געהאַלטען אין איין הירזשען ווי א פערד און פּאַטשען מיט די הענד און טופּען מיט די פיס.

באַלד האָט דער גאַנצער טהעאַטער גענומען געהן כאַדראַם. איך האָב זיך אָבער גאָר ניט איינגעקוקט. איך בין געווען פער־מאַטערט פון דער ארבייט און דערצו בין איך געווען טויט הונגע־ריג, בין איך געזעסען און געגעסען.

יעדער מאָל וואָס די פּלאַכטע האָט זיך אראָבגעלאָזט איז געווען די קולות אין הימעל אריין, פּונקט ווי ביי אונז אין פרעכנע פורים אין שוהל ווען מען קלאַפּט המן'ען...

— זעה נור, זעה, א בראָך נאָך איהם, ווי ער מאַכט זיך, פּונקט ווי ער וואָלט דאָס געמיינט אויף אַן אמת. — האָט א אידע־

נע געשאָלטען איינעם פון די שפּיעלער, וואָס האָט זיך געריסען אויף דער ביהנע.

א כאָלעריע נאָך איהר ווי זי שפּיעלט דאָס — האָט זיך גע־פרעגעלט א צווייטע אידענע פאר נחת, קוקענדיג אויף דער ביהנע.

איך האָב זיך גאָר ניט געקימערט, איך בין זיך געזעסען און געגעסען כסדר, ביז פּענע פּרישטש האָט דערלאַנגט א קאָמאַנדעווע מיר זאָלען געהן אהיים.

— נו, רייטשעל, — האָט זי זיך געווענדעט צו מיר — ווי גע־פעהלט דיר די שטיק ?

— וועלכע שטיק ?

— די שטיק, וואָס מען האָט יעצט געשפּיעלט אין אידישען טהעאַטער.

— א שטיק רופט מען דאָס ?

טאַ וואָס דען ?

— איך וויים נים. איך האָב געגעסען וועטשערע.

— אבער ווי איז דיר דאָס געפעהלען ?

— איך וויים נים, ביי אונז אין פּרעכנע געהט מען מיט׳ן פּורים שפּיעל אין פרעמדע הייזער און דאַ מאַכען זיי דאָס אַלץ אויף איין אָרט...

— האָסטו כאָטש הנאה געהאַט ?

— ניט קיין שלעכטע וועטשערע ווען ניט די זויערע אוגערקע וואָלט, איך אפשר גע׳חלש׳ט. דאָס הארץ איז מיר געווען אזוי אוועק, צום „בלייבען“...

---

# א גליקליכע חתונה.

וואָס איך האָב אַלץ מיטגעמאַכט אין אמעריקאַ וואָלט גענוג געווען אנצופילען גראָבע ביכער. אָבער איך וויל אייך דערמיט אזוי פיעל ניט דולען. דען וואָס וועט אייך שוין ארויסקומען, אז איהר וועט דאָס וויסען ? עס איז כ׳לעבען גענוג פיעל איהר ווייסט

און איהר ווייסט בה"ש צופיעל. איהר האָט דאָך אויך אַלס גרינער דאָ קיין האָניג ניט געלעקט.

עס איז גענוג ווען איהר שטעלט זיך נור פאָר אַ גרינע מיידעל שאַשקע דווּדשקע מיכלעצקע, וואָס איהר טאַטע דער מלמד הייסט אין פּרעכנע נעבען שמעכנע שאַמשע בונע משועס און איהר מאַמע הייסט סטעשע נעבע, צילע דרייזעס — יאָ, ווען אַזאַ מיידעל, אַזאַ שאַשקע דוואַשקע מיכלעצקע קומט אַריבער נאָך אַמעריקאַ צו אַן עלטער מוהמען איטע גיטע מיסעס טשיפּטשיק, וואָס בייט איהר דעם נאָמען פון שאַשקע דוואַשקע מיכלעצקע אויף רייטשעל...

עס איז גענוג פאַר אייך צו וויסען, אַז עס איז כמעט ניטאָ איין מלאכה, ביי וועלכע איך האָב ניט געאַרבייט. דערצו האָב איך געהאַט צוויי „בריטש און פּראָמיס" פּראָצעסען. איך האָב פערקלאָגט מענער, וואָס האָבען זיך צו מיר געטשעפּעט, איינעם אַ לומפּ, וואָס האָט זיך צו מיר צופיעל געטשעפּעט...

איך וויל אייך נור זאָגען, אַז עס האָט מיר ניט פיעל געפעהלט, איך זאָל זינקען נאָך טיעפער און ווערען אַ געפאַלענע פרוי. עפּעס טאַקע נור אַ נס איז געשעהן, וואָס איך האָב ווי עס איז זיך צוריק־געהאַלטען.

די ביידע חברה־לייט, וואָס איך האָב פערקלאָגט, האָב איך גאָר ניט געקענט טהאָן. זיי זיינען ביידע געווען באָסעס ביי וועלכע איך האָב געאַרבייט. געמיינע פּאָליטישענס, לומפּען, וואָס האָבען געקענט איבערקעהרען אַמעריקאַ.

זיי האָבען אָנגעשטעלט געגען מיר פאַלשע עדות, וועלכע האָבען געשוואָרען, אַז איך פלעג מיט זיי פערברענגען גאַנצע נעכט און האָב זיך געלאָזט וואויהל געהן... מען האָט די לומפּען געגלויבט און איך האָב גאָר ניט אויסגעפיהרט, מיין נאָמען איז נאָך דערצו בעשמוצט געוואָרען אין די צייטונגען, אַז איך האָב זיך געשעהמט צו געהן אַרבייטען.

עפּעס יונגאַטשעס האָבען יאָ געוואָלט געהן מיט מיר וואויהנען. אָבער אָהן חופּה וקדושין, האָב איך זיי געהאַט אין דר'ערד... זיי האָבען מיך עטליכע מאָל טראַקטירט מיט קאַווע און אייער־בייגע־

לעך, און האָבען מיך דוקא גערופען איך זאָל אויסגעהן מיט זיי, אָבער איך האָב זיי געזאָגט, אַז זיי קענען  א ו י ס ג ע ה ן  אַליין. יאָ, אויסגעהן אַליין און זיך אָבטשעפּען פון מיר...

מיר איז דאָז געוואָרען זעהר אומעטיג אויפ'ן הארצען און איך האָב זיך ניט געקענט צוקלייבען קיין פריינד און קיין אָרט וואו און מיט וועמען צו פערברייננגען.

די וועלט איז מיר ענג געוואָרען, עפּעס ווי דער הימעל וואָלט מיר אויפ'ן קאָפּ געפאַלען.

נור פון דעסטוועגען האָב איך זיך פערשוואָרען מעהר אין שאָפּ ניט צו ארבייטען און בין אַוועק בעסער אויף אַ „פּלייס" און האָב זיך געשטעלט דיענען.

מיר האָבען אָבער אַ גאָט אין הימעל. בעשעהרט געווען אַז איך, שאשקע דוואָשקע מיכלעצקע רייטשעל, זאָל ווערען אַ ברייטע בעל־הבית'טע, טאָקע ווי מען זאָגט „אַ'רייט"; בעשעהרט געווען אויף מיין מזל, אַז איך זאָל ארומגעהן מיט אַ טיעפע טאָרבע אי־בער די הייזער קלייבען דירה־געלד, און ארומפּאָהרען אין אַ בריטשקע, וואָס געהט „פון זיך אַליין" און פייפט אויף אַלעמען...

בין איך אַנגעקומען דיענען ביי איינעם אַן עושר, אַ גוואַלד אין דער וועלט, אַ געוויסער מיסטער ליוואַי פון זאַסלאַקאָווינע. אַ מקום וואָס ליגט צווישען פּרעכנע און שמעכנע. דער דאָזיגער מר. ליוואַי האָט אין דער היים געהייסען פּלטיאל חאַצקעל בראַכעלניצקע, דאָ אָבער אין אַמעריקאַ איז ער אַ גוואַלד אין דער וועלט... ער קען אַלע פּאָליסלייט און סאַלון־קיפּערס און סתם אַזוי פּאָלאַטישי־נערס. ער איז אַ גוואַלדיגער פּאָליטישיגער אַליין...

אָט ער, דער דאָזיגער מר. ליוואַי, האָט זיך אין מיר פער־בליאַבטשעט איבער די אויערען, און האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ ניט אַנדערש און ניט אַנדערש מיך דוקא הייראַטהען.

ער האָט אַפילו געהאַט אַ אידענע פון זאַסלאַקאָווינע, אַ געוויסע רישע גיטקע, וואָס פלעגט קענען באַקען קאָרענע ברויט און שטריי־קען זאָקען, אָבער דאָס האָט מר. ליוואַי ניט געדאַרפט. ער האָט געהאַט הייזער און ברייזער און וואָס איהר ווילט נור הערען און

געדענקען, האָט ער זיך דערפאר פערקאָכט אין מיר. ערשטענס בין איך געווען אַ שרעקליכער יחוס־שידוך, ער האָט געקענט מיין טאַטען פון פּרעכנע. אַ קליינינקייט שאַמשע בוניע מושעם דער מלמד!...

מילא, האָט ער אבגע'גט זיין רישע גיטקען און האָט זיך ארומ־געכאַפּט מיט מיר, און איך הייס איצט אומעטום „די רייכע מיסעס ליוואי". איך בין גאָט צו דאַנקען אַ טהוערקע און אַ מאַכערקע, עס שפּאָלט זיך מיט מיר דער הימעל.

איהר מיינט, אז איך געה קאָלעקטירען דירה־געלד צו פוסען? אז אסור זאָל מיר זיין. איך האָב אַ „מאָטעל־מאָביל" (אויטאָמאָביל) און יאָג איבער אַמעריקאַ, אז זי פּעכנעט אונטער מיינע רעדער. מיין „פוהרמאַן" האַלט אין איין שטורכען מיין „מאָטעל־מאָביל" און ער האַלט אין איין קוויטשען איבער דער גאַנצער שטאָדט, אין איין אַנזאָגען, אז איך פאָהר...

מיינע מעשים טובים זאָגען אַ גוואַלד, גוואַלד.

איך האָב געגרינדעוועט (געגרינדעט) די „פּרעכנער שעהנע טעכטער פעראיין", די „פּאַמפּערניקעל סאָסייעטי", די „קינפּעט חברה", דעם „קריאת שמע קלאַב", די „ברייטע לאָקשען לאָדזש", די „שמעכנער טשואינג גאָם סקוהל", דעם „קאָרטען קלייזעל", די „זאַסלאַקאָווינער קרעפּכען קלעפּערקעס" און דעם ליטווישען „צאַצקע פערבאַנד".

שעהן איז נור ווען איך פאָהר אין מיין „מאָטעל־מאָביל" פאַר־ביי מיינע פּרעכנער לאַנדסלייט און שטעק זיי ארויס אַ צונג אונטער מיין וואַלקע, און מאַך זיי פייגען. נאַטירליך ווייסען זיי ניט, אז איך טהו דאָס, אָבער מיר קומט צו דערפון אַ שטיק געזונד, איך קוועל פּראָסט אַז דערפון. איך בין מיסעס ליוואי און געננג.

דאָס איז אַלץ, וואָס איך האָב געוואָלט אז איהר זאָלט וויסען. איצט אָבער, ווען איהר ווייסט שוין אַלעס, האָב איך אייך ניט מעהר צו דערצעהלען, און האָט מיר אַ גוטען.

ענדע צווייטען טהייל.

## גייסט און רשעות.

אידען האבען א אידיש ווערטעל: „מעהר מען לעבט מעהר זעהט מען". אט דאס דאזיגע ווערטעל פאסט איצט פיר מיר. ווען איך וואלט געלעבט אביסעל קנאפער, וואלט איך געשטארבען אין טעות.

כסדר:

„זייענדיג א שטיקעל גייסטיגער מענש אליין און פיהלענדיג א טועפע ליעבע צו גייסטיגע זאכען און האבענדיג גרויס רעספעקט פיר גייסטיגע מענשען, ווי דענקער, קינסטלער, מוזיקער, דיכטער, האב איך שטענדיג געמיינט, אז א גייסטיגער מענש, איינער וואס איז בעהערשט פון הויכע געדאנקען, הייליגע פאנטאזיעס און געפיהלען, יא אט אזא מין געהויבענער מענש קען אויף קיין פאל נים זיין א רשע.

מיין הויפט רעספעקט איז געווען פאר גאט־געבענשטע קאמפאזיטארען, בעשעפער פון איבער־ערדישע קאמפאזיציעס, פול מיט נשמה־פייער און געטליכע רעיונות. איך האב אויך געהאט די העכסטע מיינונג פאר שפיעלער פון מוזיקאלישע אינסטרומענטען, ווי וואיאלינע און קלאוויר. איך בין געווען איבערצייגט, אז אזעלכע גייסטיגע בעשעפענישען זיינען נים אים שטאנד צו טהאן אזעלכע עוולות ווי איינפאכע שטערבליכע.

איך האב געגלויבט, אז א מענש וועלכער סוד'עט זיך מיט גאט קען זיך נים חבר'ן מיט'ן טייפעל. איך האב נאך דעמאלט נים געוואוסט, דאס אין יעדען שטערבליכען זיצען צוויי גייסטער, א גוטער און א שלעכטער, א הויכער און א נידעריגער און, און

ביידע בעגלייטען איהם דורך'ן לעבען. עס ווענדעט זיך נור וועל־
כער גייסט אין איהם איז שטארקער, דער גוטער ארער דער שלעכ־
טער; ווער וועמען עס איז גובר.

איך האב גאנץ גוט געוואוסט פון אידישע ספרים, אז מאנכע
גייסטיגע, מען קען זאגען אפילו זאגען הייליגע מענשען, זיינען זעהר
שטרענג, אונקאמפּראמיסליך אין זייערע רעליגיעזע אנזיכטען, יא
ש ט ר ע נ ג, אבער ניט שלעכט.

עס איז אויך גוט בעקאנט, דאס מענשען, וועלכע שאפען נייע
פארמען אין קונסט, מוזיק אדער דיכטונג און אויך די, וועלכע גרינ־
דען נייע סיסטעמען אין דער וויסענשאפט און אין דער ליטעראטור
זיינען געוועהנליך שטרענג זיך ניט צו בויגען פאר אלטע אויטאריטעטען
און קעמפפען זייערע נייע געדאנקען און בעגריפען צווישען פאלק
צו פערפלאנצען, אבער דא איז ווידער די זעלביגע, זיי זיינען
ש ט ר ע נ ג.

זיי וועלען ניט זוכען זייערע געגנער צו ברייגגען אויף דער
תליה, אדער זיי אריינצוזעצען אין געפעננגים. דאס האב איך גע־
וואוסט און דאס האבען אלע געוואוסט. קיינער האט זיך אבער
ניט פארגעשטעלט אז גייסטיגע מענשען זאלען זיין עפענטליכע
מאסענמערדער, אדער אויפהעצער צו מארד, צו בלוט־פערגיסונג.

דער ערשטער גייסטיגער אויסוואורף פון וועלכען איך האב
געלעזען, איז דער דייטשער פערשאלטענער אנטיסעמיט ריכארד
וואגנער. אט ווי גרויס, ווי געטליך עס איז זיין מוזיק, אזוי טיי־
פעלש און ניעדערטרעכטיג איז געווען זיין שנאה צו אידען.

אט דער דייטשער שונא ישראל האט אין פאריז זיך געווענ־
דעט צו היינריך היינע ער זאל איהם טהאן געוויסע טובות. וואג־
נער איז נאך דעמאלט געווען יונג און אונבעקאנט. היינע האט
פאר איהם געשריבען און געטהאן אלץ, וואס ער האט נאר געקענט.
שפעטער האט דער אנטיסעמיט בעליידיגט דאס גאנצע אידישע
פאלק, היינען אריינגערעכענט.

ער האט געבולען מיט גאל אויף דעם קאמפאזיטאר מענדעל־
זאהן. ער האט געגאסען פעך און שוועבעל אויף מענדעלזאהן'ס

מוזיקאלישע קאמפאזיציעס נור דערפאר, וואס ער האט געשטאמט פון אידען. דער אונשטערבליכער אידישער קאמפאזיטאר מייער־בער האט געטהאן וואגנער'ן די גרעסטע טובות, צום סוף האט ער איהם בעהאווקעט און בעבולען ווי דער שמוציגסטער כלב.

וואגנער אין געגאנגען אזוי וויט אין זיין שווארצע שנאה צו אידען, אז ער האט געהאווקעט, דאס די מוזיק פון כל נדרי האבען אידען גע'גנב'עט, אז דאס איז ניט זייערע. ער האט זיך ניט אפ־געשטעלט פאר קיין שמוציגען אנגריף אויף דעם פאלק פון דער ביבעל.

אט דער דאזיגער דייטשער אנטיסעמיט האט ניט געפרעדיגט עפענטליך, אז מען זאל מאכען אויף אידען פאגראמען, אז מען זאל זיי הרג'ענען אין די גאסען, ער האט אבער געגאסען סם המות אין דעם אידישען לעבען און קיין בלבול אויף אידען איז איהם ניט צו גרויס, אדער צו קליין געווען.

דאס קען אונז נור ווייזען, אז די מענשליכע נאטור איז שווער צו בעגרייפען. נור וואס זאג איך עפעס די מ ע נ ש ל י כ ע נא־טור? די גאנצע נאטור אין אלגעמיין איז אזוי. זי גיט אונז בלו־מען און האניג, און טרויבען און פויגעל־געזאנג און זונענשיין און פארפומע, און צו דער זעלביגער צייט גיפט, דערנער, פינסטער־ניס און אונטערגאנג. ניין! דער מענש קען ניט זיין בעסער ווי דער מקור פון וועלכען ער שטאמט.

און שא! זיינען ווירקליך וואגנער און עהנליכע די איינ־ציגע גייסטיגע אנטיסעמיטען, די איינציגע אידען פערפאלגער אין דער געשיכטע? דערצעהלט אונז ניט די ביבעל פון א בלעם, א פראפעט און א דיכטער, וואס איז ספעציעל אראפגעבראכט געווארען צו שילטען די אידען?

זיינען שטעקער און האלווארד ניט געווען בעטיטעלטע גייסט־אריסטאקראטען, וואס האבען געפרעדיגט די פערניכטונג פון אי־דישען פאלק? און זיי זיינען נאך ניט אלע גייסטיגע און גייסט־ליכע וואס זיינען אויפגעשטאנען אויף אונזער לעבען. אין יעדען

דור און אין יעדען לאנד געפינען זיך שדים־מענשען אין דער גע־שטאלט פון גדולים, וואס זוכען אונז אונטערצוברייננען.

אבער גראד אט די דאזינע שונאים אונזערע ווייזען, אז מיר זיינען ניט אבי ווער. א לייב נעהט מען ניט בעזיעגען מיט א ל״ב באומר־פיילענבויגען און פאר א העלפאנט שטעלט מען ניט אונ־טער קיין פאסטקע פון מייז. ווען מיר זעהען וועלכע גייסטיגע ריעזען עס ראנגלען זיך מיט אונז, ווייסען מיר ערשט ווי מעכטיג און אייביג מיר זיינען, ווי אונמעגליך עס איז אונז גייסטיג צו פערניכטען.

אפילו בלעם הרשע פון וועלכען די ביבעל דערצעהלט איז ניט געוועזן דער ערשטער גייסטיגער געגנער אונזערער. די חרטומים פון אלט מצרים, שוין יענע געלעהרטע האבען געזוכט אין די שטערען דעם סוד פון אונזער אונטערגאנג און האבען איהם ניט געפונען.

# געזעלשאפט.

א ציוויליזירטער מענש איז א געזעלשאפטס־מענש, ווייל ציוויליזאציע און געזעלשאפט זיינען קרובים.

איידער דער מענש האט אנגעהויבען עפעס צו בעגרייפען און פערשטעהן, איידער ער האט זיך אנגעהויבען צו ציוויליזירען איז ער געוועזען א „פאר־זיך־מענש“. ער פלעגט וואנדערען איינער אליין אין פעלדער און וועלדער ווי אן איינזאמע חיה.

ער האט נים געהאט קיין געדאנקען וואס אויס צו טוישען און נים מיט וועמען אויסצוטוישען. ער איז געוועזען עלענד גייסטיג און פיזיש.

ערשט שפעטער האט זיך ענטוויקעלט די פאמיליע און נאך שפעטער די באנדע און נאך, נאך שפעטער די געזעלשאפט.

א מאדערנעם מענשען, אדער בעסער געזאגט, א ציוויליזירטען מענשען איז אונמעגליך צו דענקען וועגען א לעבען אהן געזעלשאפט, אהן מיט־מענשען. ער וועט זיך גיבער בעגעהן אהן פאמיליע איידער אהן געזעלשאפט.

מיר ווערען מאנכעס מאל פערוואונדערט ווען מיר רייזען אין דארפישע, אבגעלעגענע מקומות און מיר דערזעהען פלוצלונג אן איינזאמע, „פערווארפענע“ שטיבעלע ערגעץ אויפ'ן פעלד. מיר קוקען זיך ארום און מיר זעהען אין די וויטעסטע וויטקייט נים קיין שום נעביידע, קיין שום חבר־הויז צו דער דאזיגער הילצערנער יתומה און מיר גיבען גלייך א קלעהר: „ווי וואוינט מען דאס אזוי וויים אוועק פון מענשען?“ ווי קען דאס א מענש איבערהויפט זיך בעגעהן אהן שכנים? „או חברותא און מיתותא“.

„אָדער געזעלשאַפט אָדער טויט" האָבען די חכמים געזאָגט און מיר קענען דאָס ווירקליך אַנדערש ניט בענעהמען.

מיר בעטראַכטען אַ צוריק געצויגענעם מענשען, אַ „פאַר־זיך־מענשען", אַן איינזאַמען, פאַר אַ זאַנדערלינג, אַן עלענדען, אַ „הערמיט", ס'הייסט אַ „נזיר", אַ מענש, וואָס איז אָבגעשיידט פון אַלעמען, אָבגעזונדערט פון דער וועלט און מיר בעדויערען איהם אָפט אַלס אַן „אונגליקליכען".

עס זיינען דאָ „בעטשלער אַפּאַרטמענטס", ס'הייסט וואוינונגען מיט אַ כוין געמאַכט פאַר אונפערהייראַטע מענער און אונפערהייראַטע פרויען. דאָרט לעבען די בעטרעפענדע מענשען שטיל, רוהיג, ניט געשטערט פון דאָס מינדעסטע. דאָרט הערט מען קיינמאָל קיין היציגע, אויפגערעגטע טענות, קיין טומעל פון קינדער, קיין קלינגענדע געלעכטערס, קיין פרייד, קיין יאָמער, קיין התפעלות, קיין סכסוכים און קיין שטרייטיגקייטען.

דאָס זיינען מענשען וואָס ליעבען די שטילע רוה, וואָס טראָגט דעם „מענש" אין פערבאָרגעניש, וואָס זוכען ניט די פאָרטפּלאַנצונג פון די דורות, וואָס ניט זיי טשעפּען די וועלט און ניט די וועלט דאַרף זיי טשעפּען. זיי לעבען מיט זיך אַליין, מיט זייערע אייגענע נשמות. זיי זיינען גענוג אינטערעסאַנט פאַר זיך אַליין און זוכען ניט צו מישען זייער „איך" מיט אַנדערע. זיי האָבען זיך אויסגעאַרבייט זייער אייגענע פילאָזאָפיע אין לעבען און מען מעג הערען וואָס זיי האָבען צו זאָגען.

דאַכט זיך איינזאַמע בעשעפעניסען.

עס הויבט זיך אָבער גאָר ניט אָן. דאָס רוב פון אָט די דאָזיגע איינזאַמע מענשען האָבען בעקאַנטע פאַמיליעס, וואו זיי קומען אַריין. זיי האָבען געליעבטע מיט וועלכע זיי זיינען זעהר אינטים. זיי קומען אין טהעאַטער, זיי גהען הערען רעדעס איבער קונסט, ליטעראַטור, אָדער איבער אַנדערע זאַכען, וואָס זיינען זיי אינטערעסאַנט. זיי האָבען ניט קיין פאַמיליע, אָבער זיי האָבען געזעלשאַפט. מאַנכע פון זיי בעלאַנגען אין קלובען, וואו מען פערברענגט אין אינטערעסאַנטע שפּיעלערייען. מאַנכע ליעבען צו

בעזוכען ביבליאטהעקען, מוזעאומס, אפעראס, קאנצערטען, געוועט
אונטערנעהמונגען. מיט איין ווארט, זיי ליעבען געזעלשאפט און
וואלטען אהן איהר ניט געקענט אויסקומען. זיי ווילען די מענש-
ליכע געזעלשאפט ניט פערגרעסערען צוליעב פערשיעדענע אור-
זאכען, זיי ווילען זי אבער נוצען כל זמן זיי זיינען דא און האבען
דערצו די מעגליכקייט.

עס זיינען דא פערשיעדענע נאטורען.

מאנכע מענשען קענען זיך אריינפאסען אין יעדע קאמפאניע,
אין יעדע געזעלשאפט. יא, יעדע געזעלשאפט איז אינטערעסאנט
פיר זיי און זיי זיינען אינטערעסאנט פיר איהר. זיי גיבען דער
געזעלשאפט בלויז אזוי פיעל און דאס וואס די געוויסע געזעל-
שאפט פאדערט און זיי קענען נעהמען פון איהר נור ד א ס און
אזוי פיעל ווי זיי געברויכען פאר זיך אליין.

דאס זיינען די גליקליכע פון דער וועלט, די צופריעדענע. זיי
האבען ניט צו קיינעם און קיינער האט ניט צו זיי. זיי זעהען נור
אין אלץ און אלעמען דאס גוטע, דאס ניצליכע, דאס געברויכבארע.
מען מעג מיט רעכט זאגען, אז אט די דאזיגע לייט האלטען אויף די
מענשליכע געזעלשאפט. זיי זיינען דער צעמענט פון אלע נויט-
טיגע אינסטיטוציאנען און רעגיערונגען. זיי קענען הערען וואס
אנדערע זאגען און האבען א כח צו מאכען, אז אנדערע זאלען
ז י י הערען.

דאס זיינען וואס מען רופט די געלאסענע, די איבערלעגטע, די
צוגעלאזטע, די אויסגערעכענטע, די נ א ר מ א ל ע. אזעלכע
מענשען וועלען נאטירליך נ י ט געהן אין י ע ד ע געזעל-
שאפט, זיך ניט חבר'ן מיט יעדען איינעם. קוים אבער קומען
זיי צופעליג אפילו דארט וואו זיי בעלאנגען ניט, וועלען זיי זיך
אויך ניט געפינען צודרינגליך, איבעריג זיך פלאנטערענדיג
אונטער די פיס. זיי וועלען ניט פאלען צו לאסט אויף קיינעם און
קיינער אויף זיי, דען זיי וועלען גלייך בעגרייפען ו ו א ו זיי
זיינען, צווישען ו ו ע מ ע ן זיי זיינען און וועלען זיך באלד

די מינוט צופאסען צו זייער סביבה, צו זייער געזעלשאפט און ווע־לען זיך ניט לאנגווייליגען.

אט די דאזיגע מענשען זיינען, וואס מען רופט „אויסנעכאמטע". אויסנאהמען. דער דורכשניט מענש זוכט געוועהנליך זיין גלייכען מיט וועמען צו פערברענגען, עס ציהט איהם בלויז צו זיין קריז מענשען, וואס זיינען ניט נידעריגער און ניט העכער פון איהם, וואס ער און זיי און ער זיינען אלץ איינס.

דער אונגליקליכסטער איז אט דער דאזיגער בעציהונג איז דער איבערקלייבער, דער פיינשמעקער, דער מפונק. ער געפינט זיך מעהרסטענס צווישען זיינע מיט־מענשען ווי א „פינפטער ראד צום וואגען". ניט ער פאסט זיך צו קיינעם און ניט קיינער צו איהם און ער שלעפט זיך ארום ווי א פערבלאנדזשעטע נשמה.

ער איז זאנסט א גאנץ ארענטליכער מענש, א רוהיגער מענש און, נאכמעהר, א געזעלשאפטליכער מענש, דאך וואלט קיין געזעלשאפט פון אזעלכע מענשען ניט געקענט עק־זיסטירען, דען די וועלט איז געמאכט געווארען צוליעב זיך און ניט צוליעב איהם. מענשען זיינען ווי זיי זיינען און ניט ווי ער וויל זיי האבען און דער אמת'ער אמת איז, אז זיי זיינען גוט אט ווי זיי זיינען, אז אנדערש האבען זיי טאקע נאר ניט גע־דארפט זיין און ניט געקענט זיין, אז אנדערש וואלטען זיי גאר פשוט ניט געטויגט.

עס זיינען דא פערשיעדענע גראזען, פערשיעדענע בלומען, פערשיעדענע בוימער, פערשיעדענע פויגעל און אינזעקטען, און דיחות און געשמאקען און פארבען און איינגענשאפטען און טענער און ווירקונגען און אלע צוזאמען שטעלען צונויף די וועלט.

מען דארף זיך בעמיהען אריינצופאסען אומעטום און איז אלץ, דען דער מענש איז א מעכאניזם, וואס בעשטעהט פון אנדער מוז זיין אין איהר און מיט איהר. שטעהענדיג פון ווייטען משא אויף דער געזעלשאפט און אויף זיך אליין.

אין א סך פעלע זוכט די געזעלשאפט צו בעפרייען זיך פון אט די דאזיגע נפשות, וואס ווילען ניט, אדער קענען ניט זיך [illegible] איהר

צופאסען. זי שיקט זיי אוועק אין משוגעים־הייזער, אין תפיסות, אין סאניטאריומס און אפט אויף „יענע וועלט“.

געזעלשאפט מיינט ציוויליזאציע און נארמאלע מענשען דאר־פען איהר זוכען צו האלטען אין ארדנונג און זיך אין איהר אריינ־צופאסען. מען מ ו ז זיך אין איהר אריינפאסען, ווייל יעדער איינער האט נאטירליך דאס רעכט צו ז י י ן און צו זיין ניצליך און זיך ניט סתם באמבלען ווי א פסול'ע ציצי...

די אונניצליכסטע, אונגעווינשסטע מענשען זיינען די שונאים פון געזעלשאפט. א שונא פון געזעלשאפט איז א שונא פון פראג־רעס, א שונא פון לעבען, א שונא פון יעדען איינציגען מענשען בע־זונדער און פון אלע מענשען אין אלגעמיין.

עס איז קיין צווייפעל, אז אונזער געזעלשאפט קען, דארף און מ ו ז נאך פיעל אויסגעבעסערט ווערען. אבער די, וואס ווינשען די אויסבעסערונג זאל געשעהן, דארפען וויסען צוויי הויפט זאכען. ע ר ש ט ע נ ס, אז מען קען די וועלט ניט אויסבעסערען אויפ'ן מאשין, אז דאס מוז נעהמען צייט, אז שטעהענדיג אויף איין פונקט ווערט קיין וועלט ניט געשאפען און ניט רעפארמירט. צ ו ו י י ט ע נ ס, איז נויטיג צו וויסען, אז אום די געזעלשאפט צו פער־בעסערען טאר מען נ י ט שטעהן א ו י ס ע ר איהר, נור מען מוז זיין א י ן איהר און מ י ט איהר. שטעהענדיג פון ווייטען מאכט מען נאר ניט.

דער ריכטיגער, נארמאלער מענש איז דער ג ע ז ע ל ש פ ט־ל י כ ע ר, אבער ניט דער „מרוש“. דער כלל־מענש, אבער ניט דער פויר.

# שותפות.

די וועלט זאגט, אז די בעסטע שותפים זיינען מאן און ווייב ווען מען קוקט אויבערפלעכליך דאכט זיך טאקע, אז דאס איז אזוי. אין גרונד גענומען אבער איז דאס א שותפות, וואס האלט אויך ניט שטענדיג.

מאנכעס מאל זיינען מאן און ווייב ניט קיין געראטענע שותפים, מען רייסט זיך ארום, מען בעליידיגט זיך און מען „בע־גנב'עט" איינער דעם צווייטען אונטער די אויגען...

מאנכע מאן און ווייב זיינען געצוואונגען צו ווערען אוים „שותפים" אין גאנצען, אויפלעזען די „פירמא" און זיך שיידען אויף אייביג.

דאגעגען אבער זעהען מיר אין דער וועלט אזעלכע שותפים, וואס געהען זיך קיינמאל אין לעבען ניט פאנאנדער און, ווען די אלטע שותפים שטארבען, בלייבט די פירמא ביי זייערע קינדער, אפילו קינדס־קינדער און דער געשעפט ווערט געפיהלט פינקטליך און אין ארדנונג ווי ביי די ערשטע שותפים, וואס האבען דעם גע־שעפט געגרינדעט.

געראטענע שותפות איז דער גרעסטער קלאפ פאר די מענשען, וואס גלויבען ניט אין עהרליכקייט, שלום, אחדות און פערטרויען. דען אהן אט די דערמאהנטע זאכען וואלטען גאר קיין שותפים־געשעפטען ניט עקזיסטירען.

אמת, אז אין דער איצטיגער אויפגעקלעהרטער צייט האלטען זיך ניט קיין בעדייטענדע געשעפטען בלויז אויפ'ן עהרען ווארט פון די שותפים, אז די מסחרים זיינען ניט אנגעוויזען אויף זייר־

ערע קאפריזען, אויף זייער גוטען, אדער שלעכטען הומאר, אדער אויף זייער עהרליכקייט און אלגעמיין.

שותפות'ע געשעפטען פון א בעדייטענדען כאראקטער ווערען איצט אזוי געשלאסען און אזוי פערזיכערט ארום און ארום, אז זיי מוזען זיך האלטען טראץ די קאפריזען פון דער פירמא'ס א מיט־גליעד און טראץ זיין פערזענליכע נייגונג צו שווינדעל, אדער גנבה.

שותפות'ע מסחרים ווערען איצט אזוי פערזיכערט דורך'ן געזעץ, אז זיי מוזען האבען א קיום.

יא, דאס איז אמת, אבער דאס געזעץ גופא איז דאך אויך א מענשליכער אויפטהו און דאס אונטערוואָרפען זיך אונטערן געזעץ פאדערט כאראקטער, איבערלעגונג, צושטימונג, בערייטוויליגקייט און טאלעראנץ.

דאס געזעץ אליין, די טרוקענע פונקטען אויפ'ן פאפיער וואלטען קיינמאל קיין מענשען ניט געהאלטען אין הארמאני ווען זיי וואלטען זיך אליין ניט געקענט קאנטראלירען און בעהערשען. ווען מיר זעהען דארום, אז מענשען קומען זיך צוזאמען און גרינדען בשותפות גרויסע געשעפטען און לעבען צוזאמען ווי פריינד, איז א בעוויז, אז דער מענש איז ניט די „רייסענדע חיה", די „בעסטיע", וואס פעסימיסטען שטעלען זיך פאר און אז די וועלט איז אל־געמיין האט אויך גוטע זייטען. דאס שותפות ווייזט, אז מענשען קענען זיך איינפערשטענדיגען, זיך אויסגלייכען, זיך פערטראגען דארטען, וואו זיי האבען געמיינזאמע אינטערעסען.

נאכמעהר, עס זיינען דא אזעלכע געשעפטען, וואס זייערע שותפים קענען זיך ניט אנזעהן איינע די אנדערע, וואס זיי ריידען ניט איינע מיט די אנדערע, וואס זייערע נאטורען זיינען זיך סותר איינע די אנדערע און וואס זיי זיינען אפשר ניט קיין אי־בעריגע גוטע פריינד איינע די אנדערע, צום געשעפט אבער האט דאס גאר ניט. געשעפט איז געשעפט, אדער ווי דער ענגלישמאן זאגט : „ביזנעס איז ביזנעס". זיי זיינען איינמאל שותפים און אין געשעפטס אנגעלעגענהייטען זיינען זיי איינשטימיג און דאס

געשעפטען ווערט געפיהרט אין בעסטער ארדנונג און דארף א האאר ניט ליידען.

און וואס מעהר מענשען זיינען ציוויליזירט, וואס מענשליכער, וועלטליכער, אויפגעקלעהרטער זיי זיינען, אלץ מעהר קענען זיי זיך פערטראגען. אלץ צופריעדענער און רוהיגער איז זייער פערקעהר, אלץ גיכער קענען זיי מאכען שותפות, אלץ מעהר האפט האט זייער שייכות איינער מיט'ן אנדערען, אלץ מעהר ממשות האט זייער שותפות.

אפשר אין קיין לאנד אין דער וועלט איז דאס שותפות ניט אזוי שטארק פערשפרייט ווי אין אמעריקא. יא, דוקא דא, וואו די מענשהייט איז א צוזאמען געלאפענע, וואו איינער פון צווייטען איז פון דער אנדער זייט ים געוועזן אזוי ווייט, אזוי אבגעזונדערט און פערשיעדען.

ערשטענס. איז דאס לאנד גופא גורם, אז די מענשען זאלען זיך דא קענען גיכער אייניגען, די גלייכע געזעצען דערנעהנטערען די מענשען און פערגעמיינשאפטליכען זייערע אינטערעסען. צווייטענס, איז יעדער איינער אריבער זיין ענגען תחום המושב, ער האט אויסגעברייטערט דעם קרייז פון זיין בעוועגונג פון זיינע פריינד און בעקענטע. ער האט אויסגעפונען, אז מענשען זיינען מענשען, קיין אונטערשיעד פון וועלכען לאנד זיי קומען, וועלכע שפראך זיי ריידען און צו וועלכען גאט זיי דיענען.

דא קען מען געפינען אזעלכע שותפים ווי א טערק און אן אירלענדער, א איד און א כינעזער, א קאצאפ און אן אונגאר, א יאפאנעץ און א גאליציאנער חסיד א. ז. וו. דאס לאנד פיהרט צו די דאזיגע דאכט זיך אונגלייכע שותפות! וואס איז אין גרונד גענומען גאנץ נאטירליך, דען מענשען זיינען מענשען, קיין אונטערשיעד װ ו א ו, ו ו א ס און ו ו ע ן. מענשען האבען נרעצען, וואו זיי געהען זיך פ א נ א נ ד ע ר און געוויסע ערטער, וואו זיי קומען זיך צ ו ז א מ ע ן. איבערהויפט קענען זיי זיך צונויפקומען אויף דעם געביט פון געשעפט, דען געשעפט מיינט

פרנסה און פרנסה מיינט לעבען, א זאך, וואס אלע גלוסטען, דער אפיר פון דונקעסטען אפריקא, פונקט ווי דער פראנט פון די פאר־ריזער בולווארען.

ווען עס וואלט געווען דאס וואס אונזערע געזעלשאפט'ס פרעסער, די קלאגענדיגע פעסימיסטען זאגען, אז די מענשהייט איז אזוי פערדראבען און דורכגעפרעסען פון קארופציאן, וואלט דאס שותפות צווישען מענשען געווען אבזאלוט אונמעגליך, זיי וואלטען זיך ניט געקענט פערטראגען און ניט פערגלייכען, און ניט האבען קיין אינטימע, געמיינשאפטליכע אינטערעסען.

עס איז מעהר נאטירליך, אז מענשען זאלען י א שטימען איידער זיי זאלען נ י ט שטימען. נעהמט איינציגע טראפענס וואסער און גיסט זיי צוזאמען, וועלען זיי זיך גלייך צומישען און ווערען איין פליסענדע מאסע.

לייגט צונויף די פלאטען פון עטליכע ליכט אין איינעם און איהר בעקומט א י י ן גרויסען פלאם. דאס זעלביגע איז מיט איינציגע קערנער זאמד, וואס בילדען מיט זיך א בארג. עס איז דארום גאנץ נאטירליך, אז מענשען זאלען זיך אויך קענען פער־איינינען און בילדען צוזאמען געשעפטען, ווען די אינטערעסען זיינען די זעלביגע.

ווען מענשען קענען זיך בעהערשען איז גאר ניט שייך זיי זאלען ניט קענען שטימען.

מיר זעהען גאנץ אפט שותפים אין א געשעפט, וואו די בעלי־בתים פאסען זיך דאכט זיך גאר ניט צוזאמען און מיר וואונדערען זיך אויף אט דעם דאזיגען ביזנעס־שדוך. איינער איז אן אינטע־ליגענטער מענש, דער צווייטער איז אן עם הארץ. איינער איז א הייר־ציגער, דער צווייטער א קאלטער, א געלאסענער א. ז. וו.

ווען מען זאל אבער די זאך גענויער בעטראכטען, וועט מען זיך ניט וואונדערען, דען גראד דאס נעגענגעזעצע, דאס קאמפלי־צירטע און דאכט זיך דאס פערקעהרטע שטעלט צוזאמען דאס גאנצע, וואו אלעם ארביים פעראייניגט צום זעלבינען צוועק

בעטראכט װעלכע גרויסע, װיכטיגע מאשין איהר װילט און איהר װעט זעהן װי איין ראַד דרעהט זיך דאכט זיך פונקט קאפויר װי דער אנדערער; איין שרויף טהוט צו להכעיס דעם צװייטען, איין גליעד פון דער קאמפּליצירטער מאכענאַציע שאפט אויף צו פוקענים פון דעם צװייטען; ד א ס גערט א ר ו י ף און י ע נ ע ס גערט אראב; ד א ס בעװעגט זיך ל א נ ג ז א ם, אז קוים װאָס מען מערקט און י ע נ ע ס װארפט זיך און שלייּ־דערט זיך װי א קדחת.

דער אמת'ער אמת איז אבער, אז אונז אונװיסענדע צוקוקער ד א כ ט זיך דאס נור, אז די טיילען פון דער מאשין זיינען זיך צו װידער, דען אין גרונד גענומען פיהרט יעדע בעװעגונג בעזונ־דער צו איין און דעם זעלביגען סך־הכל, יאָ, צו איין רעזולטאט. אט די אלע געגענגעזעצטע תנועות מאכען בשותפות די מאשין, װעלכע ברענגט דער מענשהייט געװיסע נוצען.

דעם שוטה, דעם פלאַך־קאָפּ דאכט זיך, אז די װעלט איז משוגע, ער באװאונדערט זיך װי אזוי זי קען האבען א קיום. סטייטש! דער לויפט אהין און יענער לויפט אהער, זאכען זיינען זיך סותר איינע די אנדערע. מענשען, פאמיליעס, פעראיינען, אינסטיטוציאנען און רעגיערונגען ארבייטען דאכט זיך אין געגענגעזעצטע ריכטונ־גען. ער קען ניט זעהן די געהיימע שייכות, די שטילע שותפות, װאס פערבינדעט אלעמען צוזאמען און שטעלט צונויף די װעלט.

היינט װער רעדט שוין פון די מערקװירדיגסטע שותפות, װאָס עס עקזיסטירט אין דעם מענשען גופא!

די ביבעל דערצעהלט, אז גאָט האָט גענומען שטויב פון דער ערד און האט איז דעם אריינגעהויכט א נשמה פון לעבען און עס איז געװארען דער מענש.

האט דאס אונז גאָט דערמיט ניט געװיזען, אז דער פּראָסטער און גייסטיגער מענש קענען זיין שותפות און זיך פעראייניגען פריעדליך און פריינדליך צוזאמען?

עס איז אן אייביגע שותפות אין דאס גאנצע בעשאַף, א איי־

בינע שותפות צווישען דאס שלעכטע און דאס גוטע, דאס אונ־טערשטע און דאס אויבערשטע, דאס פינסטערע און דאס ליכטיגע. אלעס צוזאמען ארבייט דאכט זיך אין געגענגעזעצטער ריכטונג, אבער דאך איז הארמאניע.

עס איז א אייביגע שותפות אין וועלט און מענש.

# ערפאָלג.

אין יעדען לאנד אויף דער וועלט זיינען דא מענשען אויף פער־שיעדענע געביעטען, וואס האבען זיך „ארויף געארבייט", זיך צו עפעס דערשלאגען.

אויף דער העכסטער שטופע פון ערפאלג שטעהען נא־טירליך בלויז איינצעלנע, דאך אויף פערשיעדענע שטאפלען פון הצלחה געפינען זיך מעהרערע אין יעדען לאנד. יעדער איינער פון די מעהרערע אבער פערנעהמט זיין פערדיענ־טען ארט אין דער געזעלשאפט. ער ווערט ריכטיג אבגעשאצט לויט זיין פערדיענסט.

איין איינציג לאנד נור אויפ'ן ערד־באדען איז אין אט דער דאזיגע בעציהונג אבגעטראטען פון אלע מדינות. דאס דאזיגע לאנד אין אמעריקא.

דא איז כמעט ניטא קיין מיטעלפונקט. דא זיינען אויף דעם לייטער פון ערפאלג בלויז דא צוויי שטאפלען, נעמליך: דער אונטערשטער און דער אויבערשטער און ניט מעהר.

דא איז אזוי: אדער דו ביזט גאר, אדער — גאר נים. קיין מיטעלפונקט איז ניטא.

אט דער דאזינער כלל ווערט דא אנגעווענדעט אויף אלע און אלץ. אויף געשעפטע, אויף פאליטיק און אפילו אויף קונסט און ליטעראטור. דא מוז מען זיין אדער ערפאלגרייך אדער א פער־פעהלטער צוועק, א דורכפאל.

און אפילו די מאס גופא מיט וועלכע מען מעסט דא דעם „סאקסעס“, דעם ערפאלג, איז אויך אנדערש ווי אומעטום.

אין אייראפא, למשל, נעהמט מען אין אנבעטראכט איינעם׳ס גייסטיגע און מאראלישע שטעלונג. מען רעכענט זיך מיט איי־נעם׳ס מענשליכע אייגענשאפטען. דא איז אבער באלד די ערשטע שאלה וועגען דעם כח פון יענעם׳ס קעשענע. ווען איהר ווערט זוכען איינעם אבצולויבען, איהם אויפצוהויבען איבער די געוועהנליכע שטערבליכע, וועט זיין די ערשטע פראגע: „וואס איז ער ווערטה“? דאס הייסט, וואו האלט דאס מיט זיין בייטעל? מאכט ער עפעס א סך געלד, אויב יא, איז ער פאזיטיוו א גדול, איז ער „סאקסעס־פול“, א גרויסע, בעדייטענדע פערזענליכקייט.

אויף וועלכען וועג ער מאכט דאס געלד איז ניט קיינעם׳ס „ביזנעס“, קוים קען ער אויסשטעלען א בכבוד׳ען טשעק, וואס די באנק זאל איהם אננעהמען, איז ער ערפאלגרייך און מען דארף פאר איהם האבען דרך ארץ.

קוים האט אבער איינער ניט געבראכט זיין ערפאלג צו א פע־טען באנק־בוך. קוים איז איינער ניט קיין געלד־גייץ, ווייל ער זוכט דאס גאר ניט, אדער, ווייל די וועלט האט איהם געקריוודעט, דאן טויג ער אויף כפרות, דאן איז ער א „פעילור“.

אמעריקא׳ס מאס פאר גרויסקייט איז געלד. האסטו געלד, ביסטו גרויס. קיין העכערער, קיין בעסערער בעוויז צו גרויס־קייט ווי דער פולער טייסטער איז דא ניטא, און אזוי ווי אלע ווייסען דא דערפון, זוכט יעדער איינער זיך אנצושטרענגען מיט אלע קרעפטען צו מאכען דעם גראשען. די מיטעל זיינען א קלייניג־קייט. דער עיקר איז דער דאללאר.

אין קיין לאנד אין דער וועלט האט מען ניט אזא דרך ארץ פאר דער מטבע; שטעהט מען ניט אזוי אהן א היטעל פאר דער גע־שוואלענער פארטמאנעטקע ווי אין קאלומבוסעס מדינה.

איך געדענק אין מיין שטעדטעל אין דער ליטא איז געקומען פון אמעריקא צוריק אין שטעדטעל אריין א געוויסער „לייבעל באלטרוס“, א גראבער יונג, וואס האט געבראכט א סך געלד, האט

אויסגעבויט א גרויסען מויער אין מארק און האט געשפּיעלט א גביר'ס א ראלע.

אין שוהל אבער האט ער דאך קיינמאל ניט געקריגען קיין שעהנערע עליה ווי „איינם פאר אחרון". געלד איז זיך טאקי געווען געלד, אבער באלטרוק איז געבליבען ב א ל ט ר ו ק. דער רב פון שטעדטעל וואלט זיך קיינמאל ניט געשטעלט מיט איהם טענה'ן:

„שישי" און „שלישי", „אחרון" אדער „מפטיר" פלעגען צו־געטיילט ווערען גרויסע לומדים, ארעמע בני תורה, אדער אידען אזעלכע, וואס ביי זיי איז געווען פעראייניגט תורה און גדולה צו־זאמען.

אין אמעריקא אבער וואלט אזא באלטרוק געווען א גאנצער „קנאקער" ביי קהל. מען וואלט זיך מיט זיין שטים געמוזט רע־כענען. וואלט מען געדארפט א נייעם חזן פאר דער געמיינדע, וואלט ער געמוזט געהן, אז באלטרוק זאל איהם פערהערען; וואלט מען געדארפט א רב — וואלט ער געמוזט זאגען א דרשה, וואס זאל לייבעל באלטרוק געפעלען ווערען.

דא, אז איינער איז רייך, איז ער גאר אין גאנצען און גענוג.

אין אמעריקא, ווען איינער איז רייך און איז צופעליג א למדן, אדער אן אינטעליגענט, קוקט מען עפעס אויף איהם פון „אויבען אראב". מיט אזעלכען מאכט מען שוין אפילו דא אויך א שטיקעל אויסנאהם און מען וויל דוקא וויסען ווי אזוי ער האט זיך ארויף געארבייט. איז אמת'ן ווי קומט אז עדעלער מענש רייך צו זיין? עמי הארצים, אדער סתם לינקע כאראקטערם גלויבען, אז געלד קומט נור זיי אליין...

דאך אזוי ווי עס גיבט ניט קיין רעגעל אהן אן אויסנאהם, זיי־נען דא פון דעסטוועגען דאך פאראן גענוג עדעלע און אינטעליגענ־טע מענשען, וואס זיינען ערפאלגרייך אויף א גאנץ עהרליכען וועג און זיינען א ציערונג פיר זייערע מיטמענשען.

די גוי'אישע וועלט, נאטירליך, איז מיר דא גאנץ פרעמד, איך קען דא אבער א סך אידען אונבעשריען, וואס זיינען אידען און מ ע נ ש ע ן צוגלייך, נאבעל, אינטעליגענט און גוטהערציג,

וואס וואלטען ניט בעריהרט א צווייטען אויף אן אונעהרליכען שטייער; וואס זיינען דער שטאלץ פון זייערע לאנדסלייט, דער שפיגעל פון זייערע שכנים, די ברכה פון זייערע מיטמענשען און טהייערע קינדער פון זייער פאלק.

איך קען דא פאבריקאנטען און „דזשאבבערס" און גרונד אייגענטהימער (ריעל עסטייט לייט), וואס חבר'ן זיך כמעט אויסשליסליך מיט גייסטיגע מענשען, מיט ליטעראטען, לומדים און געבילדעטע לייט, וואס זייערע דאלערס זיינען די ערשטע פיר צדקה און עדעלע פאלקס־זאכען.

אט די דאזיגע אייטצעלנע מענשען געפינען זיך כמעט אין יעדע גרעסערע שטאדט אין אמעריקא. אין אלגעמיין אבער איז ווי איך האב פריהער געזאגט, דאס קוים האט נור איינער געלד איז ער שוין א דזשענטעלמאן און מען גיט איהם שוין אב כבוד אויף'ן גרויסען אופן.

פארוואס דאס איז עפעס דוקא אזוי אין אמעריקא און ניט אין אנדערע לענדער, איז ניט שווער צו בעגרייפען. דא איז א נייע צונויפגעלאפענע וועלט, וואס איז נאך דערוויילע פול מיט מעגליכקייטען פאר אירדישען ערפאלג. מענשען, וואס האבען זיך געפיהלט אונבעקוועם אין דער אלטער, אויסגעשעפטער אייראפא, אדער אין אנדערע טיילען פון דער וועלט, זיינען דא געקומען צו פערבעסערען זייער מזל. דא איז קיינער ניט געקומען טרוימען, זאנדערען צו זוכען תכלית, איינפאכען וועלטליכען תכלית. יעדער איינער האט זיך דא אריין געווארפען אין דעם גרויסען קאמפף פאר הצלחה און די פעהיגע, וועמען דער שיקזאל האט נור ניט אונטערגעשטעלט א פיסעל, האבען געהאט די געלעגענהייט זיך צו דערשלאגען צו עפעס.

קוים האט אבער איינער ניט פערשטאנען ווי די גאלדענע געלעגענהייטען אויסצונוצען און איז געבליבען דער זעלביגער שלים־מזל, וואס איז דער אלטער וועלט, אדער ער האט דא גאר גענומען געהן אויף גייסטיגע דרכים אלס תורה־לערנער, אלס ליטעראט, דיכטער, אדער קינסטלער, איז ער בעטראכט געווארען אלס איינער

וואס פערשטעהט ניט וואו ער איז אין דער וועלט, וואס ווייס ניט, אז דא איז דער באדען ניט מסוגל צו טרוימעריי, צו גייסטיגע בעגעבענהייטען. צו וויזיאנען און שווערמעריי פיר די עולמות עליונים, אז דא איז מען ניט געקומען זוכען בילדונג, אויפקלערונג, קונסט און קולטור, זאנדערן דעם הארטען, טרוקענעם אירדישען מאַ־לער, און קוים קענסטו דא ניט מאכען דעם מאלער, ביסטו א „פעילור" און וועסט א „פעילור" פערבלייבען מיט דיין גאנצער חכמה, מיט דיין בילדונג.

דער רעספעקט פאר עשירות איז דא ניט קיין געמאכטער, קיין פאבריצירטער. קיין ארויף געצוואונגענער, נור א נאטירליכער, א פסיכאלאגיש ריכטיגער און... אפשר אויך א בערעכטיגטער, דען אין גרונד גענומען איז אהן געלד גאר פשוט ניט פרעהליך, דאס ווייס אפשר קיינער ניט אזוי גוט ווי א אידישער דיכטער...

דאך ווי בעוואוסט שטעהען ניט זאכען אויף איין ארט, זיי בייטען זיך. פערענדערען זייערע פיזיאנאמיע און אויך דער אוועק־קוקען פון איינעמ'ס גייסטיגע ערפאלגען נעהמט אויך ביי אונז, אידען, אם וויינינגסטענס אן אן אנדער פנים. דא זיינען די לעצטע פינף זעקס יאהרען געקומען און זיך בעזעצט אזוי פיעל גייסטיגע, אינטעליגענטע לייט, אז זיי האבען געהאט א גוטע ערציהונגס וויר־קונג אויף די היגע מאטעריאליסטישע, קעשענע־נאטור.

מען פאנגט אן לאנגזאם, לאנגזאם צו קוקען מיט מילדערע בליקען אויף דעם, וואס זיין טאלאנט, זשעניע, לומדות, אדער וועלט־בילדונג איז ניט בעגלייט פון באנק־ביכער און טשעק־בי־כער, און „דידם" פון עלעווייטעד־אפארטמענטס.

דערווייל איז דער דאלער דער יחסן, יא, דערווייל שטעהט דער טשעק־בוך ביי דער מזרח־וואנט און די „דידם" אויף ריעל עסטייט פערהערען דעם רב און דעם חזן. לאמיר האפען און ער־ווארטען, אז דער גייסטיגער מענש וועט דא אמאל אויך קומען צום פסוק.

# אויף אַלץ אַ צייט.

עת לטעת, ועת לעקור נטוע.
(קהלת).

די פאָלגענדע צײלען װערען ניט געשריבען מיט עקסטרא פאָר־זיכטיגקייט און מורא, װײל דער שרייבער װײס, אז די רעגיערונג גיט אַכטונג אויף אַלץ װאָס אַן אמעריקאנער פעדער גיט איצט ארויס: נייז! דער מחבר װאָלט אַזוי געשריבען אויך דעמאָלט, װען ער װאָלט געהאט די ברירה צו שרייבען װ ו י ער װיל און װ ו א ס ער װיל.

איך בין פאָלשטענדיג איינפערשטאנדען מיט יעדע בעהויפטונג פון אַט דעם דאָזיגען ארטיקעל און עס מאַכט מיר גרויס פער־געניגען אזוי צו שרייבען פיר מיינע געעהרטע אידישע לעזער.

גאר צום ערשטען מוז איך זאָגען, אז איך בין געגען בלוט פער־גיסונג. ניט נור בין איך געגען פערגיסען מענשען בלוט, נור אפילו אנדערע לעבעדיגע בעשעפענישען קען איך אויך ניט זעהן בלוטען. איך בין מעהר גרינצייג עסער אלס יאטקעניק. איך בין ניט קיין װעגעטעריאַנער ביי פרינציפּ, איך בין אָבער ביי פּרינציפּ אַ בעל רחמנות, בין פון נאַטור אַ „רך לב", אַ צאַרט פיהלענדער און בין אלס איד אַ געגנער פון בלוט פערגיסונג און בלוט געברויי־כונג.

אונזער לעהרע האָט אונז אָנגעזאָגט מיר זאָלען ניט זיין בלוט־דורשטיג. מיר זאָלען קיין בלוט ניט געברויכען אויף קיין פאַל, װײל „כי הדם הוא הנפש", װײל דאָס בלוט איז די נשמה, דאָס ל ע ב ע ן און מיר האבען דארום קיין רעכט די נשמה, דאס לעבען פון אַ בעשעפענים צו פערצעהרען.

זעלבסט פערשטענדליך אז איך בין געגען דעם אז מען זאָל שניידען לעבעדיגע מענשען און זייער בלוט לאָזען רינען.

און דאָך זיינען דאָ אזעלכע מאָמענטען ווען איך בין נ י ט געגען שניידען לעבעדיגע מענשען און איך זעה רינען מענשענ־בלוט אָהן שוידער.

דאָס איז ווען מען מאַכט אַ מענשען אַן אָפּעראַציע, ווען מען שניידט איהם אוים אַ געפעהרליכען געוויקס כדי צו ד ע ר ל ע נ־ג ע ר ע ן זיין לעבען. איך בעוואונדער דעמאָלט, אָדער בעסער געזאָגט, איך פערגעטער דעם בעריהמטען כירורג, וואָס ווייס ווי דעם מעסער ריכטיג צו געברויכען, וועלכער קען גוט שניידען און זיין האנד, ווי זיין הארץ, ציטערט ניט דערביי. ער שניידט מייסטערהאַפט און זיכער, צו ראַטעווען אַ מענשען פון פריהצייי־טיגען שטאַרבען.

איך בין קיינמאָל ניט געגען „אידישען“ אַ אינגעלע לויט דעם פערזאַג פון אונזער הייליגע תורה. איך וויים, אז עס וועט דער־מאָלט רינען בלוט און שאַפען שמערצען, איך וויים אַבער אז עס איז חלילה קיין בייז ניט. עס איז אַ הייליגע אָפּעראַציע, אָהן סכנות.

בכן איז צו זעהן דערפון, וואָס איך האָב דאָ געשריבען, אז עס זיינען פאראַן אזעלכע מאָמענטען, ווען שניידען מענשען־לייב און מענשליכע בלוט פערגיסען איז אַ מ ו ז, אַ נויטווענדיגקייט און צומאָל אַ מ צ ו ה. דאָרט, וואו די אָפּעראַציע מ ו ז געשעהן איז איבעריג געגען דעם צו שרייען און וואָס גיכער זי ווערט גע־מאַכט איז אַלץ געזינטער און בעסער.

עס איז אַבער נויטיג דערביי צו וויסען, אז אָפּעראַציעס זיי־נען ניט שייך בלויז ביי אַ י י נ צ ע ל נ ע מענשען, נור אפילו ביי גאַנצע נ א צ י אָ נ ע ן. עס זיינען דאָ אזעלכע מינוטען, ווען די צייט מאַכט אַ געוויסע אָפּעראַציע דער גאַנצער מענשהייט, עס ווערט געשניטען, אז עס גיסען זיך בלוטיגע טייכען, מיר קוקען און שוידערען: „אזאַ מערדעריי ! אזאַ נידערטרעכטיגקייט ! אזוי פיעל מענשענבלוט צו פערגיסען“.

דער כירורג צ י י ט אבער הערט אונז ווי די וואנט, ער שניידט, מאכט די אפעראציע כדי צו ראטעווען די וועלט פון תהו ובהו. כדי פארטצוזעצען דעם גאנג פון דער געשיכטע, כדי צו בעפעררערען דעם פארטשריט פון די דורות.

ווען א קאנסולאם פון רופאים בעשטימט, אז מען מוז שניידען, אז עס מוז פארקומען אן אפעראציע, אז אהן מעסער וועט דאס ניט געהן, דעמאלט איז איבעריג אז מיר, איינפאכע מענשען, זאלען זיך אריינמישען און שטראפען די דאקטוירים, דאס זיי זיינען „מערדער" אזא זאך צו בעשליסען, דאס מען קען דעם קראנקען לאזען מיט דער נאטור, דאס ער וועט סאי ווי סאי געזונד ווערען און אז דאס ניצען דעם מעסער איז א רציחה...

די פאליטישע כירורגען פון א מדינה זיינען איהרע גרויסע דיפלאמאטען און שטאאטסמענער. דער פאליטישער קאנסיליום פון אזא לאנד ווי אמעריקא למשל איז דער קאנגרעס אין וואשינג־טאן און דער הויפט־כירורג־עקספערט, איז דער פרעזידענט. ווען אט דער דאזיגער אזוי גערופענער „קאנסיליום" בעשטימט אן אפע־ראציע, טו ווער קען וואגען צו זאגען, אז עס איז ניט נויטיג?

די מענשהייט מוז איצט דורכמאכען א שווערע אפעראציע, דער דייטשער מיליטאריזם איז דער טויטליכער קרעבס, דער „קאנס־ער" וואס מוז אויסגעשניטען ווערען פון דער מענשליכער גע־זעלשאפט, עס מ ו ז אויסגעשניטען ווערען, בלוט מוז רינען כדי די קלענערע פעלקער פון אונטערגאנג צו בעפרייען. ווער וועט דאס וואגען צו זאגען, אז מען זאל דייטשלאנד'ס קאיזעריזם און יונקעריזם לאזען געהן זייער גאנג, זיך פערלאזען אויף זייער יושר פון קאזארמע, אויף די „פוכקע לבבות" פון א הינדענבורג, און פון א פאן טירפיץ און זייער געקיווערטע קליקע?

וואו איז דאס פאראן אין דער גאנצער וועלט איין קלאהרער מענש מיט א געזונדען מארך, וואס זאל בעהויפטען, אז מען דארף דעם דייטשען קרעבס לאזען געהן מיט דער נאטור, לאזען מיט גוטען און ניט שניידען, ניט מאכען די נויטיגע אפעראציע? עס גיסט זיך בלוט, נאטירליך! דאך צו דער צייט פון בלוטלאזע

אָפּעראַציעס איז נאָך די וועלט ניט געקומען. דער מעסער איז דער בעל הבית און דאָרט וואו מען מ ו ז איהם געברויכען, העלפט ניט קיין רחמנות פּנים און קיין פערדאַמען דעם כירורג, וואָס מאַכט די אָפּעראַציע.

דאָס איז ניט די ערשטע בלוטיגע אָפּעראַציע, וואָס די מענש־הייט איז דורכגעגאַנגען און הלואי זאָל איך ליגען זאָגען — דאָס וועט נאָך אויך ניט די לעצטע זיין.

איז געוועהנליכען לעבען ווייסען מיר, אַז איינפאַכע מענשען וועלען זיך ניט ערלויבען אַריינצומישען דאָרט, וואו כירורגען וועלען בעשטימען ווי צו האַנדלען, אַז דאָקטוירים זאָגען שניידען איז שניידען און פערפאַלען.

דאָך איז אַ וועלט־אָפּעראַציע געפינען זיך כלומרשט בעלי רחמנות, וואָס שרייען „מען דאַרף ניט". עס „וועט זיך אויס־פּרעסען" זאָגען זיי. אַזוי ווי אַ מלחמה איז ניט איינע פון די פרעהליכע זאַכען איז ניט שווער דעם עולם איינצורעדען, אַז מען קען אָהן דעם אויך אויסקומען.

מען קען ניט לייקענען, אַז די פאַבריקאַנטען פון די אָפּעראַ־ציאָנ'ס אינסטרומענטען, פון די כלאָראָפאָרם און די אַנטיסעפּ־טישע זאַכען זיינען צופריעדען, דערפון וואָס מען מאַכט אָפּעראַ־ציעס, איז אָבער דער תירוץ פאַר וואָס מען זאָל ניט אַרויסשניי־דען קיין שטיין פון די ניערען און לאָזען דעם קאַנסער פערצעהֿ־רען אַ מענשען?

אונזין!

עס איז דערפאַר ראַטהזאַם פאַר'ן עולם צו האַנדלען רוהיג. זיך ניט לאָזען פערפיהרען פון דעמאַגאָגען, מיט „גאָט'ס רחמנות" איוף די ליפּען און ניט געבען זיי די געלעגענהייט דעם עולם'ס צער אויסצוניצען צו זייערע פּאָליטישע צוועקען. ווען די צייט פאַר שלום וועט קומען וועט זיין שלום ושלוה און אַנשטאַט קריעגס־ליעדער וועט דאָס פאָלק זינגען וואָדעוויל ליעדער, וועט לאַכען און זיך אַמוזירען.

רעדט מיט פאָלקס־פערפיהרער, טומעל־מאַכער און אויפהע־

צער וועט איהר זעהען, אז ניט נור זיינען זיי געגען די גוזעצליכע האנדלונגען פון א מדינה, פון א רעפובליק, נור אפילו געגען די פיהרונג פון דער נאטור.

ווען די נאטור וואלט זיי געפאלגט למשל, וואלט קיין מאל ניט נערעגענט ביי א מארש פון „ארבייטארער", עס וואלט קיין מאל ניט געבליצט און ניט געדונערט, אז קליינע קינדער זאלען זיך שרעקען: ווייבערשע שפענצערס וואלען געגאנגען צו קינד אנשטאט ווייבער, „בייבים" וואלטען געבארען געווארען מיט סאַ־מעטענע צייהנער ניט צו בייסען זויגענדיג און אויף די פעלדער וואלטען געוואקסען פערטיגע פאמפערניקעלס, קאשע־בולבע מיט שמעטענע און מילכיגע לאקשען...

די מעשה איז אבער ניט אזוי. די נאטור הערט זיי ווי אין טראק און דער מענש מוז זיך אנשטרענגען צום לעבען און צו לע־בען מיט א סדר.

ווען די וועלט וועט זיין צייטיג פאר ישעיה'ס נבואה, ווען שווערדען וועלען ווערען איבערגעשמידט אין אקער־אייזענס און שפיזען אין בראנעם צו בעארבייטען די פעלדער, א פאלק געגען א פאלק וועט ניט מעהר הויבען קיין שווערד און קיין שלאכט ניט פיהרען, יא, ווען יענע גליקליכע צייט וועט קומען, וועט מען ניט מעהר דארפען קיין פארעווע פראפאגאנדירער, אז זיי זאלען דאס אונז „אויפקלערעווען" און זיך רייצען מיט'ן עולם'ס וואונדען און צו דער פ י ז י ש ע ר מלחמה נאך דערלייגען א מ א ר א ל י ש ע, ערגערען און ענטמוטהיגען אונזערע יונגע העלדען און זייערע נאָ־הענטע פריינד און געליעבטע.

# אונזער נייער דור.

וואס פאר א פנים האט אונזער נייער אידישער דור אין אמע־ריקא? איז ער געראטהען אין דעם אלטען דור?

דאס איז א פראגע אויף וועלכע עס איז ניט לייכט צו ענט־פערען.

בעטראכטענדיג דעם אלטען ניו יארקער אידישען קווארטאל, די „איסט סאיד", וואו עס זיינען מיט א האלב יאהר הונדערט צוריק אנגעקומען די ערשטע אידישע איינוואנדערער פון אייראָ־פא, דאכט זיך ביי'ם ערשטען בליק, אז אידען זיינען א י ד ע ן. ווען מען קוקט זיך אבער צו אביסעל נעהענטער זעהט מען, אז עס איז עפּעס „ניט דאס", אז עס איז עפּעס ווי מען זאגט: „האלב יאקיש, האלב פּייוויש". עס איז י א אידען, נ י ט אידען. דאס אידישקייט איז שוין עפּעס „ניט מיט אלעמען".

אמת, די „איסט סאיד" האט א סך סינאגאגען, בתי מדרשים, תלמוד תורה'ס, אידישע צייטונגען און פערשיעדענע אידישע אינ־סטיטוציעס, אט די אלע אויסגערעכענטע זאכען אבער ווערען אויס־געהאלטען פון די איינגעוואנדערטע אידען, אדער בעסער געזאגט, פון דעם ע ל ט ע ר ע ן דור. די יוגענד איז אין אט די דערמאנ־טע געגענשטאנדען ניט צו שטארק פערליעבט.

אין גרונד גענומען איז די אידיש אמעריקאנישע יוגענד אין די „איסט סאיד" כמעט מעהר אין גאנצען ניט פאראן. די קינדער פון די ערשטע איינגעוואנדערטע אידען וואוינען ניט מעהר אויף דער „איסט סאיד". דארט האבען זיך נור אבגעשטעלט די ע ל ־ ט ע ר ע, אדער ריכטיגער געזאגט, די א ל ט ע. דער ניי פער־

הייראטהעטער אמעריקאנער, אדער אמעריקאניזירטער איד וואוינט
ווייטער „ארויף", יא, אין די העכערע מקומות, אין די נייע קווארּ
טאלען פון „אפּ טאון": אין „וואשינגטאָן האיטס", „ריווערסאיד
דראייוו", אין די שעהנע טהיילען פון די בראנקס און נאך ווייטער.

אין אט די בעטרעפענדע געגענדען איז מען שוין ניט שטארק
פארזיכטיג מיט'ן דאוונען, מען לייגט ניט קיין תפילין און מען
טראָגט ניט קיין ציצית און מען איז ניט מקפיד אויף כשרות. מען
רעדט ניט קיין אידיש, מען לעזט ניט קיין אידישע צייטונגען און
ביכער. דער תנ"ך איז דאָרט אבזאלוט א פרעמדער, אן „עיליען".
די אייניקלאך און אור אייניקלאך פון די ערשטע אידישע אימיּ
גראנטען זיינען בלויז אידען אין נאמען, זאנסט זיינען זיי אמעריּ
קאנער, אהן שום רעליגיאָן, אהן שום אידישע טראדיציעס, אהן
דאס מינדעסטע שייכות מיט אמת'ע אידישקייט. זיי זיינען גאנץ
פרעמד מיט אידישע געשיכטע, מיט אידישע גדולים, מיט אידישע
מארטירער און מיט אידישע הייליגקייטען.

מאנכע. אבער טאקע נור מאנכע פערבלאנדזשענען נאך איין
מאל אין א יובל אין אידישען „טרעאטער" צו זעהן אידישע פאּ
יאצאוקע און אידישע פאיאצען...

העכסטענס האבען נאך אט די דאזיגע אידישע אמעריקאנער
א שטיקעל שייכות מיט זייער פאלק אויף דעם געביט פון „צדקה,
„טשאריטי". מאנכע פון די פערמעגליכע ווען מען ווענדעט זיך
צו זיי מיט אן אויפרוף פיר ליידענדע אידען אין א גלות־לאנד
גיעבען זיי א נדבה. דאס איז אלץ אויף ווי ווייט זיי געהען, אבער
ניט ווייטער.

צום בעסטען קען מען דאס זעהען ווען מען וואוינט צווישען
די יונגע אידישע אמעריקאנער אין די העכערע קווארטאלען. דאס
איינציגע וואס מאכט זיי נאך פיהלען אידישדיג, איז דאס וואס די
קריסטען פון יענע געגענדען ווילען זיך פון דעסטוועגען אלץ מיט
זיי ניט חבר'ן, פאר גוים זיינען זיי נאך אלץ געווען אידען מען זאל
זיי פיינד האבען. דאס איינציגע אן וואס מען דערקאנט אז
זיי זיינען אידען, איז מאנכעס מאל די נאז, מאנכעס מאל דער נאּ

מען און מאנכעס מאָל דער אידישער שפּייז־קרעמער „גראָסער“, אָדער איז בעזונדערע,גאַנץ, גאַנץ זעלטענע, אויסגעכאַפּטע פּעלע דער אידישער קצב „בוטשער“, ביי וועמען מען קויפט דאָרט פּשוט דערפאר, ווייל ער האָט זיך דאָרט דוקא אריינגערוקט, זאָנסט וואָלט מען זיך א ה ן איהם אויך גאַנץ שעהן בעגאַנגען.

קיין גאַנץ אַלטע אידען, אָדער אידענעס זיינען נאָך דערווייל איז די בעטרעפענדע אידיש־אַמעריקאנישע קוואַרטאַלען ניט צו זעהען און ווען מען טרעפט יא וואו ניט וואו אַן עלטערען אידען איז ער ניט מעהר פון דעם זעלבינען טיפּ, וואָס מען טרעפט אין דער „איסט סאַיד“, דאָס איז שוין אָדער א געגאָלטער, אָדער א בעשאָרענער. דער פערוואַקסענער איד מיט א פּאַטריאַרכישען אידישען אויסזעהען איז אין גאַנצען פערשוואונדען. אויב מען זעהט יא ערגעץ א בעיאָהרענטען אידען זעהט ער אוים מעהר ווי א „יאַהודי“, ווי מען איז געוואוינט צו רופען א דייטשען אידען. די עלטערע אידישע פרוי, וואָס איז נאָך ערגעץ וואו פאַראַן איז שוין אויך אַמעריקאַניזירט. די עלטערע געפינען זיך דאָרט מעהר־סטענס ביי קינדער, וועלכע זאָרגען שוין די עלטערען זאָלען ארויס־געהן אין גאַס לייטיש אנגעטהאָן, ארומגעוואַשען און צוגעפּוצט.

דאָך איז נויטיג צו בעטאָנען דעם פאַקט, דאָס ניט אַלע פון די אַמעריקאַנער אידישע יונגע לייט, וואָס וואוינען ניט אין דער „איסט סאַיד“ זיינען שוין אוועק פון אידישקייט אין גאַנצען.

עס זיינען דאָ יונגע אידישע אַמעריקאַנער, מעהרסטענס אינ־טעליגענטע, וואָס זיי אַארט ווי דער נעכטיגער טאָג דער פאַקט, וואָס די גוים זיינען פון זיי אָבגערוקט און ווילען מיט זיי ניט פערקעה־רען.

זיי האָבען אין יענע מקומות ניט אריינגעצויגען, ווייל דאָרט וואוינען קריסטען, זיי האָבען נ י ט געזוכט זיך איינצוקויפען ביי די גוים אין יחום. ניין! זיי בעטראַכטען זיך פונקט אַלס די זעלבינע יחסנים, אַלס די זעלבינע גוטע אַמעריקאַנער. זיי האָ־בען דאָרט בלויז אריינגעצויגען פון בעקוועמליכקייט וועגען.

סיי ווי סיי טהוט דאָס אָבער אינדירעקט א טובה דעם אידענ־

טהום און אזוי צו אזוי מוזען זיך דארט ווילענדיג, ניט ווילענדיג גרינדען אידישע אינסטיטוציעס און מיט דער צייט אויך רעלי־גיעזע אינסטיטוציעס, ווי סינאגאגען, אדער „שוהלען“.

דער דאזיגער יונגער מאן, אדער פרוי, וואס לעגט דא דעם ווינקעל־שטיין צו יודענטהום אין אמעריקא, אט דער דאזי־גער מין איד וועט שוין זיינע קינדער אויך ערציהען אין דעם אידישען זינן. ער וועט זיי ניט מאכען פאר פרומאקעס לויט דעם שולחן ערוך, ער וועט זיי אבער ערציהען אלס אידען, וואס זיינען שטאלץ אויף זייער פערגאנגענהייט און פערהערליכען די ביבעל.

די אונטערשטע שורה איז, אז מען טאר ניט נעהמען זאכען איבערפלעכליך, א קוק און געאורטהיילט. דאס יודענטהום אין אמעריקא וועט ניט אונטערגעהן, ווען עמיגראציע זאל אפילו אויפ־הערען אין גאנצען. עס ענטוויקעלט זיך דא לאנגזאם אבער זי־כער א דור מיט א גאנץ נייעם סארט „אידישע קינדער“, מיט וועל־כע אונזער געשיכטע וועט זיך שפעטער ניט דארפען שעהמען. עס זיינען שוין איצט פאראן דא אין לאנד היגע געבארענע יונגע לייט, מיידלעך און בחורים וואס זיינען שטאלץ צו לערנען העברע־איש און זיך צו אינטערעסירען אין אידישע אנגעלעגענהייטען.

ניטא וואס צו פערצווייפלען, דאס יודעטהום בלייבט דא ניט איבער אויף הפקר, אידען זיינען געוועזן און אידען וועלען בלייבען.

# אַ קינדער-שפּיעל.

אַז די קינדער דערקענט מען די עלטערען.
זעהט ווי די קינדער שפּיעלען זיך און איהר וועט פערשטעהן ווי די עלטערען בענעהמען זיך.
זעהט אין וואס די קינדער זיך שפּיעלען און איהר וועט זיך מערקען פון וואנען זיי קומען.
שטאָדט־קינדער קענען זיך אמאָל שפּיעלען אין „ארעסטענים“. איין קינד שפּיעלט די ראָלע פון א פּאָליציסט, ער האט אין האנד א פּאָלקע אָדער א רעוואָלווער און ארעסטירט אַנדערע קינדער וואס שפּיעלען די ראָלע פון גנבים, שכורים, אָדער קאָרטען־שפּיעלער.
אין שטאָדט קען מען זעהן ווי קינדער שפּיעלען זיך אין „סטאָר“, דאס הייסט אין אידישע אידיש אין „קראָם“. איין קינד איז א „קרעמער“ און אַנדערע קינדער זיינען „קונדען“, די קויפער.
אַז דעם שטייגער פון די „ק ו י פ ע ר“ קענט איהר מעהר־סטענס דערקענען זייערע מוטערס. אַנדערע מיידעלאך דינגען זיך כלומרשט, געהען צעהן מאָל אַוועק און קעהרען זיך אום צוריק. דער „קרעמער“, וועלכער עסט זיך כלומרשט אוים א שטיק הארץ, איידער ער „פערקויפט“ און ווען זיי געהען שוין אַוועק שרייט ער „קושענירקעס“...
אַזעלכע און עהנליכע שפּיעלעריי קען מען זעהן אין שטאָדט, איבערהויפּט אין אַזא גרויסע שטאָדט ווי ניו יארק, וואו די קינ־דער פון די אָרעמע גאסען זעהען ווי זייערע מאַמעס האנדלען ביי די שטופּ־וועגעלאך, אָדער אין די מילביגע שפּייז־קרעמלאך און „בשרע“ יאַטקעס.

אין די רייגע גאסען, וואו עס וואוינען פאבריקאנטען, גרונט אייגענטימער און קרעמער, וואס זיינען „גוט אב“, שפּיעלען זיך די קינדער גאנץ אנדערש.

דארט זעצען זיך די קינדער ארום א טיש און „שפּיעלען אין קארטען“, די „מענער“ בעליידיגען כלומרשט די „פרויען“ און די „פרויען“ די „מענער“ פאר אונטרייהייט און זיי געברויכען דער־ביי ניט קיין חן׳עווידיגע ווערטער...

זיי שפּיעלען כלומרשט אין „רעיסעס“ (סקאטשקעס)“, אדער אין „בערזען ספּעקולאציע“ או. אז. וו. מען קען גלייך דערקענען ווער זייערע טאטעס און זייערע מאמעס זיינען, און ווער עס זיינען די געסט, וואס בעזוכען זייערע הייזער, ווי זייערע עלטערען פער־בריינגען זייער צייט, מיט וואס זיי אמוזירען זיך און ווי שעהן זיי פיהרען זיך אויף מאראליש...

זייענדיג אין שטאדט איז מען צופיעל פעריאגט און פער־פלאגט צו שיינקען אויפמערקזאמקייט צו די שפּיעלעריי פון קינ־דער, דאך זייענדיג אויף מיין וואקאציע אין די יאגדעס בערג, איז דאס מיר אינטערעסאנט. דא זיינען פאראן געבארענע און ערצוי־גענע דארפס־קינדער און שטאדט־קינדער, די קינדער פון די זומער־געסט.

עס איז זעהר כאראקטעריסטיש ווי די צווייערלייי קינדער שפּיעלען זיך צוזאמען. ווי זיי קענען זיך ניט איינפערשטענדיגען. דאס זיינען קינדער פון צוויי פערשיעדענע וועלטען, זיי קענען זיך ניט שפּיעלען אין איינעם, ווייל זיי פערשטעהען ניט איינע די אנדערע. זיי ריידען אלע ענגליש, זיי זיינען קינדער פון אמערי־קאנער פאלקס שוהלען, אבער זייערע בעגריפען זיינען גאנץ אנ־דערע

איך זיץ אויף א גראז־באנק און זעה ווי די שטאדט־קינדער און די דארפס־קינדער שפּיעלען זיך „סטאר“ און ווי זיי קענען זיך ניט פערשטענדיגען און מוזען זיך גאר פשוט פאנאנדער געהן.

— נו, פלארענס — זאגט א שטאדט־מיידעל (די קרעמערקע) צו א דארפס־מיידעלע, וואס שטעהט נעבען דער כלומרשט „סטאר“

און קויפט נים — פאר וואס קויפסטו נים ? מיר שפּיעלען דאך „סטאר“.

— איך האָב נים קיין געלד מים וואס צו בעצאהלען — ענט־פערט דאס קליינע אכט יעהריגע פארמער קינד.

— נאר ! מען דארף נים קיין אמת'ע געלד — ערקלעהרט דאס שטאדט־קינד — מען דארף נור קאטאוועס־געלד, דארפסט נור בעצאהלען אויף צו פּלייסען. נעהם שטיינדלאך און שערב־לאך און בעצאהל.

— מיין טאטע האט אונז אנגעזאגט, אז מען טאר קיינעם נים אבנארען, אז אהן געלד טאר מען קיין זאך נים נעהמען, מען מוז פאר אלץ בעצאהלען.

— דיין טאטע איז א פארמער — האט דאס שטאדט־קינד געזאגט — ער ווייסט נים ווי מען שפּיעלט זיך „סטאר“...

— יא, יא — האט געענטפערט נאאיוו דאס דארפישע מיי־דעלע — מיין טאטע איז א פארמער, מיין אנקעל איז אויך אפאר־מער און מיין ברודער אויך. מיר זיינען אלע פארמערס. מיר צאהלען נים מים שטיינער ווען מיר קויפען עפּעס... מיר צאה־לען מיט געלד. נו, און וואס איז דיין טאטע אין ניו יארק ? איז ער נים קיין פארמער ?

— ניין!

— וואס דען איז ער ?

— א פאבריקאנט.

— וואס ?

— ער אקערט מים פיער פערד ?

— ניין ! ער אקערט גאר נים, ער טהוט גאר נים, ער פער־דיענט א סך געלד. יא א סך, א סך געלד...

— טא ווער אקערט פאר איהם ? ווער פערזעצט זיינע קאר־טאפעל ? ווער פערזעעט זיינע האבער און ווער קאסעט זיינע היי?

— מיין טאטע פאבריציררט פרויען מאנטלען, יא, פרויען מאנט־לען, ביי אונז אקערט מען נים, מען זעעט נים מען קאסעט נים,

ביי אונז געהמט מען א סך געלד... מיר האבען ניט קיין פערד, מיר האבען אפערייטארס...

— וואס ?

— אפערייטארס, פערשטעהסט ? אפערייטארס, ארבייטען זיי אויף מאשינען, אויף מאשינען, וואס לויפען מיט עלעקטריק אין א שאפ.

— אין א וואס ?

— אין א שאפ, אין א פעקטארי אין אזא גרויסען צימער, אין א „לאפט".

פלארענס איז אנטשוויגען געווארען און האט זיך אביסעל פערטראכט, דאן איז זי ווידער ארויס געפאהרען מיט א קשיא.

— אין א צימער זאגסטו ? טא וואו וואקסט ביי אייך ?

ביי מיין טאטען אין קעשענע — האט זיך אריינגעמישט דעם שטאדט־מיידעל'ס א ברודער, אן עלטערער בחור, וואס איז געזעסען די גאנצע צייט און זיך איינגעהערט ווי זיין שוועסטעריל טענה'עט איין מיט דער ישוב'ניצע — ביי דיין טאטען וואקס ניט אין קעשענע ? — האט ער איהר א פרעג געטהאן האלב סארקאסטיש.

—אין קעשענע קען ניט וואקסען — האט פלארענס געענטפערט מיט א פערלעגענהייט — אין א קעשענע קען מען ניט אקערען, ניט בראנעווען און ניט זעהען ; אין א קעשענע קען ניט רעגנען, אהן רעגען קען ניט וואקסען...

— אוי, וואקסט דאס !... עס וואקסט און בליהט — האט דער בחור געענטפערט מיט א שמייכעל — דיין טאטע איז א פארמער, מיידעלע, ווארט ער ביז גאט בערעגענט די פעלדער. מיין טאטע איז א פאבריקאנט, קען ער אליין מאכען א רעגען, רעגענט עס איהם גלייך אין קעשענע אריין...

דאס קינד האט זיך ווידער א ווילע פערקלעהרט ווי צו געפינען ווערטער. זי האט ניט פערשטאנען וואס די ניו יארקער ברודער און שוועסטער ריידען. זי האט קיינמאל פריהער אזעלכע

ווערטער ניט געהערט, איהר יונג, דארפיש מח'על האט זיי ניט בענומען. ענדליך האט זי געפאסט מוטה און געזאגט:

— א ליגנען! אייער טאטע קען ניט מאכען קיין רעגען, מיין טאטע זאגט, אז גאט מאכט רעגען, עס קומט פון הימעל, יא, פון הימעל, פון דער הויך, פון די וואלקען און א פאפא איז ניט קיין גאט קען ער ניט מאכען קיין רעגען.

דיין טאטע איז טאקע ניט קיין גאט, פלארענס, ער איז א פאר־מער, ווארט ער ביז אימיצער וועט איהם שיקען א רעגען, מיין טאטע איז א פאבריקאנט מאכט ער עס זאל רעגענען ביי איהם אין פאבריק... האסט געדארפט זעהן ווי עס גיסט זיך, יא, ווי עס גיסט זיך עמער ווייז...

דאס דארפס־קינד האט געשוויגען. עס האט ניט געוואוסט וואס צו זאגען און דאס שטאדט־מיידעלע האט געפרעגט:

— נו פלארענס, דו וועסט שפיעלען מיט מיר „סטאר“!

— ניין — האט פלארענס געענטפערט — איך האב ניט קיין געלד און מיין טאטע האט געזאגט, אז מען טאר ניט נארען.

איך בין געבליעבען זיצען פערטראכט.

## מיט א לעזער אין חלום.

— ווי גוט דאס איז צו זיין א שרייבער ! — האט אמאל גע־זאגט צו מיר א נאאיווער אידישער לעזער אין חלום — אט וואס אייער הארץ גלוסט נעהמט איהר און שרייבט און די וועלט לעזט דאס. אי איהר טענה'ט זיך אוים רעדט זיך אראב פון הארצען, אי איהר קריעגט נאך בעצאהלט. אי איהר אליין האט הנאה, אי די וועלט האט הנאה... א גוטע זאך צו זיין א שרייבער !

— ווי גוט עס איז צו זיין א לעזער ! — האב איך אויסגערופען — איהר קריעגט א גרויסע צייטונג פאר א קלייניגקייט, א צייר־טונג אנגעפיקעוועט מיט כל טוב און לייענט וואס נור אייער כשר הארץ גלוסט.

ניט עס קאסט אייך קיין געזונד עפעס אנצושרייבען, ניט איהר דארפט עפעס דענקען. דער שרייבער דענקט שוין און קרייגקט שוין פאר אייך. א קלייניגקייט, איהר בעצאהלט דאך פאר א צייר־טונג !...

ניט איהר דארפט פון שרייבעריי „מאכען א לעבען", ניט איהר דארפט זיך ענטשולדיגען פארוואס איהר ל ע ב ט און ניט איהר דארפט זיך בעקלאגען פאר וואס איהר לעבט נ י ט... ניט איהר קענט ק יי נ ע ם , ניט קיינער קען א י י ך , איהר קומט אויף אלעם פערטיגען און האט נאך אומזיסט דאס פערגעניגען צו לעזען און קריטיקירען, אדער לעזען און לויבען, און אויסשרייען מיט התפעלות : „אז גע'הרג'עט זאל ער ווערען ווי גוט ער שרייבט ! א ממזר א יונג ! האט א גנב'אישען קאפ אויף זיך"...

ניט מען זידעלט אייך פאר'ן שרייבען דעם אמת און ניט מען לויבט אייך פאר'ן שרייבען א ליעגען, ניט מען האצקעט אייך

פאר'ן בלאפען און ניט מען שילט אייך פאר'ן קעמפפען פאר גע־רעכטיגקייט. ניט מען איז אייך מקנא ווען איהר נעהמט אויס און ניט מען פרעהט זיך ווען איהר פאלט דורך. די וועלט האט אייך אין דר'ערד און איהר פייפט אויף איהר. איהר זייט אלל ראיט. איהר אליין זייט צופריעדען און אויב זיי זיינען ניט צו־פריעדען האט איהר זיי אויף אין דער הדמה.

— יא, אבער איהר שרייבט דאך וואס איהר ווילט — איז דער נאאיוועד לעזער בעשטאנען אויף דאס זיינינע.

— א טעות, ליעבער לעזער — האב איך איהם ערקלעהרט — מיר מוזען ליידער שרייבען דאס וואס א י ה ר ווילט, וואס א י י ך זאל געפעלען, ווען ניט וועט איהר אונז ניט לעזען און די צייטונג'ס בעלי בתים וועלען אונז ניט האלטען. זיי דארפען אונז נור אזוי לאנג ווי א י ה ר דארפט אונז און ניט מעהר. עס איז א ליעגען, אז מיר זיינען פרייע מענשען און קענען שרייבען דאס וואס מיר אליין פיהלען און דענקען. איהר לעזער ווילט דאך ניט וויסען און לעהרנען, איהר ווילט דאך אזעלכע זאכען וואס זיינען ניט קאלט און ניט ווארעם...

מיר וואלטען מאנכעס מאל וועלען זינגען און מוזען גאר וויי־נען און פערקעהרט.

איך פיהל מאנכעס מאל ווי פלוכען און מוז גאר בענשען.

איך וואלט וועלען ליבען און מוז שענדען.

איך וואלט וועלען פערעהרליכען און מוז גאר סאטיריזירען.

איך וואלט וועלען אפלאדירען, פאטשען בראווא און מוז גאר אפט ארויסנעהן אנטקעגען און זידלען, אנגרייפען און בעליידיגען. א ! עס איז שלעכט, בימער שלעכט צו זיין א שרייבער אין אונזער פאלשער וועלט. נור דער טויבער און דער בלינדער איז גליקליך. אבער דער וואס הערט און זעהט איז פערלארען.

דער לעזער האט דאכט זיך אריינגענומען א שפיץ בארד אין מויל פאר א וויילע, האט געקנייטשט דעם שטערען און געטראכט. דאן האט ער זיך אבגערופען.

— צוואס אבער זאלט איהר זיך אבעסען דאס הארץ מעהר

פון אנדערע ? וואס אארט אייך מעהר פון אלעמען ? וואס קי־
מערט דאס אייך ווי די וועלט און די מענשען פיהרען זיך ? עס
איז דא א גאט וועט ער שוין זארגען, אז אלץ זאל זיין אין ארדנונג.
איהר לייענט קריאת שמע און שלאפט רוהיג.

— אימיצען מוז דאך קימערען און אארען — האב איך איהם
ערקלעהרט — אז עס אארט ניט אייך, מוז דאך אארען מ י ך .
מען קען דאך ניט גאט'ם שעהנע וועלט לאזען צוטרעטען פון שמור־
ציגע פיס פון קאפ־פערדרעהער און בלאפער.

דערפאר בין איך דאך א שרייבער, דערפאר האט דאך מיר
דער הימעל בעשאנקען מיט דער מעגליכקייט צו ז א ג ע ן דאס
וואס אנדערע קענען נור פ י ה ל ע ן , אבער ניט בעשרייבען.
דערפאר האט דאך מיר דאס לעבען געגעבען אין האנד א פע־
דער,אז איך זאל זיך אננעהמען זיין קריוודע און איהם ניט לאזען
בעליידיגט ווערען פון לאבוזעס און יונגאטשעס.

— אז איהר וועט זיך אלץ אזוי ערגערען און דיענען דעם
ערנסט — האט דער לעזער געזאגט זיך שפיעלענדיג מיט א ציצי
— טו ווער וועט מיר אמוזירען און מאכען צום לאכען ? יא, טו
ווער מיך פרייליך מאכען און פערזעצען אין א צופריעדענע לוינע?
ווער וועט מיר זאגען גלייכווערטלאך און וויצען ? ווער וועט מיר
שילדערען די קאמישע זייט פון לעבען און ארויסרופען אין מיר
דעם שפאס און די הייטערקייט. וויינען מאכט אונז דאס לעבען
אליין, ערנסט און טרויעריג מאכען אונז אונזערע אייגענע אומ־
שטענדען,דערצו דארף מען ניט קיין שרייבער. א שרייבער דארף
נור קענען אמוזירען. אונז איינ'שכור'ן און פערטומלען. א שריי־
בער איז לעבענס האפנאר... יא, ווער וועט מיר מאכען פרייליך ?

— אייער אייגענע דומהייט — האב איך איהם ערקלעהרט

— לאכט נור פון זיך אליין און עס וועט אייך קלעקען...

— ווי לאכט מען דאס פון זיך אליין ?

— און ווי לאכט מען דאס פון אנדערע ?

— קימערט איהר זיך הייסט דאס גאר ניט פיר'ן לעזער —
האט ער בעזלאך געזאגט — אייך אארט גאר ניט איהם צו געבען

אַביפעל מוטה און האָפנונג, נור איהר זוכט איהם צו מאַכען ערנסט, אומעטיג און פערביטערט, איהם צו פערפינסטערען דאָס לעבען, ער זאָל ארום געהן א פערטראַכטער.

דאָ האָט מיר דאכט זיך אין שלאָף עפּעס אַ ביס געטהאָן, איך האָב זיך דערלאַנגט אַ קעהר איבער און געזאָגט.

— דאָ האָט איהר שוין ווידער א טעות, מיין פריינד. ווייל איך קימער זיך דוקא יאָ פיר'ן לעזער, ווייל איך האָב איהם גראד ליעב מיט אַן אמת און וואָלט וועלען, אַז ער זאָל זיין גליקליך, צופריעדען און פריילּיך. איך ווייס, אַז ער איז בערעכטיגט צו אַלל דאָס גוטס. איך ווייס, אַז עס איז דאָ אויף זיין חלק אי בלומען, אי זונשיין, אי וויץ, אי געלעכטער, אי הייטערקייט, ווייל איך ווייס, אַז ער איז גאָט'ס אַ קינד און האָט אַ גערעכטען אַנשפּרוך אויף גאָר דאָס גוטע, דאָס שעהנע און דאָס פרעהליכע גערעכטליך צו בעקומען.

דאָך אַזוי ווי איך זעה ווי ער מאַכט אַליין דורך זיין דומהייט און נאַכלעסיגקייט א תל מיט זיינע אייגענע הענד פון זיין וועלט און זיין לעבען, זיין רוהיגקייט, זיין פריעדען און זיין פריינדשאפט, יאָ, ווייל איך זעה און ווייס, איך בין איבערצייגט אין דעם, דערפאר קען איך ניט זיין לעבענס האָפנאר, אַנטהאָן די נאַרענמיצקע מיט די גלעקלאַך און קלאַפּען מיט די טאַצען ווי א קלאָון,

ווייל איך האָב ליעב דעם לעזער וואָלט איך איהם וועלען געבען מוטה און האָפענונג, דעפאר היט איך זיך איהם ניט צו דערטרינקען אין לצנות, און שפּאַס און נאַרישקייט, ווייל דאָס האָט ער גענוג זיין אייגענע און נויטיגט זיך ניט, אַז דער שרייבער זאָל דאָס איהם געבען...

אָט ווייל איך ווייס דאָס אַלץ, דערפאר בין איך ערנסט און וויל ברענגען זיין גאולה דורך אויפקלעהרונג, דורך סטראַשען איהם, אַז זיין נאַרעשקייט און נאַכלעסיגקייט וועלען איהם רואינירען איך ערמוטהיג אַפּטמאָל האָס, ווייל איך וויל דורך דעם דערנעהענטרען די ל י ע ב ע , איך שריי אַפטמאָל קאַמפף, ווייל איך וויל ניכער ברייננען דעם פריעדען, איך בין ערנסט, ווייל איך וויל

פ ר י י ל י ך זיין... ווייל איך וויל דיענען מיינע לעזער...

אָ! איך דענק וועגען לעזער מעהר ווי ער דענקט פון זיך אליין. ווען דער לעזער וואָלט געוואוסט וואָס פאר א גרויסער לייט ער איז, ווען ער וואָלט פערשטאַנען זיין פולע ווערטה, זיין בעדייטונג, ווען ער וואָלט ריכטיג בעגריפען, אז ער, יאָ, ער אליין איז דאס זיין מ י י ע ס ט ע ט ד ע ר ל ע ז ע ר וועגען וועמען מען רעדט דאָס מיט אַזאַ רעספּעקט, וועמען מען זוכט דאָס צו געווינען און צופריעדען צו שטעלען אויף פערשיעדענע אופנים; אָ! ווען ער וואָלט דאס געוואוסט, וואָלט מען גאַר געמוזט פאר איהם אנדערש שרייבען!...

דער לעזער! א קליינינקייט דאס איז! ער איז דאָס פ אָ ל ק, די מ ע נ ש ה י י ט, די ו ו ע ל ט, די ג ע־ ש י כ ט ע, דער וו ע ל ט־ג ע ר י כ ט, די א ו נ ש ט ע ר ב־ ל י כ ק י י ט און די א י י ב י ג ק י י ט, ישעיה. יהודא הלוי שעקספּיער, היינע, שפּינאָזא און לאסאַל האָבען געשריעבען פאר'ן ל ע ז ע ר.

— איז הייסט דאָס דער לעזער יאָ אַ לייט — האָט דער לעזער מיר געענטפערט מיט אַ גרויסקייט.

— איך מאַך אַ וועט! ער פוילט זיך נור צו אַביסעל דאָס צו זיין, אָבער ער איז דאָס ד אָ ך זיך אליין אויף להכעים. ער לאָזט זיך אַ סך מאָל בלאָפען און בעהאנדלען ווי ניט קיין לייט, אָבער אין אמת'ן איז ע ר און נור ע ר א ל י י ן דער אירדישער „מלך חי וקים"...

— בלייבען מיר הייסט דאָס גוטע פריינד.

— אַלץ הייסט גוטע פריינד! נאָך מיט אַ סמיטשיק אריבער.

— און איהר זאָגט, אז עס לוינט זיך ניט צו זיין אַ שרייבער.

— דאָס ווענד'ט זיך אָן אייך.

—איך האָב אייך ליעב.

— איך האָב אייך נאָך ליעבער.

איך האָב זיך אויפגעכאַפּט.

# לאכען מיט יאשטשערקעס.

שפיעל, מעלאנכאליע, א ליעד!
פאר מיין ביטער הארץ,
אויף דיין יאמער־פיעדעל
שפיעל מיר אויף א ליעדעל
פינסטער, טריב און שווארץ.
ווארף דיין אומעט דיק און גראה
אויף מיין קאלטער ברוסט!
דיינע באנגע קלאנגען
זייגען מיין פערלאנגען
און מיין גאנצע לוסט.
אך! דאס לעבען איז א פלוך
און דאס „זיין" א צער,
זארג און וועה, און צארען
רויבען אונז די יאהרען,
מאכען אונז צום נאר.
אונזער פרייד איז קורץ און דום,
אונזער ג'לעכטער — לעער,
אונז'רע שארפסטע וויצען
דונקלען און פערבליצען,
לאזען אונז א טרעהר.

ניט אלץ וואס גלאנצט איז גאלד און ניט יעדערער וואס לאכט איז גליקליך.

מענשען לאכען אפט דעם שיקזאל אויף צו להכעיס און מאכען זיך פרעהליך אבצונארען דעם טרויער.

בעריהמטע שרייבער האבען שוין געגוג געשילדערט די טראַ־געדיעס פון מענשען, וואס זיינען געצוואונגען צו לאַכען, צו זיין פרעהליך, דען צום וויציגסטען איז אפט דער מענש ערשט דאַן, ווען איהם איז שלעכט אויפ׳ן הארצען.

מען האט אמאל געפרעגט א בעריהמטען קאמיקער, ווען ער שפיעלט צום בעסטען און רופט ארויס די גרעסטע געלעכטערס, האט ער געענטפערט, אז צום וויציגסטען איז ער דאַן, ווען איהם איז שלעכט אויפ׳ן הארצען.

דאס איז א קונץ און א גבורה צוגלייך ארייגצולאַכען דעם שלים־מזל אין פנים אריין און צו עמפפאנגען זיינע גיפטיגע פיילען מיט א שפאט־געלעכטער.

מען דארף זיין שטארק און גרויס צו לאַכען פונקט דאַן ווען מען דארף יאמערען.

איינער פון אט די דאזיגע גייסטיגע גבורים, דערצעהלט די געשיכטע, איז געווען דער גרויסער אידיש־דייטשער דיכטער היינ־ריך היינע.

דער אונגליקליכער פאעט איז געלעגען אכט שווערע, ביטערע יאהרען אויפ׳ן קראנקען בעט, וואו מען האט איהם געמוזט איבער־קעהרען פון איין זייט אויף דער אנדערער, זיין גרויסע נשמה אבער, זיין געניום האט איהם אפילו אויף א מינוט אויך ניט פערלאזען. ער האט געדיכטעט פול מיט פייער און זיין וויץ, זיין הומאר און זיין סאטירע האבען אבגעגארט זיינע העלישע יסורים.

אלס ביישפיעל פון זיין געוואלדיגען וויץ קען אונז דיענען די פאלגענדע אנעקדאטע :

היינע, וועלכער איז פאר זיינע ביטערע סאטירען אויסגעוויזען געווארען פון דייטשלאנד, האט געלעבט און איז געשטארבען אין פאריז.

איינמאל איז געקומען זיינער א יונגער פריינד פון דייטשלאנד נאך פאריז איהם בעזוכען. דער פריינד האט איהם שוין ניט גע־זעהן לאנגע יאהרען. ער איז גראד געקומען אין דער מינוט ווען צוויי קראנקען־וועכטערינס האבען דעם ליידענדען דיכטער איבער־

געטראָגען פון איין בעט אין אַ צווייטע, כדי די ערשטע בעט אי־בערצובעטען און צורעכט מאַכען פאר דעם מורא׳דיגען בעל יסורים.

— נו, היינריך, ווי געהט עס ? — האָט דער בעזוכענדער יונגער פריינד געפרעגט.

— איך דאנקע. גאנץ גוט — האָט היינע געענטפערט מיט אַ קראנקען שמייכעל — אַט אַזוי ווי דו זעהסט טראָגען מיך נאָך אַלץ די פרויען אויף די הענד.

מעהר ווי היינע האָט ניט געקענט אַזוי ענטפערען. דאָס הייסט געלאַכט מיט יאַשטשירקעס.

ביי מאנכע מענשען קומען די שווערע, דריקענדע מינוטען בלויז צו געוויסע צייטען. געוועהנליכע שטערבליכע קענען נאָך ווי עס איז די שווערע דריקונג אריבערטראָגען מיט קנאַפער שמער־צען. דער פּראָפעסיאָנעלער וויצלינג, הומאָריסט און קאָמיקער אָבער ליידעט ערשט נאָכדעם, ווי ער האָט זיין קאָמיזם ארויסגעבראַכט. זיין הארץ צוברעכט זיך שיער.

אַ פראנצויזישער טהעאַטער קריטיקער שרייבט, אַז ער האָט איינמאָל בייגעוואוהנט אין אַ טהעאַטער די אויפפיהרונג פון אַ מוזיקאַלישע קאָמעדיע ביי וועלכע דאָס פּובליקום איז ממש שיער „צוזעצט“ געוואָרען לאַכענדיג. דער הויפּט קאָמיקער האָט גענומען דעם עולם מיט שטורם און דאָס טהעאַטער האָט גערוישט פון אַפּלאָדיסמענטען.

„צווישען די אַקטען“ — שרייבט דער קריטיקער — „בין איך ארויף אויף דער ביהנע און בין אריין צום בעריהמטען קאָ־מיקער אין צימער אום איהם די האנד צו דריקען און אויסשפּרעכען מיין דאנק און מיין בעוואונדערונג פאר זיין גוטען שפּיעלען. ווי איבערראשט בין איך אָבער געוואָרען ווען איך האָב איהם געפונען פערבראַכען די הענד אויפ׳ן קאָפּ יאָמערען מיט אַ ביטער געוויין אויפ׳ן קול, אַז די שטיינער פון דער ערד האָבען געמעגט מיטוויי־נען מיט איהם.

— וואונדערט זיך ניט — האָט ער צו מיר געזאָגט און די טרעהרען זיינען איהם גערונען איבער די באַקען — אויף דער

ביהנע זעהט איהר נור שפיעלען טהעאטער, אבער הינטער די קו־ליסען איז דאס אמת'ע לעבען. איך בין אונגליקליך, מיין הערר, איך האב ערשט איצט בעקומען א נאכריכט פון דער היים, אז מיין איינציגער זוהן איז געשטארבען.

„דער קאמיקער איז אבער באלד ווידער אויפגעטרעטען פאר'ן עולם און דאס טהעאטער האט ווידער געהילכט מיט געלעכטער און „בראוואָ" פאטשעריי. אזוי האט דער קאמיקער געלאכט אויף דער ביהנע און געוויינט הינטער די קוליסען. ביז ער האט געענדיגט שפיעלען און מען האט איהם אפגעפיהרט אהיים א גע'חלש'טען.

אבער מענשען זיינען ניט שטענדיג געצוואונגען צו לאכען ווען עס ווילט זיך וויינען. אפט זיינען זיי געצוואונגען צו וויינען ווען זיי האבען יעדע אורזאך צו זיין צופריעדען און פרעהלאך. די רייכסטע און גליקליכסטע ווערען אפט בעפאלען פון א מרה שחורה און עס איז פון זיי אונמעגליך ארויסצוקריגען א שמייכעל אזוי ווי פון א שטיין.

אט דער דאזיגער אנפאלען פון א שווערע, געדריקטע שטימונג איז א געפעהרליכע קראנקהייט. די וויסענשאפט רופט איהר „היפאכאנדריא". דאס איז א מין מעלאנכאליע, וואס האט די „שווארצע גבורה" אוועקצורייסען דעם מענש אין מיטען פון זיינע גרעסטע פריידען, אין מיטען פון געזאנג, מוזיק און טענץ, און איהם אריינוואַרפען אהן רחמנות אין דער פינסטערער לוינע.

דער גייסט פאנגט זיך אן פלוצלונג צו טרינקען אין א ים פון גראהען, אונדורכדרינגליכען אומעט, ארום הארצען נעהמען זיך וויקלען קאלטע, סם המות'דיגע שלאנגען. דער געדאנק ווערט אנ־געגאסען מיט גיפט און גאל און פערצווייפלונג, און דער טריבער בליק גלאצט מסוכן אין אן אונענדליכע וויסטענים פול מיט פחד און אימת מות.

מען זאגט, אז דער רוסישער צאר אלעקסאנדער דער צוויי־טער, וועלכער איז זאנסט געווען א נארמאלער מענש, פלעגט פון צייט צו צייט בעקומען אזעלכע היפאכאנדרישע אטאקעס.

ווען עס פלעגען איבער איהם קומען אט די פינסטערע מינו־טען, פלעגט ער ווערען נערוועז און אונרוהיג ווי א בעסטיע. ער פלעגט דאן זיין געפעהרליך. ער האט נים אנגענומען קיין עצה פון זיינע גרעסטע מיניסטארען און שטאאטס־מענער און דער שווע־רער וואלקען פלעגט זיך אויסלעגען אויף זיין שטערען ווי א שווארצע נאכט פון סוף חודש. ער איז געווען דער רוסישער דעספאט.

נור אויף הערשער איז ניטא וואס צו קוקען. די מעהרסטע פון זיי זיינען די מעהרסטע צייט משוגע. אונזער אייגענער שאול המלך איז אויך געווען „נים מיט אלעמען", דערצעהלט אונז די ביבעל.

עס איז מאנכעס מאל א רחמנות און א מורא צו זעהן, ווי צופריעדענע לעבענס־לוסטיגע מענשען ווערען פון דער העלער הוים אנגעגריפען פון דעם בייזען גייסט פון היפאכאנדריע און קענען זיך פון איהם נים בעפרייען. קוים כאפט ער זיי אריין אין זיינע שווארצע נעגעל, זיינען זיי פערפאלענע, ער האלט זיי אין זיין פער־שאלטענעם מייוועלשען געוואלט אזוי לאנג ווי ער וויל.

די עקסטרעמען פון פריימוטהינקייט און ניעדערגעשלאגענ־הייט אין איין און דעם זעלביגען מענשען ווערען ריהרענד כאראק־טעריזירט אין דער פאלגענדער מעשה'לע:

צו א דאקטאר אין איינע פון די שטעדט אין איטאליען איז געקומען א מאן געבראכען און נידערגעשלאגען אין גייסט און גע־בעטען דער דאקטאר זאל פיר איהם עפעס טהאן, ער זאל איהם דורך מעדיציגישע הילף אריינברייננגען אין א גינסטיגערע שטי־מונג. ער האט ערקלעהרט דעם דאקטאר, אז ער לייד'ט זעהר שטארק פון אומעטהינקייט און ער האט מורא, אז ער בלייבט א פערפאלענער.

דער דאקטאר האט איהם אונטערזוכט, אלסדינג אויסגעפרעגט און איהם גרינדליך בעטראכט און זיך צו איהם געווענד'ט מיט אט די דאזיגע ווערטער:

— לויט ווי איך הער און זעה לייד'סטו זעהר פיעל, אבער איך

האָב פאר דיר א גוטע עצה, וואס וועט דיך ראטעווען. דא אין שטאדט איז פאראן א בעריהמטער וויצלינג און הומאריסט מיט'ן נאָמען קארדיני, וועלכער ווערט איינגעלאדען אויף פערשיעדענע הוליאנקעס און אונטערהאלטונגען צו אמוזירען דעם עולם און איהם מאכען לוסטיג. עס איז ניטא א מענש, וואס זאל איהם הערען און זיך ניט האלטען ביי די זייטען פון געלעכטער. ער איז דער מערקווירדיגסטער וויצלינג, דער וואונדערבארסטער קאמיקער, אט דער דאזיגער קארדיני. איך ראטה דיר דו זאלסט איהם געהן הע־רען, דאס איז דיין איינציגע רפואה.

דער אומעטיגער פאציענט האט אויסגעהערט דעם דאקטאר, האט א רגע געשוויגען און האט מיט א שווערען זיפץ געענטפערט:

— וועה איז מיר, הערר דאקטאר, דיעזער קארדיני, צו וועל־בען איהר שיקט מיר, בין איך אליין. יא, איך אליין בין דאס קארדיני דער וויצלינג, דער הומאריסט, דער שפאס מאכער. העלפט מיר, העלפט מיר, דאקטאר, אפשר האט איהר פאר מיר עפעס א רפואה?

ניין! ניט שטענדיג לאכען פון טיעפען הארצען די יענינע, וועלכע רופען ארויס הארציגע געלעכטערס ביי אנדערע. מאנכע פון זיי זיינען היכאפאנדריקעס, אונגליקליכע מרה שחורה'ניקעס און מאנכע זיינען געשלאגען פון שיקזאל מיט אנדערע שווערע קלעפ, וואס פערביטערען זיי דאס לעבען. זיי לאכען אבער, זיי מוזען, דאס לאכען איז זייער פרנסה. זייער וויץ, זייער הומאר, זייער קאמיזם ארביים דעם שיקזאל אויף צופוקעניש. אפט לא־כען זיי צום בעסטען ווען זיי פיהלען צום ערגסטען.

דעם עולם קימערט ניט דעם קאמיקער'ס, דעם הומאריסט'ס זעעלען צושטאנד, זיין לאגע, זיין לעבען. דער עולם קוקט ניט אין הארצען, נור אין פנים. ער הערט קיינמאל דעם קרעכץ וואס ליגט אפט אין א וויץ. דער עולם וויל לאכען און ער לאכט.

ביי אונז אין שטעדטעל איז דער ליטא האט מען אמאל אראב־געבראכט א בדחן א „מאדים" אויף א רייכע חתונה. ער האט גע־

וואַרפען מיט וויצען, גראַמען און גלייכווערטלאַך, אַז דער עולם האָט געקאַיכט פאַר געלעכטער.

אין מיטען האָבען זיך ביי איהם געגומען שניידען אומעטיגע גרימאַסען אויפ׳ן פּנים. די פרעהליכע חתונה־געסט האָבען גע־מיינט, אַז דאָס איז אויך אַ טהייל פון זיינע קונצען און „חכמות“. האָבען זיי נאָך מעהר זיך געהאַלטען פאַר די בייכער לאַכענדיג.

אַזוי האָט דער בדחן זיך געוויצעלט און „געשטעלט פּיסקעס“, ביז דאָס הארץ איז איהם געוואָרען פול מיט גאַל און יסורים און ער האָט אויסגעפּלאַצט אין אַ הייסען, היסטערישען געוויין.

— אייך איז גוט, לאַכט איהר — האָט דער אָרעמער מאַרשע־לאַק געזאָגט מיט אַ כליפּען. איך האָב ערשט מיט אַ וואָך צוריק בעגלייט מיינע אַ טאָכטער אַ כלה צום בית עולם אַ טאָג פאַר איהר חתונה.

ערשט איצט האָט זיך דער עולם אַביסעל אויסגעניכטערט פון זיין געלעכטער־שכרות און מאַנכע דאַמען האָבען אוועקגעווישט אַ פּערל־טרעהר.

אַ. עס זיינען דאָ גענוג געלעכטערס מיט יאַשטשירקעס אין דער וועלט, געלעכטערס וואָס זיינען געווייקט אין טרעהרען. מען לאַכט נעבאַך פון לייטענס וועגען, ווייל מען מ ו ז, מען איז דערצו געצוואונגען.

און ניט נור איינצעלנע מענשען ווערען אָפט פּלוצלונג בעפאַ־לען פון היפּאָכאָנדריע, פון בייזען אומעט. איך קען אַן אַלטע אומה, וואָס פאַלט פּלוצלונג אריין פון „שיר השירים“ אין ספירה...

## די מדה פון שווערען.

איינע פון די מיאוס'טע זאכען אין לעבען איז די מדה פון שווערען.

דער מענש וואס פיהלט זיך גענויטיגט צו שווערען, ווייזט דערמיט, אז אהן א שבועה גלויבט מען איהם נים. דאך אויב מען גלויבט איהם ווען ער שווערט שוין י א, איז א פראגע.

שווערען זיך איז א מיאוס'ע געוואהנהייט, וואס ווארפט א פלעק אויף א מענשען'ס כאראקטער און מאכט, אז מען זאל זיך נים שטארק אינטערעסירען אין דאס, וואס ער זאגט.

גלויבט מען איהם אהן א שבועה, דארף ער זיך נים שווערען. קוים אבער שווערט ער, איז א סימן, אז מען פערדעכטיגט איהם אין זאגען ליעגען.

דאס מיינט אפשר אויך דער פסוק וואס זאגט „לא תשא את שם ה' אלהיך לשוא". מיט אנדערע ווערטער: „דו זאלסט נים שווערען ביי דיין גאט'ס נאמען אומזיסט". נו פרעגט זיך: נ י ט אומזיסט זאל מען י א שווערען ביי גאט'ס נאמען?

דער תירוץ קען אבער זיין אט וואס? אז קוים האלט דאס שוין מיט דיר אזוי ווייט, אז דו ביזט געצוואונגען צו שווערען ביי גאט, יא, קוים גלויבסטו, אז קיין אנדערע שבועות זייגען פאר דיר נים שטארק גענוג, זאלסטו וויסען זיין, אז דו שווערסט אומזיסט, אז מען וועט דיר שוין נים גלויבען סיי ווי סיי, און דו פערשוועכסט נור אומזיסט דעם היילינען נאמען.

דער ארענטליכער מענש שווערט קיינמאל נים. ער זאגט „יא". „יא", „ניין", „ניין" און מען גלויבט איהם. אויב א מענשען'ס ווארט איז נים גוט גענוג, איז זיין שווערען אויך נים נוציג.

שווערען ווערט איבערהויפט נעברויכט פון מענשען, וואס שטע־
הען אויף אַ ניעדעריגע שטופע פון ענטוויקלונג. אַ אינטעליגענ־
טער מענש וועט זיך שעהמען צו שווערען דאַרט, וואו עס וועט פאָ־
דערען אַ שבועה אָנשטאַט זיין עהרען־וואָרט. יאָ, דאָרט וועט ער
קיין בעשעפטען ניט מאַכען און קיין בעקאַנטשאַפט ניט שליסען.
דאָרט וואו עס וועט זיך פאָדערען ער זאָל שווערען, וועט זיין פוס
ניט קומען. ער וועט זיך נעפינען בעליידיגט פון דעם נעדאַנק אין
אַזאַ אָרט צו פערברייננען.

אפשר קיין אומה ולשון אין דער וועלט שווערט ניט אַזוי פיעל
ווי דער אונגליקליכער גלות־איד אין די פינסטערע לענדער פון
אידענהאַס און אידענפערפאָלגונג. דאָרט ווערט דער איד בע־
טראַכט אַלס ליגנער, אַלס שווינדלער; דאָרט מוז ער נור
שווערען ביי גאָט, ביי זיין ווייב און קינדער, ביי באָרד און פאות;
ער מוז זיך פערשילטען און פאַר׳חרם׳ען מיט קללות נמרצות און
ערשט דעמאָלט גלויבט מען איהם ניט און מען האַסט איהם דערפאַר
נאָך מעהר.

עס נעהמט אָן אַ בעזער כעס און אַן עקעל צו הערען ווי אַ פוי־
ליש־אידישער קרעמער, אָדער האַנדליאַר למשל, שווערט זיך פאַר
אַ פאַסקודנעם האַלב־ווילדען פויער און בעט זיך רחמים ער זאָל
איהם גלויבען. „פאַני, פאַני, פאַני, פראַשע פאַני, יאַק באָגאַ קאָכאַם,
פאַני“... דאָס הייסט: „פריצ׳ל“, „פריצ׳ל“, „ווי גאָט איז מיר
ליעב, פריצ׳ל“...

דאָך אַט ווי דאָס שווערען זאָל זיין מיאוס אין אַנדערע לענ־
דער, איז דאָס אין דער ציוויליזירטער אַמעריקאַ נ ע פ ע ה ר ל י ך
מיאוס. אויב איך האָב קיין טעות ניט, איז עס דאָ אפילו שעדליך
פאַר ביזנעס אויך. דער אַמעריקאַנער האַסט דאָס, דען אַזוי ווי
ער שילט נ י ט, אַזוי שווערט ער נ י ט.

„אפאַן מאַי וואָרד אָף האָנאָר“, אָדער „עז טרו עז איי עם
היער“, אָדער „עז טרו עז איי ליוו“, זיינען די שבועות פון דעם
אַמעריקאַנער אין געזעלשאַפט און די דאָזיגע שבועות זיינען חלילה
ניט קיין ליטוויש־אידישע. זיי מיינען ניט „זאָל איך גע׳הרג׳עט

ווערען", אדער „זאל מיך כאפען א כאלעריע", אדער „זאל מיין מויל אויף הינטען שטעהן", אדער „זאל איך אזוי קיין קלאגען און קיין בראכען ניט האבען", אדער „זאל איך אזוי אייביג ריידען", אדער „זאל איך בענומען ווערען", אדער „זאל איך בילען ווי א הונד", אדער יא, אדער... נור ווער קען דאס אלץ געדענקען! איך בין שוין איבער דרייסיג יאהר פון דער ליטא. שרייבט א בריוועל צו דער שמש'טע פון אייער שטעדטעל וועט זי אייך שיקען א רשימה מיט שבועות, אז איהר וועט אנקווועלען פון אונזער „מאמע־לשון". איהר וועט זעהן ווי רייך זי איז קיין עין הרע!...

דעם אמעריקאנער'ס שבועות, אויב מען קען זיי איבערהויפט רופען „שבועות", מיינען כסדר אזוי: אויף מיין עהרענווארט", אדער „אט אזוי ווי איך בין דא", אדער „אזוי וואהר ווי איך לעב".

דערפאר ווערט דאס דא בעטראכט מיט אזא שפאט, מיט אזא פעראכטונג, מיט אזא אבשטויסיגען עקעל ווען אונזערע איינגע־וואנדערטע גלות־ברידער און גלות־שוועסטער אין ביזנעס, אדער אין געזעלשאפט זעצען איבער די כאלעריע־מיאוס'ע ליטווישע, פוילישע, גאליצישע אדער רומענישע גלות־שבועות אויף „ענגא־ליש".

עס איז ניט קיין זעלטענהייט צו הערען פון אט די דערמאהנטע מענשען, וואס ריידען „ענגאליש", אנשטאט ע נ ג ל י ש, די מיאוס'ע ווערטער „סא העלפ מי גאד", אדער „באי גאד", אדער „מעי איי דראפ דעד", אדער „מעי איי נעווער ליוו", אדער מאי פאדער ענד מאדער שוד ליוו סאו", אדער „מעי איי בעג פאר עי ביט אף ברעד". און נאך. און נאך אזעלכע חן'עוודיגע אויסדריקע, וואס פערשווארצען דעם אידישען נאמען אין אמעריקא און שמעמפ־לען אונז אלס ווילדע, אונערצויגענע, אונערטרעגליכע מענשען מיט וועלכע מען וויל ניט האנדלען, אדער פערקעהרען.

די קאמיקער אין די ענגלישע וואדעוויל הייזער פון לאנד שפא־טען און חוזק'ן דערפון אויף דער ביהנע און דער אידישער פנים פלאמט פון חרפה. און דער בזיון ווערט נאך גרעסער ווען מען דער־

וויסט זיך דעם פאסט. אז אט די אלע לצים, וואס לאכען אפ עפענט־ליך פון אידען זיינען אליין אידישע קינדער.

דאס שווערען זיך איז א מיאוס'ע זאך ארום און ארום. דאס ברייננט אידען שאנד און גלות. דאס מאכט, אז מען זאל מיט א אידען אפט ניט וועלען האנדלען און מען זאל פון זיין געשעפט וויכען. מען וויל פשוט ניט הערען זיינע מיאוס'ע שבועות, זיי פערטרייבען דעם אמעריקאנער, זיי זיינען איהם צו ווידער, זיי מאכען איהם איבעל צום חלש'ן. און ניט נור זיינען די שבועות און חרמות עקעלהאפט דעם אמעריקאנער קריסט, נור זיי זיינען אויך פריטשיוונע דעם אמעריקאניזירטען, אדער אמעריקאנער גע־בארענעם אידען.

אזעלכע דבורים קענען נאך אפשר גילטען אין ה ע ס ט ע ר מיט איהר ש ו ו ע ס ט ע ר, אין די ספעציעל אידישע גאסען פון הארלעם, בראנקס, אין דעם אידישען חלק פון דער פטער עוועניו במחילה, וויליאמסבורג און בראנזוויל. צווישען אמערי־קאנער און אמעריקאניזירטע אבער גילטען זיי ניט. זיי שמעקען במחילה מיט שניפישאק, „ראיטשע" בראילע און אנדערע מקומות.

דא איז נאך אבער דא ווי מען זאגט א „פרישטש" אויף דער מכה. יא, די פאסקודנע גלות־מכה פון שווערען האט נאך א מכה'לע, א צוגאב, און אט די קליינע מכה'לע מאכט זעהר ניט פרעהלאך.

אט דער ראזינער „פרישטש", יא, דאס ראזיגע „מכה'לע" איז די שווערעריי, יא, די שבועות אפילו ביי היגע געבארענע אי־דישע קינדער, וואס האדעווען זיך ביי גלות־אידישע עלטערען. איבערהויפט הערט מען דאס צווישען מיידלאך, שפעטער צווישען וויבלאך נאטירליך, דען די מיידלאך האבען דאך חתונה.

יא, אפילו מיידלאך. וואס מאכען דורך א היגע פאלקס־שוהל; אפילו ניט איבערטרייבענדיג, צווישען מיידלאך, וואס ענדיגען א הויך־שוהל. ווי זאל דאס אנדערש זיין?

די מאמע האלט אין איין שרייען: די „אידענע פון יענער שטוב" שווערט זיך; די „הויז־קיפערקיכע" שווערט געוויס; די

פרוי פון שפייז־קרעמעל שווערט; די קצב'טע שווערט; די פי־
שערקע שווערט: די אייערניצע שווערט; די בעקערקע שווערט.
יא, ווער שווערט ניט? זיך ערציהענדיג אין אזא אטמאספערע
מוז מעז שווערען. איבערהויפט א מיידעל, וואס איז אין דער
געזעלשאפט פון ווייבער. נאטירליך, שווערט זי ניט אין אידיש,
ווייל קיין אידיש רעדט זי איבערהויפט ניט, איבערזעצט זי די
שבועות אין „ענגאליש" און שווערט זיך אזוי, אז עס זאל פאסען...

# סודות.

ווילסטו, אז קיינער זאל דיין געהיימנים ניט וויסען, טו האלט דאס אין זיך, קוים האסטו דאס אימעצען פערטרויט, אפילו דייז נאהענטסטען, האסטו זיך פערראטהען:

סודות האבען פיינד צו ליגען געפאנגען, זיי זוכען זיך צו בעפרייען און קוים האט זיך דיין סוד בעפרייט, ביסטו דער געפאנגענער.

טראכט ניט וועגען דיין סוד בייטאג, ווייל דו קענסט איהם נאך אויספלאפלען פון שלאף בייגאכט. דאן האסטו זיך אליין וועה געטהאן און קענסט קיינעם ניט בעשולדיגען.

עס איז א גרויסער טעות צו מיינען, אז א מענש קען האלטען א סוד. זעהר ווייניג מענשען אין דער וועלט קענען זיך דערמיט בעריהמען, דאס רוב האלט דער סוד דעם מענשען.

טראגסטו אין זיך א סוד, ביסטו זיין קרבן, דען ער וועט זיך שפארען מיט אלע געוואלדען לויז צו רייסען און צו טריאומפירען איבער דיין שוואכקייט, דו מוזט איהם האלטען מיט טויזענד קייטען צוגעשמיד'ט צו דיין געוויסען, ווען ניט רייסט ער זיך אין דער וועלט אריין.

ווען דו טראגסט אין זיך א גרויסען סוד, טו זיי פארזיכטיג זאלסט זיך ניט איינ'שכור'ן, ניט מיט שנאפס, ניט מיט ליעבע, ניט מיט פריינשאפט און ניט מיט געוויסענביסען, ווייל דאן ביסטו זיכער זיך אליין צו פער'מסר'ן.

עס זיינען דא מענשען אין דער וועלט, וואס זייער גאנצער גליק העננט אויף דעם חסד־פאדים פון א סוד, קוים דערוויסט

מען זיך זייער געהיימנים, זיינען זיי פערלארען. זיי זיינען דא־רום געצוואונגען זייער גאנצען לעבען אין זיך צו טראגען אט דעם מורא'דיגען סוד, אום אנצוהאלטען זייער רעפוטאציע, זייער ל ע ־ ב ע ן.

עס טרעפט זעהר אפט, אז מענשען ווערען שונאים צוליעב א סוד. איינער איז שרעקליך אויפגערעגט פארוואס זיין פריינד האט איהם פערראטהען. „סטייטש!" — ערגערט ער זיך — „איך האב איהם אנפערטרויט אזא וויכטיגע געהיימניס, איך האב איהם גע־האלטען אלס א פריינד און ער האט דאס אויסגעזאגט".

שוטה! שולדיג איז ניט דיין פריינד, נור דו א ל י י ן. סודות זיינען א פריוואט זאך, סודות זיינען פון די זאכען, וואס מען מוז א ל י י ן טראגען. קוים איז דער סוד צו שווער פיר דיר אליין צו טראגען, טו ווי פערלאנגסטו, אז א פ ר ע מ ד ע ר מענש זאל דאס האלטען פיר דיר און זיך דערמיט ארומטראגען? עס איז ניטא במעט א מענש אין דער וועלט, וואס זאל ניט הא־בען זיין אייגענע געהיימנים, זיין אייגענעם מעהר, אדער וועניגער וויכטיגען סוד. היינט ווי קענסטו פערלאנגען ער זאל נאך טראגען ד י י ן סוד אויך און עס טראגען אומזיסט, יא, ער זאל זיין דיין שומר חנם?

עס איז איבערהויפט ניט ראטהזאם זיך צו חבר'ן מיט א מענ־שען, וואס האלט דיר אין איין ריידען אויפ'ן אויער, און איין דערצעהלען סודות, אין איין זיך היטען מען זאל זיך ניט דער־וויסען וואס ער האט דיר צו זאגען. ארענטליכע מענשען, עהר־ליכע, אויפריכטיגע, אפענהערציגע מענשען זייגען ניט אנגעפוישט מיט סודות. אן אויפריכטיגער, עהרליכער מענש איז אן אפענע קארט. דו ווייסט ו ו ע ר ער איז, ער האט ניט אין זיך עטוואס אזעלכעס, וואס ער דארף בעהאלטען. וואס ער מוז פערשליסען אין זיינע איניגסטע חדרים און טרויען דיר דעם געהיימנים שליסעל.

א מענש וואס האט עטוואס פון דער וועלט צו בעהאלטען, קען קיין מאל ניט זיין מיין פריינד, ווייל איך בין ניט זיכער, אז ער בעהאלט פון מיר אויך ניט עפעס אזוינס, וואס איהם לוינט ניט,

אז איך זאל וויסען. אז אמת'ער פריינד מיינער קען נור זיין דער, וועמען איך קען דורך און דורך, וועלכער האט גאר ניט פון מיר וואס צו בעהאלטען און וועלכער פאדערט ניט פון מיר, אז איך זאל איהם העלפען בעהאלטען פון דער וועלט. סודות זיינען ניט קיין אנגענעהמע זאך צו היטען, ניט קיין אייגענע און ניט קיין פרעמדע. סודות זיינען אן עסק פיר קבלה'איסטען, פיר מיסטיקער, פיר חסידי'שע רבייאים, אבער ניט פיר געוועהנליכע שטערבליכע.

עס איז אויך א טעות ווען מען מיינט, אז פרויען איבערהויפט קענען קיין סוד ניט האלטען, אז זיי זאגען ארויס אלץ וואס זיי ווייסען, אז קענען א פרוי א געוויסע צייט מיינט וויסען אלע איהרע געהיימניסע. אונזער וועלט וואלט גאנץ אנדערש אויסגעזעהן ווען דאס וואלט געווען אזוי. דער אמת איז, אז עס איז ניטא אזא פערשלאסענער שראנק ווי א פרוי. אונטער דעם „פעטענט" שלאס פון איהר הארץ זיינען דא אזעלכע סודות, וואס דו וועסט קיינמאל ניט ערפאהרען, א שאד דיין פארשען און גריבלען, דו וועסט קיינמאל ניט דערגעהן דעם סוד פון איהר קאמבינאציאנס־שלאס, דאס איז א י ה ר סוד, א י ה ר אייגענע געהיימניס.

ניט קיין קליין ביסעל טראגעדיעס און שוידערליכע געשעהע־נישען וואלטען זיך אבגעשפיעלט אין די פיינסטע פאמיליעס ווען פרויען זאלען פלוצלינג פאנאנדער בינדען דעם פעקעל מיט זייערע סודות, וואס מאנכע פרויען טראגען מיט זיך נאך פון זייערע מיידעל־יאהרען.

מאנכע מענשען האבען א נאטור צו ריידען יענעם אויפ'ן אויער און זיי טהוען דאס אפילו אין געזעלשאפט, א זאך, וואס איז אי ניט שעהן, אי בעליידיגענד פיר די אנוועזענדע, דען יעדער איינער קען האבען דאס רעכט צו מיינען, אז מען רעדט יועגען איהם, אז מען בעליידיגט איהם.

עס זיינען ווידער דא א טהייל מענשען אין דער וועלט, וואס מאכען א שלעכטען געברויך פון סודות. וואס מען האט איינגענט־ליך זיי גאר ניט אנפערטרויט, דען מען קען זיי צו גוט אום זיי

עפּעס אָנצופערטרויען. דאָס זיינען שפּיר־הינד, מחבלים, וואָס געהען אַרום און שמעקען, און ווי גיך זיי דערוויסען זיך נור עפּעס אפילו, ווי גיך זיי שטויסען זיך נור אָן אַן עפּעס, געהען זיי שוין און צוקלינגען דאָס דאָרטען, וואו דאָס קען מאַכען דעם גרעסטען רושם. זייערע פערדאָרבענע נאַטורען פיטערען זיך נור אויף סודות, יעדער סוד איז פיר זיי אַ קוואַל פון רכילות, פערלוימדונג און מוטווילינע רשעות.

אָט די דאָזיגע נפשות האָבען די נאַטור אייך צו „ציהען פאַר די צונג" ווען איהר רעדט מיט זיי און ביי מאַנכע זאַכען אייך צו זאָגען, אַז זיי ווייסען גאַנץ גוט די זאַכען און נאָך אַנדערע זאַכען און, אַז איהר דאַרפט זיך פיר זיי ניט היטען אַז איהר מעגט רעדען פריי און אָפען. אין אמת'ן אָבער ווייסען זיי גאָר ניט און זוכען נור פון אייך אַרויסצופּאַמפּען סודות, וואָס זיי זאָלען שפּעטער קענען צו טראָגען „אויף טעלעראַך".

עס זיינען ווידער דאָ אַ זאָרט מענשען, וואָס האָבען ליעב זיך צו בעריהמען, אַז זיי ווייסען זעהר וויכטיגע זאַכען, דאָס ווען זיי זאָלען ווען זייערע זאַכען פערטרויען וואָלטען זיי ממש מרעיש עולמות געווען. מאַנכע פון אָט די דאָזיגע בעלי סודות טראָגען זיך אַרום מיט געהיימע פּלענער וועגען געשעפטען, וואָס ווען זיי זאָלען פערטרויען זייערע איינפאַלען צו פערמעגליכע אונטערנעהמער וואָלטען זיי זיך אָבגעשאַטען מיט מיליאָנען. מאַנכע פון די געהיימנים בעזיצער זיינען ברואים, וואָס טראָגען זיך אַרום מיט סודות וועגען „גוואַלדיגע טהעמאַס" פיר טהעאַטער שטיקער און ראָמאַנען, וואָס וואָלטען איינגעבראַכט אַ „פערמעגען". קוים אָבער זאָלען זיי אייך פערטרויען זייערע טיעפע „סודות", וועט איהר זעהן, אַז זיי זיינען ווערטה אַ זעץ אין דר'ערד.

די איינציגע סודות אין וועלכע עס איז כדי זיך צו גריבלען, וועלכע עס איז כדי צו פאָרשען און זוכען צו דערגעהן, זיינען די סודות הטבע, און די סודות פון דער וויסענשאַפט, ווען דו דערוויסט זיך אַ סוד פון דער נאַטור, ווען דו קריעגסט אַרויס פון

איהר טיעפע בעהעלטעניס א וויכטיגע געהיימניס, דאן פראפי־
טירט די וועלט דערפון וואס דו צוקלינגסט דאס אין אלע גלאקען.

ליידער אבער ווערען דאס רוב אט די וויכטיגע וועלט רע־
טענדע געהיימניסע מאנאפאליזירט פון זעלבסטזיכטיגע סוביעק־
טען, וואס זוכען זיי אויסצוניצען צו זייערע אייגענע פראפיטען.

# געדולד.

געדולד איז א זאך אין וועלכע היציגע, נערוועזע מענשען זיי־
נען ניט שטארק פערליעבט. פראקטישע, איבערלעגטע מענשען
אבער האבען א ווערטעל: „מיט געדולד קאכט מען בעבלאך״.

די איבערגעלעגטע מענשען זיינען גערעכט. ווילסטו עסען אזא
נאהרהאפטע, קרעפטיגע שפייז ווי בעבלאך, וועלכע ענטהאלט אין
זיך א סך „פראטעין״, וואס איז אזוי נויטיג פיר'ן מענשען'ס קער־
פער, טו ווארט ביז די בעבלאך וועלען פערטיג ווערען, ביז זיי ווע־
לען ווערען ווייך און לייכט צו קייען און פערדייען, זאגסט בליאבע
קוואס, „ברויט־זופ״, אדער באטשווינע, וועט דאס גיך פערטיג זיין
און דו וועסט גיך הונגעריג ווערען.

קיין גרויסע, ווערטהפאלע זאך אין דער וועלט איז געשאפען
געווארען מיט אונגעדולד פון א שעהנעם אבזאץ פון א שוך ביז א
טהייערען געוועב מוז מען אלץ מאכען מיט גרויס געדולד, היינט
ווער רעדט שוין פון גרויסע, געהויבענע זאכען, וואס דארפען מאַ־
כען אן איינדרוק אויף צייט און ארט, און בעשטימען דעם גאנג
פון דער געשיכטע.

אזעלכע זאכען נעהמען זיך געדולד ביז זיי ווערען פערטיג. די
וועלט־געשיכטע טהוט ניט קיין האלבע ארבייט. אלץ, וואס זי
מאכט איז גאנץ, צייטיג און פאלשטענדיג. עס איז דעפאר אן אונ־
זין, צו האלטען א בייטש איבער דער צייט, זי זאל זיך צואיילען,
דען זי וועט אונז הערען ווי די קאץ און טהאן איהר ארבייט אזוי
לאנג ביז זי וועט פערטיג ווערען.

עס זיינען פאראן צייטען, וואס פעלקער ווערען אונגעדולדיג

מיט די פאָרמס פון זייערע רעגירונגען און הויבען זיך אויף מיט שטורם די פאָרמס איבערצומאַכען, אָבער זייער אויפשטאַנד איז א דורכפאַל, ווייל פאר דער צייט איז קיין צייט און זיי מוזען ווידער זיין געדולדיג ביז די געשיכטע וועט זיין גענייגט די ענדערונגען צו מאַכען.

עס זיינען דאָ זאַכען אין דער וועלט מיט וועלכע מען קען זיך ניט אַונטעראיילען, מען מוז זיי געבען צייט פערטיג צו ווערען, זאָנסט וועלען זיי ארויסקומען „ניט דאָס".

מען קען ניט רייסען פון א הוהן אַן איי פאר דער צייט. ווען די הוהן איז פערטיג איהר איי צו לייגען טהוט זי דאָס אליין.

אַט ווי דאָס איז אין דער נאַטור אַזוי איז דאָס אויך אין לעבען, געדולד איז איינע פון די הויפּט בעדינגונגען אין לעבען און וועה דאָרט, וואו מען האָט קיין געדולד צו וואַרטען ביז וויכטיגע זאכען זאָלען קומען אויפ'ן נאַטירליכען אופן, נור מען זוכט זיי צו שלע־פּען געצוואונגענערהייד.

די וועלט לעבט איצט אין די שרעקליכסטע צייט פון איהר גע־שיכטע. די גאַנצע ערד ווייקט זיך אין דאָס בלוט פון אונשולדיגע מענשען. שוין אריבער דריי יאָהר ווי די האַרמאַטען האָבען נאָך זייערע טויט־שפּייענדע מיילער ניט פערמאַכט און לויט ווי מיר, איינפאַכע שטערבליכע מענשען פערשטעהען, איז דאָס נאָך ווייט פון א שלום צווישען די שטרייטענדע פעלקער. די בלוטיגע מענש־הייט ווערט אונגעדולדיג. עס איז אָבער פערפאַלען! פאַר דער צייט איז קיין צייט ניט. מען וועט זיך אייביג ניט מערדערען, די קאַנאָנען וועלען פערשטומען. די שטערען וועלען זיך אויפהע־רען שפּיעגלען אין רויטע טייכען. דער ווידער־קול פון די ביק־סען וועט זיך אויסוועפען און פערליערען אין די פוסטקייט פון די וועלטען. מען מוז אָבער האָבען געדולד.

שנעל געמאַכטע שלום'ס מיינט איבערלאָזען שאַטענס פון אור־זאכען אויף נייע מלחמות און דערפאַר האָבען שוין איצט די רע־גירונגען מורא און ווילען זיך געגען דעם שטרענג בעוואָרענען און אום דער פריעדען זאָל זיין א ד ו י ע ר ה א פ ט ע ר — דען קיין

אייביגער וועט ער ניט קענען זיין, כל זמן מענשען וועלען שטעהן אויף דער שטופע פון ענטוויקלונג ווי זיי שטעהען איצט — יא, אום דער פריעדען זאל דויערען וואס לענגער מוזען מיר איהם ערוואר־טען מיט גדולד. אונזער נערוועזיטעט וועט גאר ניט העלפען. ניט אונגעדולד האט דעם איצטיגען וועלט־קאמפף ארויסגערופען און ניט נערוועזיטעט וועט איהם איינשטילען. די סיבות פון אט דעם דאזיגען קריעג האט זיינע רויטע ווארצלען אין דעם היסטא־רישען באדען און נור עהנליכע היסטארישע בעדינגונגען קענען פיהרען צו א שלום.

דאך וואס די בעדינגונגען זאלען ניט זיין, איין זאך איז זיכער נעמליך: קיין אונגעדולד וועט דעם פריעדען ניט ברענגען. די זאך מוז נעהמען איהר צייט צו מיר ווילען דאס ליידען, צו ניט.

וואס אונז דא אין אמעריקא אנבעטרעפט איז איין זאך בע־שטימט: אמעריקא איז ניט אריינגעשפרונגען אין קריעג אלס „ספארט", אוים ליעבע צו א געשלעג, זי האט געווארט, גדולדיג געווארט לאנג גענוג, אראבשלינגענדיג עוולות און נידערטרעכ־טיגקייטען און האט די גדולד ניט פערלארען. און איצט טאר זי אויך ניט ווערען אונגעדולדיג אפילו ווען דער פריעדען פער־ציהט זיך עטוואס לענגער. איהר נאציאנאלע עהרע מוז בעלוינט ווערען מיט ערפאלג.

די מענשהייט געהט איצט דורך איינע פון די שרעקליכסטע אפעראציעס און אהן א שלאפטרונק מוז זי איהר אפעראציע דורכ־מאכען. זי מוז פ י ה ל ע ן איהרע שוידערליכע שמערצען, אבער עס מ ו ז געשעהן. דער קרעפס פון פעלקער־האס מוז אויסגע־שניטען ווערען. די אפעראציע איז א געפעהרליכע און מען מוז איהר מיט גדולד אריבערווארטען.

מערקווירדיג, אט ווי ערנסט א מלחמה איז, אט ווי קאמפלי־צירט און פערפלאנטערט עם זיינען די מאטיוועו, וואס לענקען איהר, דאך מיינט דער עולם, אז ער קען אין דעם אריינריידען פונקט ווי אין די פיהרונגען פון א לאדזש, אדער יוניאן. רעדט מיט סתם א מענשען וועט ער אייך זאגען, אז אמעריקא, למשל,

האָט ניט געדאַרפט אריין אין דעם איצטיגען קריעג, ער וועט אייך בשום אופן ניט צוגעבען, אַז ער רעדט וועגען אַ געגענשטאַנד וואָס ער הויבט גאָר ניט אָן צו פערשטעהן. ער מיינט, אַז קוים לעזט ער אַ צייטונג ווייס ער שוין אַלע סודות פון אַ רעגירונג און, אַז מען וואָלט נור איהם געפאָלגט וואָלט אַלץ געווען גוט און וואויל פונקט ווי געוואונשען. נור ווייל מען האָט איהם ניט אַנגעפרעגט וויל ער ניט וואַרטען געדולדיג אויף די לאָגישע רעזולטאַטען און קריטיקירט דעם פּרעזידענט און די גאַנצע רעגירונג.

די אורזאַכען פון אַזא מלחמה ווי די איצטיגע ווערען נ י ט געמאַכט, נור ענטוויקעלט און פון די לאַגע אויף די שלאַכטפעלדער און אויס דעם צושטאַנד פון די שטרייטענדע פעלקער וועט זיך אַזוי לאַנגזאַם,לאַנגזאַם ארויסוויקלען דער גע־זונדער מאַטיוו פיר פּריעדען.

עס איז אַ שמערצליכע אָפּעראַציע, מען קען שיער משוגע ווע־רען פיר וועהטאָג, אָבער די נויטיגע מאָס געדולד וועט מאַכען, אַז מיר זאָלען דעם וועהטאָג אריבערטראָגען.

איין זאַך איז בעשטימט, אַז דער טויטליכער הערשאַפט קאַנ־סער, וואָס האָט אויך געזוכט אריינצולאָזען זיינע מורא'דיגע דייטשע גיפטען אין אונזער רוהיגע, אונשולדיגע היים, אַמעריקאַ, מוז אויסגעשניטען ווערען אונטער אַלע אומשטענדען.

לאָמיר העלפען די כירורגען און זיין געדולדיג ביז די אָפּעראַ־ציע וועט זיין פאַריבער און געלונגען. געדולד, פרייהייט און דעמאָקראַטי וועלען זיעגען. מען קען ניט פערדענקען די מוטערס און פאַטערס, וואָס ווערען ערביטערט געגען דעם איצטיגען וועלט־קאָנפליקט אין וועלכען זייערע זיהן זיינען געצוואונגען זיך צו בע־טהייליגען, זייערע הערצער זיינען געבראָכען, דאָך, איין ניכטע־רער בליק אויף אַט די דאָזיגע שרעקליכע אומשטענדען, יאָ, אייך איינציגער בליק מיט געדולד און די בעטרעפענדע, שווער בעזאָרג־טע עלטערען וועלען זיך בערוהיגען.

מיר טאָרען אויף איין מינוט ניט ארויסלאָזען פון זינען, אַז מיר זיינען אַלע שטערבליך, אַז קיינער פון אַלע געבאָרענע אויף

דעם גאנצען ערד־באדען וועט לעבען אייביג, יעדע וויעג האט איהר קבר און יעדער „מזל טוב" זיין „עליו השלום". די איינציגע אוני־ווערזאלע, אלוועלטליכע מאטא איז „ברוך דיין אמת."

א צווייטע זאך דארפען מיר ניט פערגעסען, נעמליך: דאס מיר קומען דא אהער מיט א העכערען צוועק ווי עסען, טרינקען און שלאפען. מיר זיינען געשאפען מיט א מיין. מיט א געוויסער אבזיכט. דער בעשעפער האט אונז ניט אריינגעשליידערט אין זיין וועלט סתם אזוי, אהן א העכערען קוק, אהן א שום בעדייטונג. מיר זיינען געבארען מיט פליכטען, מיט אויפגאבען. דעם איינ־ציגען, ריכטיגען בליק, וואס דער בעשעפער האט געהאט מיט זיין שאפען דעם מענשען, וועלען מיר קיינמאל ניט דערגעהן, דאך אויף אזוי פיעל ווי אונזער רגע־קורצע אונבעדייטענדקייט קען זיך אנ־שטויסען איז, אז דעם בורא'ס אבזיכט איז געווען מיר זאלען מהאן גוטעס און ברענגען נוצען, אז מיר זאלען זיין גרייט זיך צו אפפערען פיר גערעכטיגקייט, אמת און פרייהייט.

נון, פרעגט זיך די הארבע און ערנסטע פראגע: קענען מיר שעהנער און נאבעלער שטארבען (אז שטארבען מוז מען דאך סיי ווי סיי) ווי אין דער מלחמה געגען אייגענגוציגע הערשאפט און אונטערדריקונג פון קליינע פעלקער, יא, ווי געגען דעם קאַ־זארמע־וואונש פון וועלט־עראבערונג ?

דייטשלאנד אונטער איהר איצטיגע רעגירונג מיינט מיליטער, פערקנעכטונג און וועלט־עהראבערונג זאלען מיר אמעריקאנער פרייהייטס־קינדער, די פערעהליכער פון וואשינגטאן, לינקאלן און בענדזשאמין פריינקלין לאזען די שווארץ־רויטע פליעגעל פון די האהענצאלערענס זיך שפרייטען איבער אונזער ערד און מאכען שוואבערע, קלענערע און ארעמערע נאציאנען פיר זייערע אונטער־טהעניגע. זאלען מיר לאזען א רעגירונג, וואס בעטראכט פעלקער־טריטים פיר „ווערטהלאזע שטיקלאך פאפיער", יא, זאלען מיר גלייכגילטיג לאזען אזא גיהנום־הערשאפט האלטען די גאנצע וועלט אונטער איהרע קנאפעל ?

אַ, ניין! געבענשט זאָלען זיין די מוטערס, וואָס האָבען דאָס גרויסע גליק צו געבען אַמעריקאַ איהרע נאָבעלע קעמפּפער פיר דעמאָקראַטיע, פיר פעלקער פרייהייט און מענשען רעכט

וואָס אַמעריקאַנער אידען אין אַמעריקאַ'ס קאַמפּף פיר פעלקער־פרייהייט איז נוגע, זיינען מיר שטאָלץ זיך צו צעהלען צווישען איהרע פּאַטריאָטישע קעמפּפער. א י ה ר קריעג איז א ו נ ז ע ר קריעג און קיינער איז אונז ניט אימשטאַנד אַבצושטויסען איין איינציגען שפּאַן פון אונזער אַמעריקאַנער שטאַנדפּונקט.

מיר זיינען דאָ ניט געקומען בלויז אויסנוצען אַמעריקאַ'ס רייכטהימער, איהרע טויזענדע מעגליכקייטען זיך ארויפצואַרבייטען און זיך בעדיענען מיט איהרע מענשען־פריינדליכע אינסטיטוציעס. אַ, ניין! מיר ווילען ניט קיין צדקה, מיר ווילען דערפאַר בעצאָהלען מיט דאָס טהייערסטע, וואָס מיר האָבען, מיט אונזער בלוט, מיט אונזער לעבען.

מיר זיינען די פרייהייטס קעמפּפער פון דער געשיכטע, די שלאַכטפעלד שרעקט אונז ניט איבער, מיר זיינען דאָרט געבאָרען.

אין אונזער גרעסטער ביבלישער פּאָעזיע „האזינו", וועלכע איז גלייכצייטיג די גרעסטע אין דער וועלט־ליטעראַטור, רעדט גאָט מיט כעס וועגען די שונאים פון דעמאָקראַטיע, וועגען די פיינד פון ליכט, פרייהייט און פאָרטשריט און ער שרייט אויס מיט אַ וואָרנונג:

„איך וועל אויב'שכור'ן מיינע פיילען מיט בלוט
און מיין שווערד וועט פרעסען פלייש"...

דער גאָט פון רחמנות, פון ליעבע און פערגעבונג דריקט זיך אויס אזוי שטרענג געגען די פערברעכער און פערקנעכטער. דער מענש דאַרף ניט זוכען צו זיין בעסער ווי גאָט, וועלכער איז די קוואָל פון אַלץ, וואָס איז גוט און נאָבעל.

מיר זאָגען דערפאַר מיט די ביבעל צוגלייך אָט די דערמאָנטע שאַרפע ווערטער. עס זיינען דאָ אַזעלכע אויסגעבאָפטע מאָמענטען ווען דער האס ברענגט די ליעבע. אָט אין אזא מאָמענט לעבען מיר איצט אין אַמעריקאַ. לאָמיר ניט מאַכען פיהלען שלעכט

די אמעריקאנער מוטערס, וואס זיינען גליקליך געגוג צו שאפען די זעלנער פיר פעלקער פרייהייט און צו גרויסען דעם גלענצענ־דען נאמען פון זייער היים און זייערע געבענשטע אינסטיטוציעס.
**איצט, איז דאס וואס איך בין שוין צו אלט זיך אנצושליסען אין די שורות פון אמעריקא'ס העלדען.**

**אויב עס איז דא א זאך אין דער וועלט, וואס ערגערט מיך געדולד ! מיר וועלען זיעגען, פרייהייט וועט זיעגען.**

# גראָבקייט און גראָביאַנעס.

פראַסטע מענשען קוקען אויף זאַכען אַנדערש ווי גייסטיגע מענשען.

דערפאַר דאַרף מען פיר פּראַסטע מענשען אַנדערע פארבען, אַנ־דערע קלאַנגען און אַנדערע פראַזען.

דער פּראַסטער מענש האָט ליעב שרייענע קאָלירען, פאַרבען און קלאַנגען, וואָס מאַכען קולות, וואָס רייסען די אויגען און די אויע־רען.

ווען איהר רעדט צו פּראַסטע מענשען דאַרפט איהר שרייען, מאַכען אַ ליאַרם, אַ גערויש, ווען ניט זיים איהר ניט קיין גרויסער רעדנער.

די יעניגע, וואָס שאַפען פיר'ן מאַרק, פיר דער גאַס, פיר די מאַסען, די ווייסען דאָס.

צייטונגען, וואָס זוכען געלעזען צו ווערען פון די גרויסע, פּראַסטע מחנות האָבען שטענדיג גרויסע קעפּ אויף זייערע נייעס, אויף זייערע אַרטיקלען.

דער פּראַסטאַק דערזעהט די גרויסע אותיות ווערט ער אַ פער־באַפטער. ער ווייס ניט, אַז ווען עס וועט שטעהן אין אַ צייטונג למשל „ווילנאַ אין דייטשע הענד" מיט צעהן פונטיגע בוכשטאַ־בען און מיט רש"י כתב וועט דאָס זיין אַלץ די זעלבינע נייעס.

איבערהויפּט ווייסען דאָס זעהר גוט די יעניגע וואָס האָבען אַמאָל געהאַט די געלעגענהייט צו זעהן אין דער ליטאַ למשל ווי פויערים פון דאַרף פוצען זיך אויס צו געהן אין קירך, אָדער אין שטאָדט אַריין.

די פרויען און מיידלאַך טהוען זיך אָן אין ציצענע קליידער

פון די שרייענסטע קאלירען און משעפען זיך אן פערטשיילקעס און בענדער, וואס רייסען אויף די אויגען.

די פיינע, די ערעלע פארב און דער זיסער, צארטער טאן קע־נען דעם פראסטען מענשען ניט געווינען.

דער פראסטאק האט אויך נור דרך ארץ פיר א גרויסע בארד, א גרויסען בויך, לאנגע האאר, א דיקען קארק. ער וויל האבען אויף וואס צו קוקען. ער פערטוישט קערפער אויף גייסט, גוף אויף נשמה. אנדערש פערשטעהט ער ניט.

ווען מען מארשירט דורך'ן גאס מיט מוזיק מוז מען האבען שרייענע אינסטרומענטען, איבערהויפט א בארעבאן. וואס מעהר געהאקט אין קעסעל־פויק אלץ מעהר נעהמט דאס דער כאפטע, אלץ מעהר קאכט דאס אין די נאסען.

ווען מען וויל א זאך אנאנסירען, אז דאס זאל געלעזען ווערען פון די מאסען מאכט מען דאס גרויס, שרייענ, מיט כפול שמונה'דיגע ווערטער, וואס רייסען וועלטען.

נאך א מערקווירדינקייט מיט דעם פראסטען מענשען איז, חאס אום מען זאל איהם זיין א „עפעס", אום מען זאל ביי איהם האבען א שטיקעל ווערטה מוז מען זיך איהם שטענדיג ווארפען אין די אויגען. עס מעג זיין די גרעסטע זאך, אדער דער גרעסטער מענש וועט די זאך אדער דער מענש פערגעסען ווערען ביי דער מאסע ווי גיך מען וועט וועגען דעם אויפהערען צו בארעבאנעווען, ווי גיך מען וועט וועגען דעם שווייגען.

דער פראסטאק ווייס סיי ווי סיי קיינמאל ניט ווי עפעס אדער אימיצען ריכטיג אבצושאצען, ווי עטוואס רעכ־טעס צו נעגיסען. ער אורטהיילט מענשען און זאכען לויט די געשרייען. וואס מען מאכט וועגען זיי אין די ציימונגען.

זאל דער גרעסטער ליטעראט, דער גרעסטער שרייבער זיך צוריק ציהען פון דער עפענטליכקייט, וועט דאס זיין ביי „מאי־שען" א סימן, אז יענער קען שוין ניט שרייבען, ער „טויג שוין ניט", ער ווארפט זיך שוין ניט אזוי פיעל אין די אויגען... ער מוז

ממש זעהן מיט די קוקערס, אנטאפען מיט די הענד, פערנעהמען מיט די אויערען, זאנסט עקסעסטירט מען ניט פיר איהם.

דערפון נעהמט זיך דאס אויך א גראבער יונג, אז עס האריץ ווערט אזוי לייכט אן אפיקורות. ער זעהט ניט גאט מיט'ן נאקעטען בליק, ער קען מיט איהם ניט שפיעלען א פאוקער, אדער זיצען מיט איהם אין „קיבעצארניע“, און „קיבעצען“, אדער איהם הער־רען אויף א פערזאמלונג צו אויף א „קאנצערט“ איז א בעוויין, אז עס איז קיין גאט ניטא.

די „אטריביוטען“, די געטליכע מעשים קען ער ניט פערשטעהן, די געמאכטע אַרבייט איז פיר איהם קיין בעוויין, אז עס איז דא א בעל מלאכה, אז אליין מאכט זיך גאר ניט, דאס בעגרייפט ער ניט. ער מוז זעהען דעם בעקער זאנסט איז ביי איהם רעכט, אז עס וואקסט פערטיגע לעבלאך ברויט אויף די פעלדער, אז זיי ווערען פון זיך אליין.

דאס איז אויך דער סוד דערפון וואס פרימיטיווע פעלקער האבען געמוזט דיענען די געצען. זיי האבען געמוזט האבען א געץ, זיי האבען געמוזט אנקוקען גאט מיט די אויגען, איהם גע־בען עסען, איהם קארמענען מיט קרבנות, איהם בעטען מיט תחנונים, איהם לויבען, חנפ'ענען, איהם אונטערקויפען מיט גע־זאנג און מוזיק, פונקט ווי זיי טהוען מיט מענשען. זיי האבען איהם געמוזט אפפערען אפילו זייערע קינדער, אפילו זיך אליין אבי צו האבען „אן אויג“ ביי גאט, אבי ער זאל חלילה ניט זיין אין כעס.

דער געבילדעטער מענש זעהט גאט אין גאט'ס מעשים, ער דערקענט איהם אן זיינע אטריביוטען, אן זיין וועלט, אן זיינע מענשען און זאכען, ער זעהט גאט אין דער נאטור, און אלץ וואס עס איז דא אויבען און אונטען.

ביי דעם געבילדעטען מענשען איז מען גרויס ווען מען שרייבט אן איין איינציגען גרויסען געדיכט, ווען מען מאלט אויס איין איינציגעס ערהאבענעס בילד, ווען מען פערפאסט איין איינציגע טהייערע מעלאדיע.

ביי דעם עם הארץ אבער איז דאס ניט גענוג. פיר איהם מוסטו האלטען אין איין ארבייטען, אין איין מאכען, אין איין שאַפען, זאנסט קען ער דיך ניט. ער קען דיך נור פון דאס וואס דו גיעבסט איהם הײנט, איצט. דאס נעכטיגע געדענקט ער ניט. אין גרונט גענומען האט ער דיך ניט פערשטאנען נעכטען, ער בעגרייפט דיך ניט הײנט און וועט דיך ניט בעגרייפען מארגען. ער וועט דיך קיינמאל ניט קענען.

ער טהוט מיט דיר ווי מען טהוט מיט איהם. זיין ארבייטס־געבער בעצאהלט איהם אויך ניט הײנט פיר די אַרבייט פון פאר א יאהרען... ווילסט הײנט געצאהלט, מוסטו הײנט ארבייטען.

א הוהו. וואס האט געלייגט אייער פיר א יאהרען זומער און ניט מעהר. בעצאהלט זיך ניט דעם פויער איהר מעהר צו האלטען און ער פערקויפט איהר צום קצב.

דער פוהרמאן וייס, אז זיין שקאפע מוז מען טעגליך שפּאַנען. מען גיט ניט א פערד עסען פיר דעם זכות וואס ער האט געפיהרט א וואגען מיט א יאהר צוריק. ער מוז הײנט אויך טראַגען די לאבערדיקעס און מאכען, אז די רעדער זאלען זיך דרעהען.

דו האסט אמאל געמאכט א גוטע זאך האט מען געזאגט, אז דו קענסט, דו מוזט אבער הײנט אויך מאכען און מארגען אויך און איבער מארגען אויך ביז אין טויט אריין, זאנסט טויג דיין אמאליגע זאך אויך ניט.

דאס איז דער בעגריף פון גאס, אט אזוי פערשטעהט דאס דער בעל מלאכה, דער בעל העגלה און דער פויער. אין אמת׳ן, וואס פיר א גאט ביסטו, אז דו מאכסט ניט אלע טאג א נייע וועלט ?... א קונץ דאס איז איין מאל צו מאכען א וועלט און גענוג... איין מאל האט זיך איהם גראד געמאכט...

איבערהויפּט לייד׳ט מען דערפון ביי אונז אידישע אידען. דאס קומט נאטירליך פון דעם, וואס ביי אונז איז ניטא קיין אמת׳ע, עהרליכע קריטיק. וואס ביי אונז ווערט קיין זאך ניט ריכטיג אָבגעשאצט. עס פעהלט א וואג און א מאאס, און הפקר איז אויבער־

הארר. „באטש" און קוואטש שטעהען נעבען ארון קודש און די קדושה אין פּאליש...

איך וואלט געקענט אנרופען מיט'ן נאָמען מאנכע פּארטרעפ־ליכע אידישע ליטעראטען, געבילדעטע מענשען און גוטע, ערשטע קלאסיגע פּאבליציסטען, וועלכע זיינען צופעליג ארויסגעפאלען פון די צייטונגען און קריעגען ניט מעהר קיין בעשעפטיגונג. שמי־רער,פּארטאטשעס זיצען אין רעדאקציעס און קוואטשען און יענע אמת'ע ליטעראטען האבען קיין בעשעפטיגונג. די גראָב־יונגע־שע לעזער, האָבען שוין אַז זיי פערגעסען און די פּארטאטשקע שריי־בארעס מיינען, אַז זיי קענען בעסער ווי יענע שרייבער. א בעוויי, אַז זיי זיינען בעשעפטיגט, זיי שמירען און יענע האָבען ניט קיין ריכטיגע, לייטישע בעשעפטיגונג.

ווען שרייבארעס, ליטעראטורניקעס קענען אזוי מיינען, טוּ וואָס איז שוין דער וואונדער וואָס פּראָסטע צייטונגס־לעזער מיי־נען אזוי.

עס איז אָבער פערפאלען. ביי אונזערע אידיש־ריידער און אידיש־לייענער וועט שוין אייביג אזוי פערבלייבען. אנדערש קען דאָס ניט ווערען. ביי פּראָסטע מענשען איז מען עפּעס כל זמן מען גיט זיי יעדען טאָג א פרישע בולקע, א ווארעמע באָנדע פון וועלכע עס געהט נאָך א פּארע...

דערפון נעהמט זיך אויך די גרויסע טראגעדיע וואָס ביי „אי־דישע אידען" ווערען אלע גדולים אין גאנצען פערגעסען און געהען נעבאך אוים איינזאם און פערלאָזען. זיי הערען זיך אויף צו וואר־פען אין די אויגען קען מען זיי מעהר ניט. ביי ציוויליזירטע פעלקער איז דא א ספּעציעלע וואכזאמע אויג וואָס קוקט אויף אלטע גדולים. ווען זיי ציהען זיך צוריק פון עפענטליכען לעבען און זיי־נען אליין מיט גאָט.

ביי א פאָלק פון קרעמער און בעלי מלאכות אָבער איז דאָס ליידער גאנץ אנדערש. קריכסט דו אריין אין די אויגען ביסטו דא, דארף מען דיך כלומרשט האָבען, ציהסטו זיך צוריק איז נעווים רעכט, ווער האָט צייט מיט דיר צו באלעמוטשען?...

נעהמענדיג דאס געזאגטע אין אנבעטראכט װעלען מיר זיך ניט װאונדערען אויף דעם אוננארמאלען צושטאנד אין אונזער גייסטיגעס לעבען, מיר װעלען אויך בעשטימט בעגרייפען דעם זינען פאר װאס שרייער, טומלער און פרעכע גארנישטען שפּיעלען ביים פאלק אזא ראלע און פאר װאס הפקר איז דער איינציגער טאןגעבער אין דער מחנה ישראל.

# די טירניי פון געוואָהנהייט.

געוואהנהייטען איז דער גרעסטער טיראן, וואס פערשקלאפט דעם מענש און לאָזט זיך ניט בעפרייען.

קוים ווערט איהר צו געוואָהנט צו א זאך, זייט איהר שוין דער זאך'ס א קנעכט, די געוואהנהייט וועט אייך האלטען ווי אין קייטען.

ניט אומזיסט זאגט די וועלט, געוואהנהייט איז די צווייטע נאטור. ווי ווייט דאס איז ריכטיג ווייס יעדער מענש אויף זיין שטייגער, דען עס איז אבזאלוט ניטא קיין מענש אויף דער וועלט וואס זאל ניט האבען זיין געוואהנהייט צו די, אדער יענע זאך פון וועלכע עס זאל איהם ניט זיין שווער זיך לויז צו רייסען די געוואהנהייט מאכט איהם פיר איהר אונטערטהאן.

א מענש ווערט מאנכעס מאל צוגעוואָהנט צו א געוויסע זאך, וואס מאכט איהם אונגליקליך, וואס ער פיהלט אז ער ווערט דורך איהר רואינירט, אפטמאל קערפערליך און גייסטיג. עס איז אבער פערפאלען! די געוואהנהייט האלט איהם ווי מיט צוואנגען. און ער דארף ממש זיין א שמשון הגבור פון איהר זיך לויז צו רייסען.

מיר האבען פיינד א גאמבלער, א שכור, א ליגנער, א טרעמפ; מיר האסען אט די דערמאנטע בעשעפעניסען ווי א פעסט און מיר פערגעסען, אז זיי זיינען אונגליקליכע אפפער פון געוואהנהייט. זיי זיינען ניט קיין העלדען זיך מיט איהר צו ראנגלען און בלייבען פערלארענע אויף אייביג.

מען דארף ניט האבען קיין שרעקליכערע זאך ווי דאס לעבען, קיין ערגערע זאך ווי די ל י י ד ע ן פון לעבען, ווי דער ק א מ פ ף פיר'ן לעבען, דאך וויל זיך קיינער מיט'ן גוטען ווילען פון דעם ניט בעפרייען.

לעבען ! א קליינינקייט וועלכע שוידערליכע געדאנקען דאס דאזינגע ווארט דריקט אויס, לעבען! האם מיינט ענטווישונג, אב־גענארטקייט, שטרייט, חרפה, ערגערניס, קראנקהייט, טראגעדיע, נארעשקייט, פערלוימדונג, קנאה, שנאה, טעות'ען, אפט פערצווייפ־לונג, און וואס נים ? ווען מיר זאלען מאכען יעדען אבענד א סך הכל פון אלע אונזערע בייטאגדיגע מעשים און געשעהעניסען וועלען מיר אויפשווידערען ווי אזוי מיר האבען דאס אלץ געקענט דורך לעבען.

און דאך, יא, און דאך האלטען מיר זיך אן די פאלעס פון לע־בען מיט אלע אונזערע קרעפטען און ווילען איהם ניט אפלאזען. מיר ווילען ליידען און זיין, ליידען און בלייבען, ליידען, ליידען, ליידען אהן א סוף

וואס אייגענטליך דארף אונז אארען, אז מיר וועלען ניט זיין ? מיר וועלען דאך דעמאלט ניט וויסען סיי ווי סיי אויב מיר זיינען דא אדער ניט. א ריכטיגער חשבון ווערט האך ווייזען יעדען איינעם, אז פונקט ווי ער איז איבעריג דער וועלט אזוי איז די וועלט איהם איבעריג. אז זיי דארפען זיך ניט איינע די אנדערע און דאך ווילט זיך בלייבען א היגער.

געוואהנהייט !

יעדען איינעם דאכט זיך, אז ער האט דא עפעס וויכטיגעס אויפצוטהאן. וועהרענד עס איז גאר א נעכטיגער טאג. דער בעל העגלה וויל שטענדיג פיהרען, פיהרען, פיהרען, דער קצב וויל איי־ביג האקען מיט דער האק דאס פלייש, יא, האקען, האקען, האקען. דער צייטונגס־שרייבער וואלט אימער שרייבען, שרייבען, שרייבען און אלע וואלטען כסדר שלאפען און עסען און עסען און שלאפען ביז דעם סוף פון די דורות.

געוואהנהייט !

יעדער איינער גלויבט, אז מען דארף איהם, אז ער האט דא עפעס א געוויסע ארבייט צו פעררירכטען, און אהן איהם בלייבט די ארבייט ניט פערטיג. ער פערגעסט זיך וואס דער תנא זאגט אין אבות. אז מאקע אמת, דו דארפסט ניט זיין קיין לעדיג־געהער.

דו דארפסט זיך ניט אויסקויפען פון דער מלאכה, מוסט ארבייטען, דו דארפסט אבער געדענקען, אז די וועלט איז ניט אנגעוויזען בלויז אויף דיין ארבייט אליין. מעגסט זיך געזונדערהייט געהן פון דאנען. אנדערע וועלען ענדיגען דאס, וואס דו האסט אנגעפאנגען.

דאך ניין! יעדער איינער מיינט, אז ער דארף אייביג זיין און אייביג ארבייטען, אז אהן איהם איז גאר ניט. ער הענגט, הענגט אן לעבען איבער געוואלד. קיין וואונדער איז דאס ניט. געוואהנהייט!

דען איז אמת'ן, ווער דארף דיך דא?

ביסט א גרויסער חכם? נארעשקייט! עס וועלען זיך געפינען אנדערע חכמים, אויב ניט איז אויך קיין אחריות. נארעשקייט גילט דא בעסער. דו זעהסט דאך אז מיט דיין גאנצע חכמה איז די וועלט דאך פונקט אזוי נאריש ווי זי איז געווען איידער דו ביסט אהער געקומען און זי וועט פונקט אזוי נאריש בלייבען ווען דו וועסט פערשווינדען.

מען דארף דיך ניט.

דו ביסט א בעל צדקה, שוטה! צדקה קען דער וועלט ניט גליקליך מאכען. עס וועלען שטענדיג זיין אזעלכע ארעמע, וואס דו וועסט ניט קענען רייך מאכען און די, וואס דו וועסט העלפען, וועלען אויך ניט געהאלפען ווערען אויף אימער. די וועלט איז געווען אזוי גליקליך אהן דיר ווי זי איז מיט דיר.

מען דארף דיך ניט.

דו ביסט א גרויסער ערפינדער, לעכערליך! דו האסט נור צורייצט דער וועלט'ס אפעטיט. דען א ל ץ ערפינדען קאנסטו דאך ניט, וועט ק י י נ ע ר ניט קענען און דאס וואס דו האסט ערפונדען איז ניט קיין אבזאלוטע נויטינקייט. והא ראיה מען האט דאך געלעבט אהן דיר און אהן דיינע זאכען אויך. דיינע זאכען האבען נור געוויזען וויפיעל דו קענסט ניט ערפינדען, יא, וויפיעל זאכען די וועלט וועט אפשר יא קענען געברויכען און וואס דו קענסט

איהר ניט געבען. עס איז גאר א סברה, אז אהן דיינע ערפינדונגען איז די וועלט א סך רוהיגער געווען.

מען קען זיך בעגעהן אהן דיר אויך, מען דארף דיך ניט.

עהנליכעס איז מיט יעדען איינעם. די וועלט קען זיך בעגעהן אהן איהם און ער — אהן דער וועלט. נור וואס דען, מען איז ד א וויל מען ז י י ן. עס איז געוואהנהייט. מען ווערט צוגע־וואהנט צו א געוויסע זאך, ווערט שפעטער די געוואהנהייט פער־וואנדעלט אין א ליידענשאפט. עס ציהט דערצו, מען וויל דאס האבען. דאך אויב מען איז שפעטער געצוואונגען צו זיין אהן דעם, בעגעהט מען זיך גאנץ גוט אהן דעם אויך און דאס איז דער בעסטער בעוויז, אז דאס איז פריהער אויך נור געווען א געוואהנהייט.

נאטירליך, ווערט דא נור גערעדט וועגען זאכען, וואס זיינען ניט קיין דרינגענדע נויטיגקייטען און וועלכע ווערען נור געברויכט וייל מען האט זיך צו זיי צוגעוואהנט.

דאס איז די אורזאך פאר וואס די וועלט מוז דורכמאכען גרויסע בלוטיגע אפעראציעס אום לויז צו ווערען פון מאנכע געוואהנ־הייטען, איהרע ביז, יא, ביז זי בעקומט נייע געוואהנהייטען פון וועלכע זי מוז ווידער זוכען פטור צו ווערען.

איינע פון די נויטינסטע זאכען פיר א מענשען איז געזעלשאפט. מען קען זיך כמעט גאר ניט פארשטעלען ווי עס איז מעגליך צו לעבען אהן די געזעלשאפט פון מענשען, פון דעסטוועגען געהען מאנכע מענשען אוועק אין די איינזאמסטע איינזאמקייטען און לעבען שטיל, צוריקגעצויגען און אליין. זיי געוועהנען זיך איין צו זיין אליין און די געזעלשאפט פעהלט זיי גאר ניט. דאס ווייזט, אז געזעלשאפט איז אויך ניט מעהר ווי א געוואהנהייט.

די געוואהנהייט מאכט אפט פון א מענשען א חיה. דאס ווייזט אונז אונזער ציוויליזירטע „טשאריטי" וואו מען איז אזוי צוגעוואהנט צו זעהן טרעהרען און הערען זיפצען, אז דאס מאכט אויף די טשאריטי בעאמטע קיין ברעקעל איינדרוק ניט. דער קרבן לאכט פון די מתים, דער כירורג פון זיינע פאציענ־טען, א. ז. וו., א. ז. וו.

גערואַהנהייט!

דאָך ניט אַלע געוואַהנהייטען זיינען אונגעווינשטע. מאַנכע געוואַהנהייטען זיינען ווערטה דער מענש זאָל זיי קולטיווירען און זיך אין זיי אריינלעבען וואָס מעהר. מאַנכעס מאָל איז דאָס שטאַרק כדאי, אַז אַ געוויסע געוואַהנהייט זאָל ווערען אַ צווייטע נאַטור, ווייל דאַן בעקומט דער מענש די נאַטור צו טהאָן גוטעס און נאָ־בעלעס און זיין אַ ווירדיגעס מיטגליעד אין דער מענשליכער פאַ־מיליע.

גוטע געוואַהנהייטען בילדען אויס גוטע נאַטורען.

מען דערצעהלט אַז אַ לץ איז אַמאָל געקומען אין אַ שטעד־טעל צום רב און געבעטען, דאָס אַזוי ווי ער האָט אַ זעהר מ י א ו ס ׳ ע, אָדער נאָך ערגער אַ זעהר ש ל ע כ ט ע נאַטור, זאָל איהם דער רב אַן עצה געבען ווי פון איהר פּטור צו ווערען. ער האָט ערקלעהרט, אַז ער האָט שוין פּרובירט פערשיעדענע מי־טעל, אָבער עס העלפט ניט און ער האָט זיך ענדליך בעשלאָסען צו קומען אהער נאָך אַ ראַטה.

דער רב האָט אויפגעהויבען זיינע קלוגע אויגען צו דעם אונבע־קאַנטען מאַן, האָט איהם אָנגעקוקט מיט אַ דורכדרינגענדען בליק און האָט איהם געפרעגט אין וואָס זיין מיאוס׳ע אָדער שלעכטע נאַטור בעשטעהט, וואָס עס פּלאָגט איהם אַזוי און מאַכט איהם בי־טער דאָס לעבען.

— ביסטו אַ שכור? — האָט איהם דער רב געפרעגט.

— ניין. האָט ער געענטפערט.

— ביסטו אַ גנב?

— ניין.

— ביסטו אַ כעסן?

— ניין.

— ביסטו אַ בעל גאוה?

— ניין.

— ביסטו אַ פּרויעניעגער?

— ניין.

דער רב איז געוואָרען שטאַרק אונרוהיג און האָט אויסגעשריען צו דעם אונבעקאַנטען:

— איך בין גוזר אויף דיר דו זאָלסט מיר זאָגען אין וואָס דיין שלעכטע נאַטור בעשטעהט, דען זאָנסט וועל איך דיר ניט קענען געבען קיין עצה.

דער לץ האָט געטראַכט, געטראַכט, זיך געקראַצט אין פּאַטיל־ניצע, האָט אַ שמעק געטהאָן טאַבאַק, האָט זיך אַביסעל געסמאַקע־וועט, פּונקט ווי איינער וואָס וויל ניט אויסזאָגען אין וואָס זיין שלעכטע נאַטור בעשטעהט, ענדליך האָט ער זיך אָבגערופען.

— וואָס העלפט דאָס, רבי? אז איהר זייט גוזר מוז איך דאָך אייך זאָגען, יאָ, אויסזאָגען ווי פאַר אַ טאַטען. רבניו, איך האָב אַ פּאַסקודנע נאַטור, איך בין אַן אָרעמאַן...

דער רב איז געבליבען אַ צומישטער. אַזאַ איינפאַל האָט ער זיך קיינמאָל אין לעבען ניט פאָרגעשטעלט צו הערען און האַלב אין ערנסט, האַלב אין שפּאַס האָט ער אַ פרעג געטהאָן מיט אַ קלי־נען שמייכעל:

— האָט איהר שוין לאַנג אָט די דאָזיגע מיאוס'ע נאַטור לאַ עלינו?

— שוין אַ קימאַ לן פון יאָהרען — האָט דער פרעמדער אומעטיג מיט אַ זיפץ געענטפערט — פריהער איז דאָס ביי מיר בלויז געווען אַ געוואָהנהייט וואָס ווייטער, ווייטער איז דאָס מיר געוואָרען אַלץ נאַטירליכער ביז... וואָס זאָל איך אייך זאָגען, רבי? איצט האָב איך אַ נאַטור. אז עס איז פּשוט ניטאָ וואָס צו עסען...

לויט ווי דער דאָזיגער לץ האָט דאָס געמאַכט, איז דאָס אפשר אַ ביסעל קאָמיש. איז אמת'ז אָבער איז ניט פ־יילאַך יוען מען דאַרף ווערען אַזוי שטאַרק צוגעוואָהנט צו אָרעמקייט ביז זי ווערט די צווייטע נאַטור...

## מען וועט „איבערצעהלען“

פון א צו שטארקען געלעבטער ווייזען זיך טרעהרען, און א צו פריהיגע פרייד לאזט זיך אפט אויס מיט אומעטה.

מען דארף וויסען ו ו י צו לאכען און ו ו ע ן זיך צו פרעהען.

קלוגע מענשען לאכען ניט צו שטארק און פרעהען זיך ניט צו פריה. איבערהויפט נעהמען זיי זיך גענוג צייט צו ווערן אמת פרעהליך. ביז וואנען עס זיינען דא אלע אורזאכען דערצו, זיי טרויען ניט דעם גליק ביז וואנען ער בעווייזט זיך אין גאנצען.

ווען דער מזל בליצט קען מען נאך ניט גענוי וויסען וואס דער סוף וועט זיין. מעגליך, עס זאל זיך גאר ענדיגען מיט א וואלקענ־ברוך.

די רעדער פון די אומשטענדען דרעהען זיך אזוי גיך און אזוי קאמפליצירט. אז מען קען ניט גענוי זאגען ווי אנגעלעגענהייטען קענען זיך געשטאלטען, וואס פיר א פנים זאכען קענען ענדליך בע־קומען.

אונבערעכענטע מענשען, אונפראקטישע, אונערפאהרענע פרעהען זיך מיט׳ן א נ פ א נ ג , קלוגע אבער, דענקענדע פרע־הען זיך מיט׳ן סוף. זיי גלויבען אין די ריכטיגקייט פון דעם פאלקס־ווארט: „ענדע גוט אלעס גוט“. זיי קוקען מיט פער־דאכט אויף יעדען אנפאנג, זיי טאנצען ניט מיט זאכען, וואס האל־טען אין „ווערען“, זייווארטען צו זעהן דאס גאנצע.

די פראקטיקע האט שוין געוויזען, אז א סך פרייליכע אנ־פאנגס האבען טרויעריגע ענדעס און זאכען, וואס האבען אנפאנגס אויסגעזעהן גאר אונבעדייטענד און אין בעסטען פאל כמעט

אומעטיגלאך האבען זיך אויסגעלאסט געהויבען און פול מיט פרייד.

ביישפיעלען דערצו זיינען ניט נויטיג, ווייל כמעט יעדער מענש ווייס דאס פון זיינע אייגענע ערפאהרונגען. עס וואלט אויך גע־דארפט פערנעהמען צופיעל פלאץ די ביישפיעלע אויסצורעכענען.

אלס גרינגסטער און פערשטענדליכסטער ביישפיעל קען אונז דיענען די נאטור. א טאג וואס פאנגט זיך אן כמורנע און אומעטיג בעגליקט אפט די וועלט מיט דער שעהנסטער זונן און דעם פרעכ־טיגסטען וועטער און פערקעהרט. עהנליכעס זעהן מיר אין דעם לעבען פון איינצעלנע מענשען און אפילו פון גאנצע נאציאנען.

מען זעהט אפט א גאנצע איבערקעהרענים אין א לאנד אוי מען מיינט.אז דאס לאנד ווערט ניי געבארען, אז זיין פרייהייט נעהמט אן גרעסערע פראפארציאנען און זיין פאלק ווערט בעגליקט פאליטיש און עקאנאמיש, צום סוף דרעהט זיך דארט אלץ איבער צום ערגסטען און די בעפעלקערונג ווערט נאך גאר געשמידט אין דאפעלטע קייטען.

עס זיינען דא מענשען, וואס פאנגען אן געשעפט מיט אזא פרעהליכקייט, מיט אזא זיכערהייט, מיט אזא בטחון אין הצלחה, מיט אזא איבערצייגטקייט אין ערפאלג, אז איהר בעוואונדערט זייער ענטהוזיאזמוס. מאנכע פון אט די דאזיגע מענשען האבען טאקע ערפאלג, צופעליג האבען זיי געטראפען מיט זייער אונטער־נעהמונג. מאנכע אבער פרעהען זיך נעבאך צו פריה און עס איז א ביטערער צער צו קוקען ווי שלעכט דער שיקזאל האט זיי אב־גענארט.

עס איז אמת, אז א מענש מוז האבען צוטרויען צו זיך אליין, אז ער מוז גלויבען, דאס זיין אונטערנעהמונג וועט זיין אן ערפאלג, אז ער מוז אנפאנגען זיין זאך מיט'ן גאנצען „איך", דען אהן אמונה אין זיך אליין טאר גאר א מענש קיין זאך ניט אנפאנגען. יא, ער מוז האבען צוטרויען צו זיך, טאר אבער ניט זיין גענארט אין זיך.

דער קלוגער פאנגט שטענדיג אן זיינע זאכען מיט צוריקגע־

האלטענקייט. ער האפט אויף ערפאלג און גלויבט אבער אויך אין די מעגליכקייט צו האבען א טעות. ער ווייס, אז א מענש איז ניט אונפעהלבאר און, אז עס זיינען דא צופאלען און אומשטענדען, וואס מאכען אפט א שטריך אין די חשבונות פון דעם גרעסטען חכם. סיי ווי סיי, ער פייערט ניט דעם יום טוב פון הצלחה באלד ביי דעם בראשית פון זיין אונטערנעהמונג. ער ווארט דערמיט אויף שפעטער. דער „אז ישיר" מוז קומען ווען מען געהט שוין אריבער דעם ים, אבער ניט פריהער.

דאס איז אויך דער סוד פארוואס דער חכם ווערט ניט אזוי פערצווייפעלט ווי דער שוטה, ווען עס געהט איהם גראד מיט די „פוטער אראב". ער האט קיינמאל ניט פערגעסען, אז מען קען מיט דעם גליק קיין קאנטראקט ניט מאכען און, אז מען קען איהם ניט צווינגען, אז עס זאל שטענדיג זיין פונקט אזוי און ניט אנדערש.

דאס לעבען איז א שאך־שפיעל אין וועלכען מיר שפיעלען מיט'ן צופאל. מיר מעגען מאכען דעם בעסטען „גאנג", זיינען מיר ניט זיכער מיט א געווינס, ווייל מיר ווייסען קיינמאל ניט ווי אונזער געגנער וועט געהן. אט, אט דאכט זיך, אז מען האט גע־וואונען און מען ווערט דאך „שאך מאט".

מען מאכט א „סיום" ווען מען ענדיגט א גמרא, אבער ניט ווען מען פאנגט איהר אן. א מצוה געהט שטענדיג אויפ'ן נאמען פון דעם וואס ע נ ד י ג ט איהר און ניט פון דעם, וואס האט איהר אנגעהויבען.

מאנכע דענקער קוקען מיט א שמייכעל, יא, מיט א איראנישען שמייכעל אויף דער שמחה, וואס מען מאכט ביי א מענשענס גע־בורט. זיי גלויבען גאר, אז אויב יא מאכען א שמחה זאל מען איהר מאכען ביי א מענשענס טויטענבעט, דען ווי זאל מען זיך פרעהען מיט דער וויעג, אז מען ווייסט ניט בעשטימט וואס פאר א מין מענש, יא, וואס פיר א מין כאראקטער דארט וויעגט זיך? ערשט ווען דער מענש איז פארטיג מיט דער וועלט און די וועלט מיט איהם, ערשט דעמאלט קען מען איהם ריכטיג אבשאצען און, אויב ער האט זיך פערדיענט, ליעבליך און ניצליך געמאכט, איהם

געבען א פרעהליכען „זיי געזונד“ און זאגען מיט א הארציגע שמחה „ברוך אתה בצאתיך“, ס'הייסט „געבענשט זאל זיין דיין אבשייד“.

דאס איז אויך דער גרויסער אונטערשיעד צווישען יונגע אונ־ערפאהרענע לייט און עלטערע, פראקטישערע מענשען. דער י ו נ ג ע ר ווערט ענטציקט פון א נ פ א נ ג און דער ע ל ט ע ־ ר ע ר פון סוף.

אין ניו יארק — דערצעהלט מען — איז אמאל געווען א אי־דישער טהעאטער דירעקטאר, ער איז געווען א שוישפיעלער אויך, אבער זעהר א קאלטער, געלאסענער און איבערלעגטער מענש איז ער געווען. אט ווי אין לעבען אזוי אויף דער ביהנע, א קאלטער, געלאסענער כאראקטער.

ווען א יונגער פערפאסער פלעגט צו איהם קומען מיט א פיעסע און אנהויבען לויבען דאס שטיק אין הימעל אריין און דערצעהלען, אז דער טהעאטער וועט שווימען אין דאלארס און די שוישפיעלער וועלען זיך שפיעלען מיט מיליאנען, אז די פיעסע איז אן אמת'ער צוג פלאסטער, א פיאווקע, וואס וועט ארויסציהען ביים עולם דעם לעצטען גראשען. אז די אקטיארען און אקטריצעס וועלען ערשט דערזעהען, אז עס זיינען דא אזעלכע זאכען ווי בראוואס און פאַ־קעט ביכער, יא, ווען דער יונגער, ענטהוזיאסטישער דראמאטורג פלעגט אזוי האלטען אין איין דרעשען מיט דער צונג, פלעגט זיך דער בעטרעפענדער דירעקטאר שטעהן קאלט ווי אן אוגערקע און דרעהען איינע פון זיינע קליינע וואנסעס און ווען דער מחבר פון דאס נייע שטיק פלעגט מיר ווערען ריידענדיג און פלעגט אנשווי־גען ווערען. פלעגט ער איהם רוהיג און געלאסען ענטפערען, האל־טענדיג די וואנסע אין די פינגער, „מען וועט איבערצעהלען“...

דאס הייסט מיט אנדערע ווערטער: מיט דיין גאנצע קאכענים ביסטו מיר א קנאפער בעל בטוח. מען וועט א י ב ע ר צ ע ה ל ע ן די קאסע פון דער פארשטעלונג וועט מען וויסען אויב עס וועט ברייגגען א סך געלד, אדער ניט.

אט דיער דאזיגער „מען וועט איבערצעהלען“ קען גילטען אלס תירוץ צו אלע ענטהוזיאסטען, וואס ווערען ענטציקט און בע־

גייסטערט פון זאַכען, וואָס האַלטען נאָך אין געבאָרען ווערען און הייבען זיך ערשט אָן רוקען אין דער וועלט אריין און מען ווייס נאָך ניט בעשטימט אויב עס וועט פון זיי עפּעס ווערען, וואָס פיר א פּנים זיי וועלען האָבען און וואָס פיר א ווירקונג זיי וועלען מאַכען אויף דער מענשליכער געזעלשאַפט.

איהר הערט מאַנכעס מאָל ווי אַן ענטהוזיאַסטישער „גענאָסע" קאָכט זיך שרייט און פאָהרט מיט די הענד אין די לופטען. וואויל! גוט! פרעכטיג וועט זיין דער אָרעמער מענשהייט נאָך דער גרויסער וועלט גאולה, יאָ, נאָך דער „סאָציאַלער רעוואָלוציאָן", ווען די וואַמפּירען וועט באַנקירען, און פּיאַווקעס און „אייגענטהום בעסטיעס" וועלען פערשווינדען. די „ברידער ארבייטאָרער" וועלען זיין פריי ווי די פייגעלאך, די געזעלשאַפט וועט האַלטען אין איין טאַנצען, אין איין שפּרינגען, און איין סקאַקונעווען, אין איין זינגען די מארסעליעזע.

ווען איהר הערט אָט דעם דאָזיגען פּזמון דאַרפט איהר זיך חלילה ניט ערגערען, ניט גרייזלען די צונג פיר א דעבאַטע, מען טיילט זיך ניט מיט פייגעלאך, וואָס שטעהען נאָך אויפ'ן דאך. און אויב איהר האָט א וואַנסע מעגט איהר זי גאַנץ געלאַסען אריינגעהמען אין די פינגער (און אויב איהר האָט ניט איז אויך קיין אחריות) און גאַנץ רוהיג און קאַלט ענטפערען.

מען וועט איבערצעהלען...

א בעגייסטערטער, נערוועזער ציוניסט צוטומעלט פון זיין כח הדמיון שרייט מיט שמחה און פּאַטשט מיט די הענד און דער גאַנצער סאָפּ דרעהט זיך און די מאַרדע טרייסעלט זיך.

— איך זעה! איך קוק! איך בעטראַכט ווי אידען האָבען שוין אַ אייגענע רעפּובליק אין ארץ ישראל! דאָס וועט זיין א מוסטער רעפּובליק, די אמת'ע רעפּובליק פון אלע רעפּובליקען, קיין לאַנד אין דער וועלט וועט זיך ניט קענען גלייכען מיט פּאַלעסטינא. די גאַנצע חכמה און וויסענשאַפט און שכל, און מח פון דער מענשהייט וועט זיין אין ציון. די גאַנצע ליעבע פון דער וועלט וועט שוועבען אויפ'ן הר חזתים; די גאַנצע מאָראַל פון דעם ערד קוגעל וועט

שמייכלען אויפ'ן לבנון; די גאנצע פרייהייט פון אלע מדינות וועט מאנצען אויפ'ן כרמל; דאס גאנצע געלד פון די דורות וועט ליעגען אנגעוואליעט נעבען כותל המערבי. אלע מאנסבילען וועלען אקערען די ערד; אלע ווייבער וועלען זעען; אלע מייד־לאך — בראנעווען; אלע אינגעלאך פאשען ציגען און אלע בייבים בליאבען ציגענע מילך, אלע און אלע וועלען דארט סמאטשקען פייגען, קאיען באקסער, גריזשען מאסלינעס, זויגען פאמעראנצען, לוסטשען סטרוסטשעס, פרעגלען אתרוגים און זאגען תהלים א. ז. וו., א. ז. וו.

יא, ווען איהר הערט אומגעפעהר אזא דרשה, אדער אן עהנ־ליכען „ספיטש", טו זאל זיך אייך ניט רונצלען דער שטערען, ניט לויפען די סליונע פון מויל, ווערט ניט אונגעדולדיג. זייט א גע־לאסענער איד און געהט ניט אריין מיט'ן יונגען מאן אין א פלפול. ער איז ניט געפעהרליך, ער מיינט חלילה ניט קיין בעז... ער איז א איד, ער איז אויסען דאס בעסטע נור ער האט איבערגעכאפט די מאס. אגב, האט ער פערגעסען, אז ער רעדט דאס ווענען אידען... טשעפעט איהם ניט, פערלאכט איהם ניט, ער האט א ווארעמע נשמה; ער האט ! ענטפערט איהם נור דעם איינציגען לאגישען ענטפער, פטורט איהם אב מיט'ן אידישען טהעאטער־לשון.

— מען וועט איבערצעהלען...

א נעזונד איז אט דעם דאזיגען „מען וועט איבערצעהלען". ער ראטעוועט מענשען.

# זאלץ.

ניט נור ק ע ן מען פון זאלץ אליין קיין מאלצייט ניט מאַ־כען, נור אביסעל „שארפליך זאלץ", אביסעל איבער געזאלצען און מען קען שוין דאס עסענווארג אין מויל ניט נעהמען. מען מוז דאס פשוט ארויסווארפען און די גמרא זאגט, אז מען מעג אפילו דער־פאר אב'גט'ן די פלוגית'טע.

ניט זעלטען טרעפט דאס, וואס בלויז איין ביסעלע זאלץ וויע־דער ראטעוועט א מעלער יויך און די זעלבינע זאך, וואס איז פריהער געווען ניט „מיט אלעמען", עפעס „ניט דאס", ווערט נאר פלוצלינג א „מחיה". אז עס „שמעקט אן א מענשען".

וואס איז דא איינענטליך געשעהן? וואס איז עפעס מיט איין מאל געווארען?

אביסעל זאלץ.

א בהמה ארט ניט, י א זאלץ, ב י ט זאלץ, זי קאיט, זי טשאמקעט"...

פיר א בהמה איז גראז א מאכל, זי געהט אום אין פעלד און ארבייט מיט דער צונג, מיט די צייהנער און מיט די מארדע, זי דארף ניט קיין זאלץ, א מענש אבער האט ליעב א בכבוד'ען טע־לער זופ ריכטיג געזאלצען, ער זאל דערפון הנאה האבען.

דאך כאטש זאלץ גיט אריין אזא זעלטענעם טעם אין אן עסענ־ווארג און פעררייכט דעם געשמאק פון מאנכע געריכטען אויף פולע הונדערט פראצענט, איז דאס פון דעסטוועגען פיר זיך גופא ניט פון די געהויבענע זאכען. מיט זאלץ אליין קען מען קיין מאכל ניט מאכען, אין אט דעם האזענען זינען איז טהייערער איין איינ־ציגער בייגעל ווי א גאנצער זעקעל זאלץ.

מען טאָר אָבער אויף איין מינוט ניט פערגעסען, דאָס זאַלץ איז פון דעסטוועגען ניט קיין קלייניגקייט. אמת, עס איז ניט פון די געהויבענע זאַכען. פונקט ווי דער מענש, קומט דאָס פון דער ערד. דאָס ווערט געגראָבען, אָדער געהאַקט פון זאַלץ־בערג, פונקט ווי שטיין־קוילען, אָדער אייזען, אָדער דאָס ווערט צונויף גע־שמאָלצען, פון אזא מין געזאַלצענעם וואסער, וואָס קוועלט געזאַל־צען פון דער ערד.

דאָס ווייזט געוועהנליך, אַז גוטע זאַכען קומען נ י ט פון א ו י ב ע ן, אָפט געפינען זיי זיך גראַד דאָרט וואו מען טרעט מיט די פיס...

ניט נור האָט דער מענש אליין הנאה פון אַן עסען ריכטיג גע־זילצען, נור אפילו כביכול גאָט וויל אויך ניט מען זאָל איהם דער־לאַנגען זאַכען אָהן זאַלץ... ער וויל אויך, אַז די געטליכע, די היי־ליגע זאַכען זאָלען האָבען א טעם, א געשמאַק און ניט זיין אַביסעל ניט גוטקייט...

ער האָט אויסדריקליך געזאָגט אין זיין שריפט, „אויף אַלע דיינע קרבנות זאָלסטו ארויף טהאָן זאַלץ". דאָס הייסט אויב דו ווילסט מיר מיט עפּעס טראַקטירען, טו מיהן ניט, אַז דאָס דאַרף קיין טעם ניט האָבען; מייהן ניט, אַז גאָט קען פערדייען אַ פּאָר־ציע נודענים... דיין יעדע אונגעזאַלצענע נשמה־קוואַס... מאַך דאָס, ברודערקע, אַזוי, אַז עס זאָל זיין ניט נור אליין ג ו ט, נור אויך ג ע ש מ א ק... גיעב אין דעם אריין די ריכטיגע מאָס זאַלץ. דאָס זאָל האָבען דעם ריכטיגען טעם, און ניט זיין סתם האָר־ציגע בולבע־וואַסער, גייסטיגע „מיט אחרונים", געפּיהלען־טיראַ־וועטקע, מצוה־גראָז, קדושה־באָטשווינע און הימעל־ברויט־זופּ... דיין גאָטעס דיענסט, דיין מקום קדוש און דיין גאַנצע קדושה טאָר ניט זיין אָהן זאַלץ... מאַך דאָס ווי געהעריג איז, עס זאָל פּאַסען אַלס א געטליכער כיבוד...

זאַלץ איז אַ גרויסע זאַך, און זאָלסט דאָס ניצען!

עס זיינען דאָ א סך גוטע זאַכען, וואָס זיינען נ י ט דערזאַל־צען און זיינען דערפאַר חלשות און א סך גוטע זאַכען וואָס זיינען

ווידער א י ב ע ר געזאָלצען און נודען צום ברעכען... זאלץ איז טאקע אַ נ י צ ל י כ ע , אַ פּ אַ ר ט ר ע פ ל י כ ע זאַך, אָבער דאָס מוז געניצט ווערען מיט דער ריכטיגער פּראָפּאָרציע.

שמינקע גיט מאַנכעס מאָל צו חן צו אַ פּרויען־געזיכט, דאָך ווען איינע ווייס ניט ווי דאָס ריכטיג געברויכען און מאַזשעט אָן די נאָז און די באַקען אומגעלומפּערט, זי, אַזוי צו זאָגען, אִ י ב ע ר ז אָ ל צ ט דאָס, דאַן געהט אָן אַ ברעכען אויף איהר צו קוקען. אַנשטאָט דעם, וואָס זי זאָל אויסזעהן ווי אַ רויז, זעהט זי גאָר אויס ווי אַ „שוואַרץ יאָהר“. איהר וואָלט אַזאַ נקבה ניט אַ קוש געטהאָן אין אַבגעקאָלכטען נעזעל ווען זי זאָל אייך אַפילו צוצאָהלען.

עס איז א י ב ע ר ג ע ז אָ ל צ ע ן , „אין מויל ניט אריינ־צונעהמען“...

מאַנכער פרוי האָט די נאַטור אליין געקריוודעט, זי האָט איהר געזשאָלעוועט אָביסעל מעהר זאַלץ און האָט איהר געמאַכט פיר אַ ניט דערזאָלצענע צאַצקע.

זי האָט דאָכט זיך שעהנע אויגען, אַ שעהנע האַלז, אַ פיינעם נעזעל, שעהנע בעקלאַך און אַ שעהנעם שטערענדעל, דאָכט זיך גוט און וואויל, דאָך האָט די נאַטור אָביסעל „צומישט די יוצרות“, עס זיינען עפּעס די שעהנע, רעגעלמעסיגע גליעדער ניט אויף די ריכ־טיגע ערטער און די פרוי איז אהן חן, אהן זאַלץ...

עטוואָס ענגליכעס טרעפט איהר אויך אָפטמאָל צווישען פּאָ־עזיען און געדיכטע. איהר לעזט מאַנכעס מאָל אַ געדיכט און איהר ווייסט ניט פאַרוואָס דאָס „נעהמט“ אייך ניט. אויפ׳ן קוק דאָכט זי אַ ליעד ווי עס געהער צו זיין. קורצע שורות, גראַמען און גע־שריעבען לויט די דינים פון פּאָעזיע. עס האָלטען אויס די זיל־בען און די קלאַנגען. דאָך רוקט איהר דאָס אין זיך פּ ו נ ק ט ווי שאָלעכטס. ווי הויבעל שפּענער, איהר קאַיט דאָס ווי פּימפּסענ־האָלץ, איהר „טשאַמקעט“ און מוזט דאָס אויסשפּייען.

וואָס מיינט איהר אייגענטליך פעהלט דאָרט?

אָביסעל נשמה־זאַלץ.

ווען דער קריסטליכער געזעץ־געבער האט געוואלט אביסעל אונטער „האצקען", א לויב טהאן זיינע תלמידים האט ער זיי גע־זאגט, אז זיי זיינען „דאס זאלץ פון דער ערד". דאס הייסט, איהר מאכט, אז די וועלט זאל האבען א טעם.

איך וויים ניט, אפשר זיינען קריסטוסעס נאכפאלגער די טעם געבער פון דער מענשהייט, מיר דאכט אבער, אז זיי מאכען שוין די ערד צו געזאלצען... יא, צו שארף זאלץ... און מען וואלט גאר געדארפט האבען אויף זיי א שטיקעל מבול אום זיי אזוי צורעכט צו מאכען, זיי זאלען אין האלז ניט רייסען...

עס זיינען אפילו דא אזעלכע מענשען, וואס קענען זיך בעגעהן גאר אהן זאלץ. זיי פיהלען אין ג י ט דערזאלצענע זאכען מעהר טעם... דאס זיינען בהמה־מענשען, וואס האבען הנאה פון גראז. זיי נודעט קיינמאל ניט, עס פאלט זיי קיינמאל ניט צו קיין חלשות, ווען זיי זאלען אפילו טרינקען ראזשינקעס־וויין, עסען „פעטשיו" און לעזען דעקאדענטישע פאעזיע, אדער „געלע שטי־פעריי"... זיי וועלען זיך אליץ בעלעקען...

מען דארף ניט פערגעסען, אז עס זיינען דא אזעלכע זאכען, וואס זיינען שוין געבארען געזאלצענע, וואס די נאטור האט זיי שוין געזאלצען, כדי מען זאל זיי געברויכען ווי זיי זיינען. און עס זיינען ווידער דא אזעלכע זאכען, וואס זיי וועט שוין ניט העלפען קיין זאלץ, אפילו קיין פעפער און קיין אנדערע געווירצען אויך ניט. דאס זיינען פשוט פערפוילטע, צוגעשטאקטע, פער'עפוש'טע זאכען, וואס מוזען נור ווערען ארויסגעווארפען. אומזיסט וועט מען זיך נור בעמיהען זיי צו זאלצען, ארויסגעווארפענע ארבייט ! זיי טויגען אויף כפרות, סם המות, ניט צו געברויכען... !

נעהמט למשל איצט און הייבט אן איינצופיהרען די סיסטעם פון אמאליגע קנעכטשאפט, וואס האט געהערשט מיט טויזענדע יאהרען צוריק, הייבט דאס אפילו אן איינצופיהרען אזוי, אז דער קנעכט זאל האבען כמעט דאס זעלבע רעכט ווי זיין בעל הבית, פראבירט אדרבא אריין צו געבען אין אט דער דאזיגער סיסטעם זאלץ זי זאל האבען א טעם, וועט איהר דאך באלד אויסגעפינען,

אַז מען וועט אייך אויספייפען. דאָס זעלביגע איז מיט אַלטע אויסגעלעבטע רעליגיאָנען און פערשימעלטע מנהגים, וואָס מען קען שוין מעהר מיט זאַלץ ניט ראַטעווען...

איך האָב אַמאָל געהערט א רעדנער, ער איז געשטאַנען אויף דער פּלאַטפאָרמע און זיך געריסען. איך האָב געהערט און געזעהן ווי ער שפּייט מיט פייער און ווארפט מיט פראַזען ווי מיט באָמבעס. ווי ער מאַכט מיט די הענד און גלאָצט מיט די אויגען, שפּרינגט מיט די פיס און קנאַקט מיט די פינגער און דער עולם זיצט פון דעסטוועגען און גענעצט. זיינע ארגומענטען זיינען אפילו ניט גאָר אין גאַנצען שלעכט געווען. מיט אביסעל מעהר חן וואָלטען זיינע מינעס, זיין מאַכענים מיט די הענד, ווארפענים מיט'ן קאָפּ, גלאָצענים מיט די אויגען, שאָקלענים מיט די אויערען און קרימענים מיט דער נאָז גאַנץ גוט צוניץ געקומען צו דער דרשה. זיי וואָלטען געהאַט ניט קיין שלעכטען עפעקט אויף זיינע צוהערער.

אין זיין פּאָרטראָג האָט אָבער געפעהלט זאַלץ. זיינע אַלע „זשעסטיקולאַציעס", ס'הייסט תנועות זיינען געווען אַמאָל נ י ט דערזאַלצען. אַמאָל א י ב ע ר ג ע ז א ל צ ע ן, אָבער קיינמאָל ניט אין פּראָפּאָרציע, און עס האָט אָנגענומען א בעזער עקעל איהם צו הערען. ער האָט געהאַט א טעם ווי א „יעלה ויבא" אין א פארעווען מיטוואָך און די וואָס האָבען סתם פערלאָזען דעם זאַל האָבען דאָס געטהאָן, אום ניט צו הערען ווי דער רעדנער פּלוידערט און אום ניט צו זעהן ווי ער „קידעט" זיך, ווארפט זיך און צאַפּעלט זיך ווי א קרחת.

דאָס איז געווען א מין רעדע אין וועלכער חאָס זאַלץ איז ניט געווען אין דער מאָס.

זאָגען א וויץ איז זעהר א דאַנקבאַרע זאַך, דאָך האַלטען אין איין ווארפען מיט וויצען, גלייכווערטלאַך און חכמות'לאַך ווי א ציג מיט... פערל איז אַז אונזין און עס ווערט איבערדריסיג, פּונקט ווי זאָגען א גאַנצען „במה מדליקין". דאָס זיינען איבערגעזאַלצענע זאַכען און זיינען ווערט א זעץ אַז דר'ערד.

וויצען זיינען די בליצען פון געדאנקען און עס בליצט ניט שטענדיג אין מח, פונקט ווי עס בליצט ניט שטענדיג אין די וואל־קען. גוטע זאכען זיינען קיינמאל ניט איבערגעזאלצען, זיי זיינען ריכטיג, אין מאס.

מאנכע מענשען זאלצען איבער זייער ליעבע, מאנכע — זייער האס; מאנכע — זייער פרומקייט; מאנכע — זייער אידעאליזם א. אז. וו.

מאנכע פרויען האבען ליעב זיך איינצוזאלצען אין ציערונג, זיי זאלצען זיך אזוי איין אין דימענטען, און פערשיעדענע טהייע־רע עדעל שטיינער, אז אין פערגלייך מיט זייער ציערונג זיינען זיי גופא ניט ווערטה קיין שמעק טאבאק.

די ביבעל דערצעהלט א מעשה, דאס ווען לוט (א לייבליכער אנשיקענים פון אברהם אבינו), איז אנטלאפען פון סדום, אויף וועלכער גאט האט אנגעשיקט אן איבערקערענים, האט לוט'ס „אידענע". ס'הייסט מאדאם לוט געכאפט א קוק הינטער ארום און איז דערפאר געווארען א שטיק זאלץ.

איך מאטער זיך צייט יאהרען צו פערשטעהן פארוואס „מי־סעס" לוט איז דוקא געווארען א שטיק זאלץ און קיין שטיק... אנדער זאך. יא, וואס עפעס נור א שטיק זאלץ?

נור ווי איך פערשטעה איז אט וואס.

לוט איז געווען א מענש, ווי דער חומש דערצעהלט, וואס האט ליעב געהאט משקה... האט איהם גאט געגעבען א געזאלצענע פלוניתטע כדי עס זאל איהם דורשטען...

ווי די זאך איז, זאלץ איז אן ענין, וואס זאזט זיך ניט אוועק מאכען מיט דער האנד און אפטמאל לאזט זיך איבער דעם עטוואס זאגען.

# א נאַרישע מלחמה.

דער פריהלינג איז שוין דא און אונזערע פערזאָרגער האבען אונז גענומען ווארנען בעצייטענס פיר דעם געפעהרליכען שונא — די פליעג.

„צום קריעג מיט דער פליעג״ !

דאס איז דער אינהאלט פון מאנכע ארטיקלען אין צייטונגען און זשורנאַלען. דאָקטוירים און וויסענשאפטס מענער הייסען זיך דעם עולם היטען פאר דער פליעג, וואס איז די פערשפרייטערין פון קראַנקהייט.

און ווי ווייט דאָקטוירים ווילען, אז מיר זאָלען ניט קריינקען, זאָל אייך דער גבאי זאָגען !...

די בעטרעפענדע ארטיקלען דערמאָהנען אונז, אז דער זומער נעהט. ער קומט און מיט איהם קומט אויך די געפעהרליכע מלאך המות'טע די פליעג, וואס האט זיך אַנגעזעצט אויף אונזער אָרעמען לעבען...

שעהן איז ווי די צייטונגען דרוקען פאָטאגראַפיעס פון דער ימח שמו'ניצע די פליעג. זיי פערגרעסערען א מיליאָן מאָל איהרע פיס, איהר מויל, איהרע אויגען און אויערען. עס נעהמט פשוט אַן א מורא אויף איהר צו קוקען. א מין איוואַן גראָזני...

איבערהויפט וועקען אונזערע צייטונגען די פרויען, די באַלעבאָסטעס, זיי זאָלען זיין גרייט צום שטרייט מיט דער קליינער הוזשערין די פליעג, וויל זי טראגט אין איהרע טל ומטר־פליעגעלאַך די זריעה פון פערשיעדענע קראַנקהייטען, וואס זי לאַדעוועט נאָכלעסיג אב ביי אונז אויפ'ן פנים.

מלחמה מיט א פליעג !

עס איז אבער פערפאלען. די פליעג איז דאך אונזער ערג־סטער הויז־פיינד: דער געפעהרליכסטער קוואַרטיראַנט אין די הייסע זומער חדשים און מיר מוזען זעהן איהר צו מאַכען מיט א קאַפּ קירצער. יאַ, זעהן בעצייטענס, ווען נים איז א מאוס'קייט

אמת, מען הרג'עט ניט קיין פליעג מיט א רעוואָלווער אָדער שווערד. פּיעל שוואַכערע כלי זין זיינען גוט גענוג, דאך גאַנץ לייכט פון דער פליעג פּטור צו ווערען איז דאס דאך ניט, זי דערגעהט די יאַהרען.

א דאַנק איהר קליינינקייט און פלינקייט איז זי אין א רגע פול אומעטום. זי בייסט און אַנטלויפט, בייסט און טראַגט זיך אַב, בייסט און מאַכט א ויברח, בייסט און „מאַכט פליטה" און דו קענסט זיך פון איהר ניט בעפרייען, ווייל יעדע רגע קומט זי ווידער.

איהר ביס איז אפילו ווי מען זאָגט „קיין מעשה ניט", עס איז אבער ניט אנגענעהם, עס דאַקוטשעט.

צוליעב דער פּאַסקודנער פליעג גיט מען מאַנכעס מאָל זיך אליין א פּאַטש אין באַק. מען מיינט דאס צו ממית'ן די פליעג, וואס שטעהט דאָרט און בייסט, אבער ווי גיך מען הויבט אויף די האַנד איהר צו „דערלאַנגען" איז זי שוין ניט קיין היגע און מען פּאַטשט זיך אליין אין פּנים.

די פליעג איז אזא פּאַסקודניצע, דערצעהלען די צייטונגען, וואס טומעלט זיך אין שמוץ און אונצוכט במחילה, און „פּרוכ־פּערט" זיך נאַכדעם ביי אונז אויף דער נאָז, אָדער אויף דער פּאַ־טילניצע.

א חוצפה דאס איז פון א פליעג!

ווי געזאָגט, איז דאס אפילו ניט קיין אנגענעהמע מלאכה פיר א מענשען זיך צו ראַנגלען מיט א פליעג, עס איז עפּעס סתם ניט שעהן, אבער וואס קען דאס העלפען? אז מען מוז, מ ו ז מען, און איך גרייזעל שוין די פויסטען אויף דער שמוציגער פליעג.

כאַפּט איהר דער קאַדעק! זאָל זי וויסען, די שטיק בראך, אז א פליעג דאַרף ניט וואַגען זיך טשעפּען מיט א מענשען!...

יאַ, איך מוסטיר זיך צו דער מלחמה מיט דער פליעג, אַבער איך מוז געשטעהן די וואהרהייט. אַז עס עקעלט מיך, איך שעהם זיך פיר זיך אליין און אַ בייזער, אַבשטויסענדער געפיהל שלאָגט מיר צום האַרצען...

וואָס זאָל מען אָבער טהאָן. אַז אין דער זונדיגער וועלט איז מען לײדער געצוואונגען צו האַלטען מלחמה מיט פליעגען...

עס קומט אײן לעבען זעלטען ווען עס איז די געלעגענהײט זיך צו שלאָגען מיט אַן אַדלער, אַ קאָנדאָר, אַ לייב, אַ טיגער אָדער אַן אַנדער שטאַרקע חיה ווייל דאָס רוב דרעהען זיך אַרום אונז קליי־נע פּאַסקודנע ברואים...

דאָ טומלען זיך מעהרסטענס פליעגען, זשוקעס, גרילען, קאָ־מאַרעס און אַנדערע עקעלהאַפטע אינזעקטען. און עס קען ניט העלפען, מען איז מאַנכעס מאָל געצוואונגען זיך מיט זיי צו „פער־הערען". זיי דאַקוטשען, דערעסען, פערפּאַטשקען דיר די נאָז, קרי־כען אַריין אין אַן אויער, כאַפּען זיך אַריין אין אַרבעל א. ז. וו.

אויף אונזערע שכנים, די מיט־בירגער אונזערע די אומות העולם קען אפשר די מלחמה מיט אַ פליעג מאַכען אַן ערגערען איינ־דרוק. זיי זיינען זיך געוואוינט צו שלאָגען מיט זייער גלייכען. „אָדער דו מ י ר , אָדער איך ד י ר !"

מיט אונז אידען אָבער איז אַן אַנדער זאַך.

גענען די ווילדע חיות, די בלוטיגע בעסטיעס, וואָס האַלטען אויסגעשטעלט אויף אונז זייערע שפּיציגע צייהן און ברומען און ריטשען אונז צו פערצוקען, יאַ, גענען אונזערע דם שונאים קענען מיר זיך לײדער ניט שטעלען. האָבען מיר קיין כח ניט, פיהרען מיר מלחמה מיט פליעגען, מעהרסטענס מיט אונזערע א י י ג ע־נ ע פליעגען פון דער אידישער גאַס... אמת, עס איז חלשות, שטאַרק חלשות, מיר טהוען דאָס אָבער לײדער איבער גוואַלד.

דאָס איז אַלץ גערעדט פעליטאָן־מעסיג, האַלב אין שפּאַס און האַלב ערנסט. אין גרונט גענומען אָבער איז אָט וואָס:

האָבען מיר שוין טאַקע אין אונזער וועלטעל, דורך די זומער־

חדשים, פונקט ווי דורך די ווינטער מאָנאַטען, ווירקליך ניט קיין גרעסערען שונא ווי די קליינע, שוואכע, רגע־דויערענדע פליעג ?

איז טאַקע די פליעג אונזער יערגסטער קוואַרטיראַנט, אונזער איינציגער טויט־מאַכער און פערניכטער ?

לעבערליך !

פיעל גרעסערע, שטאַרקערע, ווילדערע און געפעהרליכערע שונאים לויערען אויף דער אַרעמער מענשהייט דורך די ברענענדיגע, שטיקענדיגע זומער־חדשים אין דער בעזונגענער און בעקלונגענער אַמעריקאַ.

פיעל געפעהרליכערע פערגיפטער און פערניכטער דראהען אונז אין הויז, אין גאַס און אין „שאַפּ“, די גאַנצע צייט פון דעם בעזען „סוועטער“. דעם שוויץ־בעל הבית — דעם זומער.

און אַט די אמת'ע אויסגעשפּראָכענע שונאים אונזערע קען מען מיט פליעגען־פּאַפּיער, אָדער מיט פליעגען־פּולווער ניט טויטען.

ניין !

זיי זיינען שטאַרק, צופיעל איינגע'עקשנ'ט צו־טיעף איינגעוואָרצעלט מיט זייערע בלוטיגע נעגעל אין דעם גזעזעלשאַפטליכען קערפּער, אין איהר לייב און לעבען.

פיעל שטאַרקערע כלי זין, ווי די פריהער דערמאָנטע, פיעל מעכטיגערע וואַפען דאַרף מען אונזערע אַפּענע, אַנערקענטע פיינד אונשעדליך צו מאַכען.

אונזערע ערגסטע, ביטערסטע, אונוויעדער־שטעהליכסטע דם שונאים אין זומער זיינען די פערפּעסטעטע, באַצילען־פולע, מי־קראָבען־געפּאַקטע, כאָלעריע אָטהעמענדע, לייב און גייסט טויטענדע „טענעמענט“־הייזער פון די אָרעמע גאַסען !

זיי זויגען אויס דאָס אָרעמע ביסעל בלוט ביי די בלייכע אַרבייטער־פרויען, די מוטערס און ווירטהינס אונזערע, און זיי פערמעהרען די פריהצייטיגע קברים פון אונזערע יונגע קינדער.

אונזערע געפעהרליכע געגנער, די שונאים פון אונזער לעבען, וואָס לאָזען אונז ניט לייכטען די אויגען אין קאָפּ. זיינען די בלוט־

זויגענדע, מענשען־פלייש פרעסענדע, נשמות פערניכטענדע, מאָ־סענמאָרד פערברייטענדע, פינסטערע קריזיסען ברענגענדע טראָסטס.

אונזערע אמת׳ע רויבער און פערניכטער, די קראַנק־מאַכער פון די אידישע ארבייטער און פעדלער, און סתם אָרעמע לייט פון אונ־זערע פערשטיקטע, איבער־פילטע, אונריינע גאַסען זיינען ליידער שוין גאר ניט קיין פליעגען, זיי זיינען שפינען, יאָ, שפינען, וואָס זויגען אויס דאָס בלוט פון די אונבעהאָלפענע, אונגליקליכע פליע־גען...

בלוט־פיינד זיינען אויך די קאָרופטע, אונזערע געמיינע פאָלי־טישענס, וואָס שווינדלען ארום די עהרליכע, אידישע שטימען אין דער צייט פון די וואהלען און גיבען איבער דאָס פאָלק אין די אונ־ריינע בלוטיגע נעגעל פון פאָלקס־רויבער, פאָלקס־גזלנים.

אונזערע ברוטאַלע אנגרייפער זומער און ווינטער זיינען די אזוי גערופענע „דזשינגאָס", די מלחמה פריידיגער, וואָס זוכען אריינצושלעפען דאָס לאַנד אין אַ שוידערליכע מלחמה.

האָבען זיך גראַד אָנגעטשעפּעט אַן דער פליעג. אַז זי איז אונזער גרעסטער שונא! זיי ווייזען אונז אַן די פ ל י ע ג, כדי מיר זאָלען נ י ט זעהן דעם ע ל ע פ א נ ט.

מען קען ניט זאָגען, אַז די פליעג איז אַ געווינשטער שטוב־פריינד. אַז זי שאַפט אונז פערגעניגען קריכענדיג אונז צופיעל אין די אויגען, אין די זופ און די קאָפּע, זיך טומלענדיג אויף אונזער ברויט און אונזער צוקער...

דאָך ווען די פליעג וואָלט געווען אונזער ערגסטער שונא וואָל־טען מיר ניט נעהאַט וואָס זיך צו בעקלאָגען.

לאָזט אונז די פליעג און נעהמט זיך צום טיגער!... מיט דער פליעג וועלען מיר שוין ווי עס איז פערטיג ווערען. די פליעג וואָלטען מיר געקענט פער׳סמ׳ען, ווען די פליעגען־סם־המות, וואָס מען קויפט אין די אַפּטייקען וואָלט טאַקע געווען סם און ניט קיין מים אחרונים. מיר לעבען אָבער אין אַ פאַלשע וועלט. אזוי ווי אונזערע „יין גפן" איז ניט קיין „יין" און מען טאָר דערויף ניט מאַכען קיין ברכה „בורא פרי הגפן", ווייל דאָס וועט זיין אַ ברכה

לבטלה, פונקט אזוי איז די סם המות ניט קיין גיפט און אונזערע פליעגען זיצען אויף „סם המות“ און קינדלען זיך גאנץ געמיטליך און דערגעהן אונז די יאהרען.

מאנכעס מאל ווער איך ערנסט פערטראכט וועגען די פאסקודנע פליעגען. וואס טומלען זיך ארום אונז...

מלחמה מיט א פליעג!

פוי! א נאישע מלחמה...

# פּאָעזיע און פּאָעטען.

די וועלט האט א פאלשען בעגריעף וועגען פּאָעטען. זי מיינט, אז ביי יעדער געלעגענהייט קען א פּאָעט נעהמען ווארפען מיט גראַמען : אז פון יעדע זאך קען א פּאָעט „מאַכען א ליעד“.

די וועלט ווייס ניט, אז דער פּאָעט „מאַכט“ ניט קיין ליעד ביז ער איז דערצו געשטימט: יאָ, ביז ער איז ווי דער ענגלישמאן זאגט „גוט און פערטיג“.

מאנכעס מאָל ווערט דער פּאָעט בעגייסטערט פון א געשעהעניש טאקע באלד אויף אן אָרט.

מאנכעס מאָל קומט דאָס צו איהם אין א צייט ארום און מאנכעס מאָל לאָזען איהם די גרעסטע געשעהענישען גאַנץ פּאסיוו זיי רופען ניט ארוים קיין קלאַנגען ביי איהם אין דער זעעלע. עס איז ווי א שטיין, וואָס פאלט אריין אין טייך און לאָזט ניט נאך זיך קיין רעדלאַך אין וואסער, ער פאלט אריין און ווערט פערשלאָנגען און שאַ.

צו מעהרסטען פּאסירט דאָס מיט גאר גרויסע פּאסירונגען. זיי זיינען צו שרעקליך, צו גרוים, צו געוואלדיג מען זאָל זיי קענען אויף דער „הייסער מינוט“ פּאָעטיש בעארבייטען.

אַלס בעווייז דערצו קען אונז דיענען די איצטיגע מלחמה אין אייראָפּאַ. וועלכע איז די גרעסטע אין דער וועלט געשיכטע.

מאנכע צייטונגען און זשורנאַלען וואונדערען זיך וואָס אזא מורא'דיגער קריעג, וועלכער געדויערט שוין אַ יאָהר אין א האלב האט נאך אין דער גאנצער וועלט ניט ארויסגערופען קיין איין שטארקעס געדיכט, וואָס זאָל שילדערען די שוידערס פון די שלאַכטפעלדער, די הריגות אויף ים און יבשה, און אין די וואָלקענס. עס

ערשיינט פון צייט צו צייט דא און דארט א מיטעלמעסיגעס ליעד וועגען דער מלחמה. עס מאכט קיין רושם, עס פערדיענט קיין ערנ־סטע בעטראכטונג. עס איז נאטירליך אונמעגליך, אז אזא מלחמה זאל נים לאזען נאך זיך קיין פאעטישע סמנים, פאעטען וועלען גע־ווים שרייבען געדיכטע, ערצעהלונגען און דראמען אין שייכות מיט'ן דערמאנטען קריעג, אבער דאס וועט ערשט געשעהן מיט יאהרען שפעטער. די דיכטער וואס לעבען איצט וועלען עס אפשר גאר ניט קענען טהאן.

די מלחמה האט צומישט דעם דיכטער'ס הארץ און זי קען ניט שפיעלען. עס איז פונקט ווי מען פאקט אן א פושקע א פולע מיט מטבעות קלינגט זי מעהר ניט. אום די מטבעות זאלען זיך לאזען הערען טאר מען זי ניט צופיעל אנפאקען.

ווערען בעגייסטערט באלד אויף אן ארט פון א געווייסע פאסירונג און גלייך נעהמען זינגען וועגען איהר, האבען ווי עס שיינט נור געקענט די פאעטען פון פערצייטען.

עס איז געווען אמאל א צייט ביי די אלטע פעלקער ווען עס האבען זיך געפונען וואנדערענדע דיכטער, אדער טרובאדורען, מי־נעזינגער וואס פלעגט געהן, רייטען אדער פאהרען פון ארט צו ארט זינגען ליעדער און זי אליין בעגלייטען אויף א הארף אדער לירע. אט די דאזיגע מינענזינגער האבען געהאט בכח באלד אויף אן ארט צו אימפראוויזירען זייערע ליעדער. ווען זיי פלעגען קומען צו א קעניג, אדער סתם צו א גרויסען שררה פלעגען זיי דארט גלייך נעהמען זינגען ליעדער, וואס זיי פלעגען לכבוד דער געלעגענהייט אין דער מינוט פערפאסען. און זעהר שעהנע ליעדער זיינען דאס געווען.

מיר אידען האבען ניט געהאט קיין טרובאדורען דערפאר אבער האבען מיר געהאט בדחנים, וואס האבען געקענט דיר־ניט מיר־ניט נעהמען וואַרפען מיט גראמען. א חתונה, א ברית, א בר מצוה, א סיום התורה, א קנס מאהל, אדער אן אנדער שמחה האט שטענדיג געפונען דעם בדחן אויפגעלעגט צו זאגען גראמען. אמת, אונזערע בדחנים זיינען ניט געשטאנען אויף א הויכע פאעטישע מדרגה

ווי מאַנכע פון די טרובאַדורען, וועלכע זיינען ווירקליך געווען זשעניען.

מען בעהויפּטעט אפילו, אַז האָמער, דער פּאָטער פון די אַלטע גריכישע פּאָעמען איז אויך געווען אַזאַ וואונדערבארער משורר. מען בעהויפּטעט, אַז ער איז געווען אַ בלינדער און האָט געשפּיעלט אויף אַ האַרפּע און אימפּראָוויזירט, געזאָגט אויף אויסווייניג זיינע ליעדער, וואָס פלעגען ביי איהם אויף דער מינוט געבאָרען ווערען. מען זאָגט, דאָס אויף אַזאַ שטייגער האָט ער בעשאַפען זיין אונשטערבליכעס ווערק די „אָדיסייע“.

סיי ווי סיי, די טרובאַדורען, אָדער מינענזינגער פון פערצייטען זיינען געווען בעגייסטערטע דיכטער, ערנסט אין זייער הימלישע קונסט, וועהרענד אונזערע בדחנים, אָדער מאַרשעלאָקס פלעגען זיין אין אַ געוויסען זינן שפּאַס מאַכער, שטיקלאַך קאָמעדיאַנטען. זיי פלעגען דאַרפען קענען דרעהען די יאַרמולקע אויפ'ן פינגער און מאַנכע פלעגען אפילו ציהען בענדלאַך פון נאָז, שלינגען הייסע קוילען און מאַכען עהנליכע קונצען.

דיכטער אָבער ווי מיר פערשטעהען זיי איצט זיינען ניט גערעכנט געווען און אין בדחנים געווען ניט. זיי קענען אויף דער „הייסער מינוט“ קיין ווערטהפולע זאַכען ניט דיכטען. זיי זיינען אַנגעוויעזען אויף נשמה קאַפּריזען, אויף דער גוטער לוינע פון דער מוזע, די געטין פון פּאָעזיע, ווען זי וועט זיין אויפגעלייגט דעם דיכטער צו בעגייסטערען. די מוזע וויעדער איילט זיך איצט ניט צו בעזוכען די דיכטער, ווייל זי וויים, אַז די וועלט איז ניט פּאָעטיש געשטימט, און זי קוקט מעהר אויף מאָדיסטען פון טשעפּקעס ווי אויף אַ פּאָעט. און אַ פּראַצענטניק איז מעהר יחסן ווי אַ דיכטער. אַמאָל איז דאָס פּאָזיטיוו אַנדערש געווען, אויף דעם זאָגט אונז עדות די געשיכטע.

מען קען מאַנכעס מאָל הערען ווי מען זאָגט צו דיכטער: „נו, איצט וועט איהר האָבען פון וואָס צו מאַכען אַ געדיכט“, אָדער „איך מאַך אַ וועט, אַז איהר האָט שוין עפּעס געמאַכט, מאָרגען וועט דאָס זיין אין צייטונג“...

געוועהנליך, זיינען דאס טענות פון עמי הארצים, פון איגנא־ראנטען. וואס וויסען ניט וואס דאס הייסט אזויגס א דיכטער, אדער פאעזיע, וואס מיינען, אז א פאעט איז א בדחן, וואס קוים הייסט די כלה שאשע האט ער שוין א בינטעל גראמען ווי „יאשע", „דרשה", נישט קשה", „קאלאשע" א. ז. וו. און טאמער הייסט זי יענטע. איז אויך קיין אחריות, דאן גראמט ער איהר מיט „פענ־טע", „ליענטע". „פערברענטע", „ווענט עה" א. ז. וו.

די וועלט, די פראסטע, וואכעדיגע וועלט פערשטעהט ניט דעם פאעט, קען ניט זיין נשמה, האט ניט דעם מינדעסטען בעגריעף ווי זיינע גייסטיגע זאכען ווערען געבארען אזו הייבט ניט אן צו ווי־סען ווי די דאזיגע זאכען צו געניסען. דען געניסען פאעזיע דארף מען אויך קענען. מאנכע מיינען, אז די גאנצע פאעזיע ליעגט אין גראם. קוים איז דאס ניט געגראמט איז דאס ניט קיין פאעזיע. דעם עם הארץ וויים ניט, אז תהלים, שיר השירים, „אז ישיר", „האזינו", איוב און ישעיה זיינען ניט געגראמט און זיינען דאך די גרעסטע פאעזיען פון דער וועלט.

מאנכע ווידער מיינען, אז פאעזיע דארף מען ניט קענען פער־שטעהן. עס דארף זיין לויטער סתרי תורה, אז מען טאר א ווארט ניט פערשטעהן, אז וואס מעהר אנגעפינטעלט און אנגעבאלע־באטשעט איז בעסער. דערפאר נעהמט זיך דאס אויך, וואס עמי הארצים אהן א פונק טאלאנט און אהן וויסען נעהמען זיך ביי אונז אידען „מאכען" ליעדער, דערפון האבען זיך אויך ביי אונז גענו־מען די אזוי גערופענע דעקאדענטען, אדער „אימפרעסיאניסטען".

עס וועט אויך זיין ניט אויסען וועג, ריידענדיג וועגען פאעזיע און פאעטען, צו דערמאהנען דעם פאקט, דאס דיכטער פון אלע לענדער און אלע צייטען האבען זעהר וועניג נעזונגען וועגען זייער נאהענטער משפחה, וועגען זייערע עלטערען, זייערע שוועסטער און ברידער, אדער זייערע קינדער, העכסטענס אפשר נור האבען מאנכע פאעטען געווידמעט איינינע פערזען זייערע אייגענע פרויען. דאס רוב האבען זיי, זינגענדיג פון ליעבע, געהאט אין זינען אנדערע פרויען און מיידלאך, פרעמדע, ניט זייער אייגענע.

דאָס איז אַ פאַקט וואָס פערדיענט בעמערקט צו ווערען

איך נעהם זיך ניט אונטער צו ערקלעהרען פאַרוואָס דאָס איז אַזוי. דאָס ליעגט פיעל צו טיעף און צו הויך פאַר מיין פערשטענדניס. דאָס איז אַ פּסיכאָלאָגישער סוד, וואָס פּסיכאָלאָגען אפשר פערשטעהען.

אַ מיינונג אָבער וועל איך זיך ערלויבען צו זאָגען. מעגליך, אַז דעם דיכטער'ס גלייכגילטיגקייט צו זיינע אייגענע, צו די מיטגליעדער פון זיין אייגען הויז, קומט דערפון, וואָס דער דיכטער ווערט אין זיך אייגען הויז פון זיין אייגענער פאַמיליע צום קנאַפּסטען פערשטאַנען און דאָרום אויך צום קנאַפּסטען פערעהרליכט. דאָס דער גרויסער רוסישער דיכטער טאָלסטאָי איז צום קנאַפּסטען פערשטאַנען געוואָרען פון זיין פרוי און פון זיינע קינדער, איז אַ גוט בעקאַנטער פאַקט, וואָס איז בעוואוסט צו דער גאַנצער ציווילירטער מענשהייט. און דער רוסישער זשעניע איז אין דעם פּרט ניט געווען קיין בן יחיד.

די שעהנסטע ליעדער וואָס דיכטער האָבען געשריבען וועגען זייערע אייגענע פרויען, אַז וועלכע איך קען זיך דערמאָהנען, זיינען די ליעדער פון דעם ענגלישען פּאָעט לאָריעט וויליאַם וואָדסוואָרט און דער אַמעריקאַנישער דיכטער עדגאַר אַלען פּאָו. דער ענגלישער דיכטער שעלי האָט אויך געשריבען אַ קורצעס געדיכט פון עטליכע שורות צו זיין פרוי מעררי שעלי. ער האָט אויך איינינע שורות אויף זיינעם אַ געשטאָרבענעם קינד. היינריך היינע האָט געווידמעט אַ טהייערען סאָנעט־געדיכט צו זיין מוטער, וואָס ער האָט זעהר שטאַרק געליעבט און דער העברעאישער פּאָעט אדם הכהן לעווענזאָהן האָט געשריבען אַ ריהרענדעס געדיכט אויף דעם פריהצייטיגען טויט פון זיין זוהן, דעם העברעאישען משורר מיכה יוסף.

נאָך אַן אורזאַך פאַרוואָס דיכטער זיינען מעהר פערליעבט אין זייער הימלישע בעשעהרטע ווי אין זייער בעשעהרטע אויף דר'ערד בעשטעהט אפשר אויך אין דעם, וואָס די הימלישע בעשעהרט.

דערגעהט זיי ניט אזוי פיעל די יאהרען און שטעלט ניט צו זיי אזוי פיעל פאדערונגען.

די מוזע געהט בארוועס און נאקעט, אהן א הוט און אהן ציע־הונג און מאהנט גאר ניט, אז דער פאעט זאל איהר עפעס קויפען. זי דארף קיין מאל ניט קיין שיך, קיין נייע קליידער אויף יום טוב א. ז. וו. און אזוי ווי דער דיכטער איז געוועהנליך אן ארעמאן, איז דאס טאקע א חשבון און ער ליעבט בעסער די הימעלשע ווי די אירדישע.

פון די אירדישע קינדער זיינע האט אויך דער דיכטער מעהר ערגערנים ווי פון די גייסטיגע. סיידען ער איז א דעקאדענט און זיי־נע ליעדער זיינען גייסטיגע קונדסים, נשמה־ממזרים, געגראמטע יונגאטשעס, פאעטישע קריפעלס, זיי האבען קרומע „פיס“. זאהי־קען זיך, זיינען סתם קאליקע און מיאוס׳ע פאסקודניאקעס. דאן, נאטירליך, האט ער פון זיינע „הימעלשע“ קינדער ניט קיין נחת און עס איז איהם ניט צו וואויל“...

# ספר און סידור.

דער בלינדער מכשף־פאָעט פון מדין האָט געוואוסט וואָס ער רעדט וועגען אידען.

אָט וואָס ער האָט געזאָגט: „הן עם לבדד ישכון ובגוים לא יתחשב“. דאָס הייסט אין מאמע־לשון: ער איז אַ פאַר־זיך־פאָלק און האָט מיט די פעלקער ניט קיין שייכות.

יאָ, ער האָט דאָס פערשטאַנען בלעם דער סגי נהור, דער זוהן פון בעור. און פונקט ווי דאַן, אַזוי אויך היינט, איז דער איד אָב־געראַטהען פון אַלע פעלקער. ער איז אייגענטימליך און איז ניט עהנליך צו זיינע ארומיגע שכנים.

אין וועלכען פּרט איהר וועט איהם זוכען צופּאַסען צו אַן אַנדער פאָלק וועט דאָס אַלץ ניט טויגען. ער מאַניפעסטירט זיין אייגענטימליכקייט אויף טויזענד פערשיעדענע וועגען, ער צווינגט אייך צו געשטעהען, אַז ער איז ניט געראַטהען אין קיי־נעם, אַז ער איז איינציג אין זיין שטייגער.

יאָ, דער איד איז איינציג אין זיין פיהלען און דענקען; איינ־ציג אין זיינע פריידען און ליידען; איינציג אין זיין גלויבען און איינציג אין זיינע סימפּאַטהיען און נייגונגען.

מיר וועלען נעהמען אַ פּשוט׳ן ביישפּיעל:

מיר לעבען איצט דורך די שרעקליכע צייט פון דעם גרעסטען קריעג אין דער וועלט־געשיכטע. אַלע צייטונגען רעדען נור וועגען דער מלחמה, וואָס האָט ארומגעכאַפּט מעהר ווי אַ טהייל וועלט.

עס איז הימעל און ערד און שלאַכט. אויף אַלע שפּראַכען דערצעהלט מען די שוידערם פון די שלאַכטפעלדער, די גרוילּיכע

מעשים אין די „טרענטשעס“, און פון די פערניכטונג פון פעל־
קער און לענדער.

און דאך...

עס איז איצט פאר קריסטמעס. איך זיץ און איך לייען אן ענגלישע זונטאגס־בלאט. דאס בלאט האט א ספעציעלע ביילאגע, וואס פערנעהמט פולע דרייסיג זייטען וועגען ביכער, וואס פער־לעגער רעקאמענדירען דעם עולם צו קויפען לכבוד קריסטמעס, אלס קריסטמעס־מתנות און פאר דעם אייגענעם געברויך, פאר זיך אליין צו לעזען.

די ביכער, וואס ווערען אנאנסירט, ארומגערעדט, קריטיקירט און רעקאמענדירט, זיינען פון פערשיעדענע כאראקטערס. פאעזיע, בעלעטריסטיק, רייזע בעשרייבונגען, געשיכטע, וויסענשאפט, קריטיק און פערשיעדענע אנדערע ביכער. ווער קען זיי נאר אויס־רעכענען!

צעהנדליגע נייע ביכער, ספעציעל פאר קינדער, פאעטישע אנ־טהאלאגיעס, ביכער פאר ליעבע, וויץ, הומאר, א. ז. וו.

ווען איהר בלעטערט די צעהנדליגע געדיכט־געדרוקטע בלעטער וועגען ליטעראטור, פערגעסט איהר גאר, אז עס איז דא אזא זאך ווי מלחמה אויף דער וועלט.

און מען מוז מודה זיין, אז די פערלאגס־פירמעס פון די נייע ביכער ווייסען וואס זיי טהוען. זיי געשעפטעווען ניט סתם אין דער וועלט אריין. מן הסתם אז זיי לייגען אריין טויזענדע דאלארס אין ארויסגעבען נייע ביכער און אין אנאנסירען די ביכער, ווייסען זיי, אז עס איז דא א מעגליכקייט די ביכער צו פערקויפען.

מלחמה איז מלחמה און ליטעראטור איז ליטעראטור.

וואס הערט זיך אבער אין דעם פרט מיט אונזערע אידישע אידען, מיט אונזערע אידישע לעזער? וועלכע נייע ביכער ווע־רען ארויסגעגעבען פאר'ן „עם הספר“? וועלכע נייע ביכער, אוי־סער א סידור, א מחזור, א סליחה, א קינה און אן הגדה קויפט א איד?

ווען מען גיט אַ ריכטיגען בליק אויף די גייסטיגע אַרעמקייט פון די אידישע אידען, אויף די ליטעראַרישע אויסצעהרונג פון זייער ביכער־מאַרק, אויף זייערע האַב־רחמנות עטליכע „פערלענער״, מוז מען ליידער צוגעבען, אַז מיר זיינען ניט קיין „עם הספר״, נור אַן „עם הסידור״. דען אַלץ, וואָס אַ אידישער איד דאַרף, איז אַ ס י ד ו ר אָבער נ י ט קיין ס פ ר , ניין! ניט קיין בוך.

רעדט מיט אידישע מוכרי ספרים וועלען זיי אייך זאָגען, אַז די בעסטע אידישע ליטעראַטור פאַר׳ן מאַרק איז אַ סידור, אַ מחזור א. ז. וו.

מען קען ניט זאָגען, אַז די אומות העולם האָבען ניט קיין גע־בעט־ביכער. זיי האָבען פּאָזיטיוו אויך זייערע רעליגיעזע ספרים, אָבער זיי פערבייטען ניט די רעליגיאָנס־ליטעראַטור מיט וועלט־ליטעראַטור, מיט לעבענס־ליטעראַטור. דער קריסט האָט זיין ביבעל, ער האָט אָבער אויך זיין לאָנגפעללאָו, זיין פּאָו, זיין שיללער, זיין היינע, זיין בוירענס, א. ז. וו.

די מלחמה־נייעס איז בלויז אַ צייט־זאַך, אָבער די ליטעראַטור איז אייביג. אַ סידור איז פאַר דאָס ג ע ט ל י כ ע אין מענשען, אַ ליטעראַריש ווערק — פאַר דאָס מ ע נ ש ל י כ ע אין מענשען.

ביידע זיינען עגאַל נויטהיג. מען קען ניט פערבייטען איינע אויף די אַנדערע. די אומות העולם פערשטעהען דאָס; אידען אָבער פערלירען באַלד די קעפּ. אַז מלחמה איז מלחמה, דאַרף מען אַלע אַנדערע זאַכען אויף כפּרות. „איך האָב אידישע צייטונגען. דערצעהלען זיי מיר מלחמה־נייעס און גענוג״. דער איד דאַווענט און לעזט מלחמה־נייעס...

זאָל זיך דיר דאַרט גרינג שלוקערצען אין דיין מדין־אישען גן־עדן, דו אַלטער, בלינדער מכשף! דו האָסט פערשטאָנען די קינדער ישראל אויסגעצייכענט. גערעכט! וואָס אמת איז אמת. זיי זיינען טאַקע אָבגעראַטהען פון אַלעמען און ניט ענליך צו קיין אומה ולשון.

ניט נור דער אידישער לעזער אליין האט א טעות און מיינט, אז ער דארף שוין מעהר ניט קיין ביכער צום לעזען און איז יוצא מיט די געשוואלענע מלחמה־קעפּ פון די בלעטער, נור אפילו די וואכעדיגע זשורנאליסטען גופא מיינען, אז מען דארף שוין ניט מעהר קיין שעהן־שרייבער, קיין טאלאנטען ניט האבען, אז די מלחמה־נייעס און אזוי סתם נייעס האבען בעהערשט די ליטע־ראטור.

די צייט ארבייט פיר זיי; די מלחמה שאפט פון זייערטוועגען, די טעלעגראפישע מאשינען ברענגען פיר זיי יעדע מינוט פארטיגע העלדען־ליעדער: דראמאס; טראגעדיעס, שוידער־סקיצען, הימעל־שרייענדע בילדער און זיי, די וואכעדיגע שרייבער, פערגעסען זיך אין פלוג אז אלץ מיט אן אנדער און מיינען, זיי מאכען דאס אלץ אליין, אז דאס קומט אלץ ביי זיי פון די קעפּ, און זיי האבען אויסגעטראכט א מלחמה און בעארבייטען איהר אזוי, אז דער עולם זאל לעזען.

אין גרונד גענומען דארף מען טאקע איצט קיין טאלאנטען ניט האבען. די טרוקענע, ניט בעפּוצטע דעפּעשען זיינען גוט און אנציהענדיג גענוג, אז מען זאל זיי לייענען.

וועלכען בעטרעף האט די שטארקסטע פּאעזיע געגען דעם קנאל פון הארמאטען? וועלכע פערזען זיינען שארפער ווי שווערדען און וועלבע ערדיכטעטע מורא־בילדער זיינען אזוי שרעקליך ווי די העלישע אימות פון די רויטע שלאכטפעלדער?

דער גאט פון קריעג האט ארויסגעריסען די פעדער פון די גרעסטע ליטעראטען. ער „פאטשקעט" זיך ניט מיט קיין טינט, ער שרייבט מיט בלוט, מארך און טרעהרען. די מענשליכע שפּראך מוז שווייגען ווען הארמאטען ריידען. וואו קען דער קלאנג פון מעטרישע שורות זיך גלייכען צום וואפענקלאנג פון שטרייטענדע שורות פון בלוטיגע באטאליאנען? גאנצע לענדער זיינען אין בית עולם'ס פערוואנדעלט און די טעגליכע פרעסע גיט איבער אין איינפאכע פאקטען ווי דאס ווערט געשעהן.

וועלכער פאעט, וועלכער בעלעטריסט קען דאס בעסער מאכען?

און טאקע נור אין אזא צייט ווערט די אינטעליגענץ פון א פאלק צור פראבע געשטעלט. איינפאכע מענשען מיינען, אז דאס איז אלץ. זייער גאנצער „איך" ווערט אויסגעפילט מיט די געשעהעניש פון דער מינוט. מעהר דארפען זיי ניט. זיי מיינען, אז אום צו זיין אינטעליגענט, בעלעזען, דארף מען נור לייענען. וואס לייענען, ווען לייענען, דאס קימערט זיי ניט. מן הסתם אז מען האט דאס געדרוקט במחילה דארף מען דאס „לעזענען"...

גאנץ אנדערש אבער איז דאס מיט ציוויליזירטע פעלקער...

אבוואהל פראנקרייך איז איינע פון די שטרייטענדע לענדער; אבוואהל דער בלוטיגער קריעג האט פערשלונגען איהרע מיליאנען יונגע לעבענס און ביליאנען פון איהר פינאנציעלען פערמעגען, דאך האט פאריז ניט אויפגעהערט ארויסצוגעבען דער פרויענוועלט איהרע נייעסטע מאדעס אין קליידער און היטלען, און שוכווארג. איהרע זינגער זינגען, איהרע אקטיארען שפיעלען, איהרע מאלער מאלען, איהרע סקולפטארען שניצען קונסטווערק און איהרע פערפאסער און דיכטער מאכען ביכער, און דער עולם לייענט.

אידען זיינען אבער, ווי בלעם האט געזאגט, אנדערש ווי אלע פעלקער. דער רעליגיעזער איד מיינט, אז ער דארף ניט קיין בוך, נור א סידור, און דער פארעווער האלב־געבאקענער אינטעליגענט שלינגט מלחמה־נייעס און ווערגט זיך מיט שונדערוואטע מלחמה־קעפ אין די טעגליכע צייטונגען. מעהר דארף ער ניט האבען.

ביי קריסטען פאר קריסטמעס קויפט מען ביכער און מען שיקט פרעזענטען צו פריינד און משפחה, קיין נפקא מינה אויב עס איז א מלחמה אדער ניט. א איד, אין בעסטען פאל — אפילו אין א צייט פון שלום, ווען עס קומט פאר ימים נוראים אדער פאר פסח— קויפט ער אויף א „פוש קארט" פאר א „ניקעל" א מחזור, אן הגדה און פארטיג.

ער איז אן „עם הסידור", אבער ניט קיין עם הספר, ער דארף ניט קיין ביכער. ער לעזט ניט, ער שלינגט צייטונגס־נייעס און דאווענט...

כאראקטעריסטיש איז נאך א זאך.

ביי די אומות העולם און אפילו ביי אמת געבילדעטע אידען, וואס לעזען א לעבעדיגע שפראך, ווען מען קויפט די ווערק פון א בעוואוסטען שרייבער, מעגען זיי אפילו זיין פערציג בענדער, קויפט מען אלע פערציג.

ווען א ציוויליזירטער מענש זאגט, אז ער האט ביי זיך אין ביכער־שראנק הוגא, באלזאק, דומא, דאדעי, דיקענס, שילער, געטהע, היינע, קערנער, פריטץ רייטער, איבסען א. ז. וו., מיינט עס ניט, אז ער האט בלויז א י י ן בוך פון די דערמאהנטע שרייבער, זאנדערן ער האט דעם שרייבער'ס אלע שאפונגען.

א לעזער וועט ניט זאגען, אז ער לעזט נור היינע'ס בוך „דער ליעדער" און ניט מעהר, ווייל היינע איז בעריהמט געווארען צוליעב זיין בוך דער ליעדער.

ער וועט ניט זאגען אז ער ליעבט נור געטהע'ס „פאוסט" און די איבעריגע איז ער איהם מוחל.

א איד קויפט א י י ן איינציגען בוך פון א פערפאסער און פארטיג. מעהר דארף ער ניט. די איבעריגע ביכער „קריטיקי־רעוועט" ער שוין, די איבעריגע געפעלען איהם שוין ניט... דער שרייבער האט נור פאר איהם א י י ן בוך און ניט מעהר. די איבעריגע „גלייבט" ער ניט...

דער כלל, בלעם איז גערעכט געווען. ער האט אפילו געמעגט זיין א מכשף, א שילטער און א בלינדער דעקאדענט, דעם פאלק ישראל אבער האט ער געקענט אויסגעצייכענט.

האס מערקווירדיגסטע איז אבער וואס אידען שרייען, אז זיי זיינען א פאלק ווי אלע פעלקער...

זאל זיי בלעם ענטפערען!

# פערשיעדענע אַמעריקאַנער אידען.

ציימען בייטען זיך.

אמאָל, גאָר אמאָל פלעגט מען פון איירָאפּא „לויפען“ נאָך אמעריקאַ. און א צייט שפּעטער איז מען „געגאַנגען“ נאָך אמע־ריקאַ און אין אונזערע צייטען „פאָהרט“ מען נאָך אמעריקאַ.

דאָס איז אַן אונטערשיעד אין גאָר אין גאַנצען.

די יעניגע, וואָס זיינען מיט לאַנגע יאָהרען צוריק „אנטלאָפען נאָך אַמעריקאַ“, זיינען שוין כמעט קיינער מעהר ניטאָ, בלויז זייע־רע קינדס־קינדער, זייערע אייניקלאַך און אור־אייניקלאַך שפּיעלען איצט אין אמעריקאַ א ראָלע אָלס רייכע אמעריקאַנער „יאָהודים“, יחסנים.. זיי איז דאָ מעהרסטענס גאַנץ גוט און זיי קוקען ארונ־טער אויף די אָרעמערע אידישע גאַסען מיט א מיקראָסקאָפּ...

די יעניגע וויעדער וואָס זיינען נעבאָך „געגאַנגען נאָך אמע־ריקאַ“, יאָ, געגאַנגען, ווייל דער שיקזאַל און די פערפאָל־גונג האָבען זיי ניט געגעבען אויף הוצאות צו דינגען א פוהר, אָט די דאָזיגע מענשען זיינען נאָך כמעט פאַראַן. א סך פון זיי זיינען נאָך ביי'ם לעבען. זיי זיינען דאָס די פּיאָנערען, וואָס האָבען דאָ אויסגעפּלאַסטעו'ט דעם וועג פון אידישעם וויסען, אידישע זשור־נאַליסטיק, אידישע קונסט און אידישע אמונה.

אָט די וואָס זיינען געגאַנגען נאָך אמעריקאַ זיינען ליידער ניט אַלע גאַנץ גליקליך און די יעניגע פון זיי, וואָס זיינען שוין ניטאָ, זיינען געפאַלען אין שלאַכט פאַר חיונה און פּראָגרעס און מאַנכע זיינען געבליעבען הענגען אין דער לופטען אָהן א פעסטען באָדען אונטער זייערע מידע, אויסגעמאַטערטע פיס.

די, וואָס זיינע דאָ געקומען צו „לויפען“, דערצו נאָך זייענ־דיג פון די ערשטע, האָבען זיך דאָ אויף פערשיעדענע אופנים

ארויפגעאַרבייט אויף עשירות. איבערהויפט האָבען זיי גענוצט די ניט גאַנץ זויבערע מיטלען צו וועלכע זיי זיינען געוואוהנט געווען דאָרטען, פון וואנען זיי זיינען אַנטלאָפען, אום ניט מיאוס אריינצופאַלען... אָבער די, וואס זיינען נעבאַך געגאַנגען האָבען געמוזט ביטער קעמפּפען מיט'ן שיקזאַל אום צו עקזיסטי־רען.

גאַנץ אַנדערש איז דאָס מיט די וואָס קומען איצט צו פאָה־רען נאָך אַמעריקא, די צוגויפגעפאָהרענע קומען שוין בה"ש אויף אַלעם פארטיגעז. זיי וויסען ניט און ווילען ניט וויסען וואָס עס איז פריהער געווען. זיי הייבען זיך גלייך אָן צו מישען, זאַמלען געלד... זאָגען דעות און קריטיקירען. זיי ווילען ניט אַנערקענען מיט דאַנקבאַרקייט דאָס, וואָס מע האָט דאָ אויפגעטהאָן פון זייערטוועגען און נעהמען זיך גלייך „בריקענען", בלאָזען, דרעהען מיט די נעז, פּונקט ווי זיי וואָלטען דאָ געהאָל־פען שאַפען, עפּעס אויפבויען אין די אידישע קוואַרטאַלען.

עס איז מעהר ווי זיכער, אַז אין די קומענדע דורות וועלען זיך די דערמאָנטע דריי קאַטעגאָרים איינוואַנדערער, דאָס הייסט ניט זיי גופא, נור זייערע אָבשטאַמיגע אויסמישען, אַז מען וועט גאָר ניט מעהר וויסען ווי דער ענגלישמאַן זאָגט „ווער איז ווער אין אַמעריקא", דערווייל אָבער זיינען נאָך כמעט די „געלאָפענע", „געגאַנגענע" און „געפאָהרענע" דריי גאַנץ בעזונדערע קלאַסען. זיי זיינען קאַפּיטאַליסטען, אינטעליגענטען און „קיקערס", ברואים וואָס „בריקענען".

די „אַנטלאָפענע האָבען זיך ארויפגערוקט אין די „הויכע מקומות" אין די עלעגאַנטע ערטער פון אַמעריקאַ'ס מעטראָפּאָליע

די „געגאַנגענע" שאַרען זיך אויך ביסלעכווייז אַלץ מעהר און מעהר אוועק פון „העסטער מיט איהרע שוועסטער" און די גע־פאָהרענע קומען זיך נאָך שטאַרק מישען אין דער „גהעטא", זיי פערוואַרפען דאָרט זייערע נעצען און ניט זעלטען געלינגט דאָס זיי צו מאַכען אַ גוטען פאַנג... יעדערער פון זיי פּרובירט „כאַ־פּען פיש" אויף זיין שטייגער. דער מיט אַ בלאָהען נעטץ פון

תכלית... יענער מיט א „רויטען" נעץ... און מאַנכע מיט גע־מישטע נעטצען ווי רויט־געלע, בלאָהע־רויטע, מיט מגן דוד'ס א. ז. וו.

זיי געפינען שוין דאַ פּארטיגע צייטונגען, פּארטיגע יוניאָנס, פּארטיגע תלמוד תורה'ס, פּארטיגע טהעאַטערע, שפּיטאָלען, אָרגאַ־ניזאַציעס, אינסטיטוציעס און פעראיינען פון אַלע זאָרטען און כאַראַקטערס. אַט די דאָזיגע לעצטע אידישע אימיגראַנטען די אַ נ ג ע פּ אַ ה ר ע נ ע פאַנגען גלייך אַן די אויסגערעכענטע זאַ־כען צו ניצען און נאָכמעהר, צו קריטיקירען. זיי ווייסען ניט און ווילען גאר ניט וויסען און פערשטעהן וויפיעל מיה און מאַטערניס, וויפיעל בלוט און שוויים און טרעהרען עס האָט געקאָסט אַט די דערמאָהנטע זאַכען צו שאַפען, אויפצוהאַלטען און אוועקשטעלען אויף א זיכערען באָדען.

די „אַנגעפאָהרענע" אינטערעסירען זיך גאר ניט מיט די גע־שיכטע פון די אידישע קוואַרטאַלען, וויפיעל קרבנות דאַרט זיינען מקריב געוואָרען אויף די מזבחות פון אידישען פאָרטשריט. זיי קוקען אויף אַלע גוטע זאַכען ווי אויף זייערע און האָבען צומאָל קיין גוט וואָרט פיר זייערע פאָרגענגער

מיט א קורצע צייט צוריק האָט מען פון ניו יאָרקער אידישען הויפּט־קוואַרטאָל די „איסט־סאַיד" למשל כמעט גאר ניט געהערט. קוים האָבען אָבער פעהיגע, בעגאָבטע און איבערגעגעבענע מענשען דעם טהייל שטאָדט בעריהמט געמאַכט, קומען ערשטענס די „אַנט־לאָפענע", די „יאָהודים" און פערלאַנגען דאָרט א חלק אנערקענונג. זיי זאָגען, אַז דאָס איז אַלץ געשעהן אין זייער זכות, דאָס זייער ליכט האָט דאָס אויף די אידען משפיע געווען פון אויבען אראָב... צווייטענס, קומען מאַנכע נייע „גרינהאָרענס" כלומרשט „אינטע־ליגענטען" און סתם כיטרע בלאָפערס, כלומרשט „פרייע" און כלומרשט „פרומע", וועמען עס האָט נאָך גאר דער בויך ניט וועה געטהאָן אויף אַמעריקאַ און האָבען די געמיינע חוצפה אונז כלומרשט ערציהען אין פּאָליטיק, ליטעראַטור און אידישקייט...

מיר האָבען זיך דאַ מקריב געווען לאַנגע יאָהרען פיר אונזערע

איינגעוואנדערטע שוועסטער און ברידער אידיש־ריידער. מיר האבען דא געשאפען אן אויסגעארבייטעטע ערשטע קלאסיגע זשור־נאליסטיק, מיר האבען פערפאסט ביכער, וואס מאנכע פון זיי זיי־נען איבערזעצט אין אלע אייראפעאישע שפראכען, און דאס אלץ האבען מיר געטהאן אין עלענד, און ארימקייט אונטער די ערגסטע, אונגינסטיגע אומשטענדען און פערצווייפלונג און די „אנגעפאה־רענע", די „פייקערס", כלומרשט שטודירטע קאליקע מיט טיט־לען און אהן טיטלען, יא, די כלומרשט אנגעלעקטע און אנגע־שמעקטע, כלומרשט אנגעזופטע מיט „וויסענשאפט" יא, קומען אם די דאזיגע חברה־לייט און בלאזען זיך אויף אונזער חשבון, און אונז ווילען זיי גאר ניט קענען. זיי ערלויבען זיך נאך אין מאנכע „שווארץ־געלע", רויט־געלע" און סתם „געלע" בלעטער און אין איך בעט איבער אייער כבוד־זשורנאלען אונז צו שימ־פפען, שמוצען און בעליידיגען.

מילא די יחסנים פון „אפטאון", פון אויבען־אן, פון דער נאל־דענער „גהעטא" הייבען שוין אן ביסלעכווייז אויסצוגעפינען, אז מיר ווילען זיי ניט אנערקענען אלס שותפים און די מעשי בראשית פון אונזערע גייסטיגע שעפפונגען, מיר האבען זיי געגעבען צו פערשטעהן, אז מיר זיינען אונזערע אייגענע בעלי בתים. איצט בלייבט אונז נור איבעריג צו דערמאנען, די קלאנגעדיגע, נייע אראבגעפאהרענע, דאס זיי זאלען ניט פערגעסען די בראווע פיאנערען פון אלטען אידישען קווארטאל.

עס איז נויטיג ווידער צו דערמאהנען, אז עס „פאהרען" איצט אריין אין די אידישע גאסען מאנכע פרעכע יונגאטשעס, מיט פאר־טיגע פרעטענזיעס אין קעשענע, און מאכען פוריע, פונקט ווי אהן זיי וואלט קאלומבוס ניט ענטדעקט אמעריקא. מאנכע פון אט די דאזיגע חוצפה־ניקעס זיינען געוועזענע „בונדיסטען", אדער סתם באנדיטען פון אלט־רוסלאנד, זיי האבען זיך מיט צרות אוועקגע־שלעפט צופוס אין דייטשלאנד, וואו זיי זיינען ניט אויפגענומען געווארען אין א יוניווערזיטעט אלס רעגעלמעסיגע, בערעכטיגטע סטודענטען, נור עס פלעגט ערלויבט זיי זיין צו זיצען אין א קלאס

און הערצן עטליכע טוץ פ ר י י ע לעקציעס. זאָל דאָס אריין אין א
פּרייסעל וויפיעל בילדונג מען קען דערפון ארויסטראָגען ! מאַנכע
פון אַט די דאָזיגע נייע בעלי־פּרעטענזיעס פלעגען שמירען בעריכ־
טען, אז אַ באָד האָט אָבגעברענט, אַדער אַנדערע יאַלאָווע פּאַטש־
קערייען אין זשאַרגאָנישע שמיר־בלעטלאַך פון רוסלאַנד, ליטא און
פּוילען. עס „פּאָהרען" אויך אראָב מאַנכע העברעאישע שמירער
און גראַמענפלעכטער מיט חוצפּה, פּונקט ווי אַמעריקאַנער אידען
וואָלטען זיי עפּעס שולדיג געווען.

זיי ווייסען ניט און ווילען ניט וויסען, אז יעדע אידישע ציי־
טונג אין ניו יאָרק האָט איהר ליידענס־געשיכטע און יעדער לי־
טעראַט, וואָס פערדיענט כלומרשט איצט „אויף אַ לעבען", האָט
יאָהרענלאַנג געהונגערט. יעדע יוניאָן האָט אַ רעקאָרד מיט אומע־
טיגע סצענעס, מיט טרעהרענפולע, יאָמערדיגע געשיכטען און יע־
דער אידישער שוישפּיעלער, וואָס טראָגט אַ דימענטענע שפּילקע
און אַ גאָלדענעם זייגער, האָט לאַנגע צייטען געשטריטען מיט'ן
שיקזאָל און געטראַכט צוויי מאָל וועגען דירה־געלד... יעדע אי־
דישע פּאָעזיע אין מאַמע־לשון, וואָס איז געדיכטעט געוואָרען אין
די דומפּפּע „טענעמענטס", אביונים־הייזער פון דער „איסט־סאַיד",
טראָגט אויף זיך דעם שטעמפּעל פון אויפּאָפּפערונג און יעדער
לעהר־בוך וואָס דאָ איז פערפאַסט געוואָרען צו לערנען דעם „גריי־
נעם" איינוואַנדערער די שפּראַך פון לאַנד איז אַ מצבה נאָך אַ
שטיק פערלאָרענעם לעבען.

די אויפטועער פון אַט די אַלע גוטע זאַכען אין אידישען קוואַר־
טאַל ציהען זיך שוין לאַנגזאַם אָבער זיכער צוריק. זיי זיינען
ענדליך מיעד און ע ל ט ע ר געוואָרען. נאָך אַ ביסעל און זייער
טהעטיגקייט וועט איבערגענומען ווערען פון אַנדערע, פון איינגערע
הענד.

באַלד שטאַרבט דער ערשטער האַלבער יאָהר־הונדערט פון מיה
און מאַטערנים, פון אונאונטערגעבראָכענע קעמפּפע. איהר נייע
אַמעריקאַנער אידען, איהר „אַנגעפּאָהרענע", פערגעסט ניט אייע־
רע מוטהיגע פאָרגענגער ! פערגעסט ניט דאָס וואָס מיר האָבען

געשאפען פון אייערטוועגען ! בלאזט זיך ניט ! קוקט מיט רעס־פעקט און אנערקענונג אויף דאס גוטע וואס איהר געפינט. און מעג דאס אפילו זיין ניט גאר פאלשטענדיג, ניט פאללענדעט, דאך האט דאס א גרויסע היסטארישע בעדייטונג.

דרך ארץ פאר די ע ר ש ט ע, די מערטירער פון אלע גוטע און עדעלע אידישע אויפטהואונגען אין לאנד פון פרייהייט און גלייכהייט — אמעריקא !

# די גרויסקייט פון וועלט.

עס איז פאראן א גלייכווארט: „זאג מיר וואס דו ווילסט, וועל איך וויסען וואס דו ביסט". דאס הייסט, ווען איינער זאל למשל זאגען, אז ער וויל גאר ניט, איז דערפון געדרונגען, אז ער איז אליין א גאר ניט און דער יעניגער, וואס זאל זאגען אז ער וויל ע פ ע ס איז ממילא אליין אויך אן ע פ ע ס. זעלבסט־פערשטענדליך, דאס ווען איינער זאגט, אז ער וויל א ס ך, איז אליין אויך א ס ך. האט ער א ברייטע, גרויסע, רייכע נאטור, וואס שטעלט זיך ניט צופריעדען מיט א קלייניגקייט.

ווי ווייט די דערמאנטע בעהויפטונגען זיינען ריכטיג, וועלען מיר ערשט זעהן ווען מיר וועלען זיי גענויער בעטראכטען.

עס זיינען דא מענשען, וועלכע לאכען פון די יעניגע, וואס האבען הנאה פון כבוד, פון געווינען א נאמען ביי לייטען, און וואס וואלטען וועלען, אז זייער נאמען זאל קיין מאל ניט פערגע־סען ווערען.

אין פלוג דאכט זיך, אז די לאכערס זיינען גאנץ גערעכט, אין אמת'ן, וואס הייסט דאס עפעס א „נאמען" ? וואס הייסט דאס פערבלייבען ? דאס איז דאך ניט מעהר ווי לעבערליכער עגאאיז־מוס ! וואס וועסטו שוין האבען דערפון נאכ'ן טויט, עס וועט זיך ארומוואלגערן אויף דער וועלט נאך א נאמען ?

אונזינן !

אין גרונד גענומען איז זייער געלעכטער א פאלשער, דען דער פערלאנג נאך אייביגקייט פאדערט מעשים פון אייביגקייט, וואס זאלען דאס פערדיענען. קוים ווינשט איינער, אז זיין נאמען זאל בלייבען, זאל ניט פערגעסען ווערען, זאל אריינקומען אין פנקס פון די אייביגע, וועט ער זיך שוין בעמיהען צו טהאן גוטעס און ניצליכעס אום דאס ווערטה צו זיין.

אט טאקע צוליעב דעם אליין מעגען מיר איהם מוחל זיין זיין שוואכקייט וועגען „אונשטערבליכקייט". אדרבה, מיר דארפען איהם נאך ערמוטהיגען אין זיין פערלאנג, כדי איהם צו מאכען אלס טהעטיגען, ניצליכען מיטגליעד פון דער געזעלשאפט.

דער „אויך מיין דאגה־מענש", איז אן אונניצליכער מענש. דער, וואס וויל גאר ניט, זוכט גאר ניט, גאהרט נאך גאר ניט, איז שוין דערמיט אליין גאר ניט. אזעלכער איז ניט פעהיג צו זיין ניצליך. קוים וויל ער גאר ניט און דארף גאר ניט, וויל ער, אז א י ה ר און איך זאלען אויך גאר ניט וועלען און ניט דארפען. און ער ענטמוטהיגט נור. אזעלכער פלאנטערט זיך דא נור אונ־טער די פיס. די וועלט קען זיך גאנץ גוט באגעהן אהן איהם אין גאנצען.

גאט האט ניט בעשאפען אלע גוטע, שעהנע, ליעבענסווירדיגע זאכען סתם אזוי, פון חן וועגען. ניין ! זיי זיינען געמאכט גע־ווארען מען זאל זיי געברויכען, מען זאל פון זיי הנאה האבען און דאנקען גאט דערפאר, וואס ער האט זיי בעשאפען.

וועגען די „אויך מיין דאגה־מענשען", וואס זיינען מיט אלץ צופריעדען און ווילען גארניט, פערלאנגען גאר ניט, האט שוין די תורה ארויסגעזאגט איהר אויפריכטיגע, הייליגע מיינונג.

די תורה זאגט, דאס אויב עס וועט זיך געפינען א מענש, וואס וועט ליעבען זיך צו אפפערען פיר זיין בעל הבית אומזיסט, ער וועט לאכען פון מענשען־פרייהייט, זאל מען איהם דורכלעכערען דעם אויער דערפאר, וואס ער מאכט זיך ניט הערען גאט'ס איי־ביגעם ווארט פון פרייהייט און גלייכהייט.

יא, אזעלכע דארף מען דורכלעכערען דעם אויער און זאגען, אז ער איז ניט ווערטה דאס ער זאל הערען, ווייל ער ווירדיגט ניט גאט'ס הימעלשען רוף, דאס אלע מענשען זיינען געבארען צו זיין פריי און ניט פערשקלאפט צו א צווייטען מענשען און, אז ניט וועלען, ניט גלוסטען א גוטע זאך איז א זינד געגען דעם בע־שעפער, וואס האט די גוטע זאך בעשאפען.

די פרייהייט, פונקט ווי אַלע אַנדערע גוטע זאַכען, איז גע־מאַכט געוואָרען, אַז מען זאָל דאָס וועלען און דער יעניגער, וואָס שטעלט זיך צופריעדען מיט „גאָר נים", איז אַליין אַ גאָר נים און איז נים ווערטה קיין גוטעס צו געניסען.

וועלען און פערלאַנגען זיינען אידישע זאַ־כען. אידען זיינען אַנגעזאָגט געוואָרען, אַז זיי זאָלען געניסען, יאָ, אַז עס איז אַ מצוה צו וועלען. נים נור זאָלען אידען געניסען אַט דאָ אויף דער ערד כל זמן זיי לעבען, נור מען האָט פיר יעדען איינעם פון זיי אפילו אַנגעגרייט אַ „חלק לעולם הבא" אויף „יענ־נער וועלט"... קוים איז דאָ אַזאַ זאַך ווי אונשטערבליכקייט, ווי נשמה־געננוס, ווי „גן עדן", זאָל דאָס יעדער איד האָבען דאָס רעכט צו געניסען, און נים נור אויסגעכאַפּטע פאַרשווינען.

דער פרימסטער און צופריעדענסטער איד טאָר נים זיין צופ־ריעדען מיט אַ קראַנקהייט און נים זוכען זיך צו קורירען. קור־ראַציע איז ביי אונז אידען איינע פון די מצוות, וואָס מיר זיינען מחויב צו היטען. נאָט האָט בעשאַפען רפואות, אַז מען זאָל זיי נוצען און נים פערנאַכלעסיגען. מען האָט אונז אַנגעזאָגט „ורפא ירפא".

נאַטירליך, ליעגט אַ פליכט אויף דער מענשהייט צו האַלטען אַן אָפּענעם אויג אויף די יעניגע, וועלכע ווילען, פאָדערען און פערלאַנגען. מען דאַרף זעהן אויב זייער פערלאַנג איז אַ גע־רעכטער, אַ מענשליכער, אַן עדעלער, אָדער אַ זשעדנער, אַ חיה'שער.

די מענשהייט איז מחויב צו זעהן אויב די יעניגע, וואָס ווילען אַ נאָמען למשל, זוכען דאָס אויף דעם ריכטיגען אופן, אָדער דורך כיטרע שטיק, פאַלשקייט, חוצפה און געמיינהייט.

אָבער אָט דאָ ליעגט דער גרויסער אונגליק!

מענשען פוילען זיך צו אונטערזוכען די כאַראַקטערס פון זייע־רע פאָדערער און פערלאַנגער אום געננוי צו וויסען ווי דער ענג ליש מאַן זאָגט „ווער איז ווער" און דוקא די פערדאַרבענסטע, די

ערגסטע ווערען כיטרע גענוג זיך אריינצוכאפען אין עולם'ס גונסט דורך שלויקייט און חניפה.

פערקעהרט וויעדער, וואס די צופריעדענע אנבעטרעפט, יא, אט די, וועלכע ווילען גאר ניט, פערלאנגען גאר ניט און פאדערען גאר ניט, וואס לויט דער תורה און לויט מענשליכקייט זיינען זיי ניט די „צאצקעס" פון דער מענשהייט, יא, וואס אט די דאזיגע „בע מע־מענשען", די מסתפק במועט־ניקעס אנבעטרעפט, בעטראכט זיי די וועלט גראד אלס די „אויבערשטע פון שטויסעל", די כשר'ע פטום'לאך פון די מענשליכע אתרוגים, וועלכע עס איז א מצוה צו בענשען און זיך מיט זיי דרעהען ארום דעם באלממר פון דער גזעלשאפט.

די מענשען פון דער אלטער וועלט, די „אלט־פרענקישע" אידען איבערהויפט, פלעגען בעטראכטען די ניט־פערלאנגער, ניט־פאדערער, די צופריעדענע מיט „גאר ניט", אלס די גרעסטע צדיקים. מען האט דאס פערשריבען אין די פנקסים אלס גרויסע מעלות, וואס זיינען א „גוואלד אין דער וועלט".

די אונטערשטע שורה, איז דאס די וויכטיגסטע, גרעסטע, ניצ־ליכסטע און אונפערגעסליכסטע, וואס האבען דער מענשהייט גע־דיענט צום מעהרסטענס און צום גרעסטען און האבען געבראכט די וועלט פון איהר אמאליגען בארבאריזם צו איהר איצטיגען צו־שטאנד, זיינען נור געווען די וואס האבען געזוכט, געוואלט, פער־לאנגט און געפאדערט, יא, געפאדערט אליין און אויפגעקלעהרט זייערע מיטמענשען, זיי זאלען אויך פאדערען.

זוכען אונשטערבליכקייט!

נור אט די, וואס האבען געזוכט אונשטערבליכקייט זיינען די איינציגע, וואס האבען געארבייט „לשמה", ווענעם ארבייט עס האט געבראכט די ריכטיגע נוצען. יא, נור די האבען געטהאן א מ א ל און טהוען איצט דאס ניצליכסטע, דאס הערליכסטע און דאס דויער־האפטעסטע.

די וואס ווילען און פערלאנגען וועלען ערלייזען די וועלט און ברייגגען די גאולה צו אונטערדריקטע פעלקער.

# אַן אַדרעס...

עס שטעלט מיך אָב אין גאס אַן אָרעמער, אַלטער מאַן און ווייזט מיר אַן אַדרעס און פרעגט מיך וואוהין צו געהן.

איך לעז איבער דאס שטיקעל פאפיער און זעה אַז דער אַלטער מאַן איז ווייט פון דעם אָרט, וואס ער זוכט.

— ווילט איהר פאהרען, אָדער געהן? — האָב איך דעם מאַן געפרעגט — צופוס וועט איהר זיין שווער צו קומען. עס איז זעהר ווייט.

— קיין אחריות — האט מיר מיין פרעגער געענטפערט — איך וועל בעסער געהן. קוים האָב איך אַן אַדרעס, וועל איך שוין טרעפען...

— דאָ איז ניט די פראַגע פון אַן אַדרעס — האָב איך דעם אַלטען געגעבען צו פערשטהן — נור פון כחות. די פראַגע איז אויב איהר וועט זיין שטאַרק גענוג אַזוי ווייט צו טראַמפּלען.

— אַז מען מוז געהן, געהט מען — האט דער אַלטער מאַן גע־שמייכעלט א מין ביטערען שמייכעל.

זיין ענטפער איז מיר אריין אין הארצען.

איך האָב בעקוקט דעם אָרעמען זקן, די אַלטע מיעדע פיס, און אין מיינע אויערן האט געקלונגען זיין שרעקליכער ענטפער: „אַז מען מוז געהן, געהט מען"...

ער איז זיכער אַז ער וועט קומען אהין, ווייל ער האט אַן אַד־רעס. ער פערגעסט אַז ער איז שוין גראָה און אַלט געוואָרען און זוכט נאָך אַלץ ארום... ער האט נאָך אַלץ דעם ריכטיגען אָרט ניט געטראָפען... איז דאס מעגליך, אַז ער זאָל טרעפען איצט אויף די אַלטע יאָהרען, וועהרענד ער האט דאס גאַנצע לעבען געזוכט אומזיסט?

און אז ער האט געזוכט אומזיסט האבען מיר געוויזען זיין פערוועלקט, פערוועטערט פנים און זיינע ארעמע, צוריסענע קליי־דער און אויסגעקרימטע שיך...

נור, אפשר האט ער נאך ביז איצט קיין ריכטיגע אדרעס גע־האט ?... ער איז אפשר ארומגעגאנגען זוכענדיג מיט א פאלשען אדרעס ?... וועה איז דעם יעניגען וואס קומט אין דער וועלט אריין גאר אהן אן אדרעס, אדער מיט א פאלשע אדרעס. דאבעל וועה איז דעם,וועמען דער שיקזאל גיט א כלומרשט־אדרעס און שיקט איהם זוכען אן ארט, וואס עס געפינט זיך גאר ניט אין דער דירעקטארי פון לעבען...

דער אונגליקליכער, אבגעגארטעטער טראגט זיך דאן ארום מיט זיין אדרעס פון גאס צו גאס, פון הויז צו הויז, ניט זעלטען פון שטאדט צו שטאדט און פון לאנד צו לאנד, ביז ער קומט ענדליך מיעד, קראנק און צובראכען אויף דעם ריכטיגען ארט.

אויפ'ן „גוטען ארט“...

— נו, וואס זאגט איהר זיידענקע ? — האב איך דעם אלטען געפרעגט — וועט איהר פאהרען אדער געהן ?

ער האט א קנייטש געטהאן דעם שטערען, א ווײלע געטראכט און געזאגט :

— איך וועל בעסער געהן, איך האב מורא צו פאהרען מען זאל מיך ניט פערפיהרען ווער וויים אוואו...

אזוי רעדענדיג האט ער זיך פון מיר אבגעקעהרט און איז אוועק.

איצט איז שוין רעכט, וואס ער איז ארעם — האב איך גע־טראכט — ער האט מורא צו ריזיקירען... ער וויל זיך בעסער שלעפען צו פוס איידער פאהרען, אפילו אויף דער עלטער וויל ער בעסער טראבירען די אויסגעוואגעלטע פיס, איידער זיצען בעקוועם און זיך לאזען פיהרען. נור מן הסתם האט ער שוין געהאט שלעכ־טע ערפאהרונגען, ער האט זיך שוין מן הסתם אנפערטרויט אויף פיהרער און זיי האבען איהם שלעכט געפיהרט און פערפיהרט...

זאָנסט וואָלט ער דאָך ניט געהאַט וואָס מורא צו האָבען, דער אַלטער אביון, דען דיזעלביגע אדרעס, וואָס דאַרף איהם נוצען געהענדיג, קען דאָך איהם אויך נוצען פאָהרענדיג.

אַרעמער שוטה !

ער דאַרף דאָך שוין וויסען פון דעסטוועגען, אַז מיט אייגענע בחות,געהענדיג צו פוס, קען מען אין דער וועלט וויים ניט דערלאַנגען, קען מען מאַנכעס מאָל אפילו מיט אַ ריכטיגע אדרעס אויך אויף אַן אָרט ניט קומען, עס איז שווער, זעהר שווער... מען מוז אימעצען איינשפּאַנען...

מען מוז איינשפּאַנען פערד, עזעל, אָקסען, קעמלען, עלעפאַנטען, אָדער גאָר מענשען, צו די נאַטור אַליין. מען מוז זיך לאָזען בעדיענען אויב מען וויל ניט די שיך אויסדרעהען,זיך צואוואונדיגען די פיס און קומען גרינג און גיך אויף אַן אָרט.

און אַן אַדרעס ?

וואָס איז אַן אדרעס אייגענטליך אויב ניט שטומע ווערטער אויף אַ טויט שטיקעל פּאַפּיער. עס ווענדעט זיך גאָר מאַנכעס מאָל אַן דעם, וואָס לייענט דיר איבער די אדרעס, אָדער ער דערזעהט ניט גוט, אָדער ער קען ניט גוט לעזען, אָדער ער איז סתם אַ לץ, צו גאָר אַ פּאָדליעץ און וויל עקסטרא דו זאָלסט פערקריכען און פערבלאָנדזשען. אַן אדרעס איז אָפטמאָל נאָך ניט אַלץ...

זעהר אָפט ברייננט די אדרעס צום ריכטיגען אָרט אָבער לייִדער שוין צו שפּעט. מען איז אומזיסט געגאַנגען אָדער געפאָהרען, ווייל אַנדערע האָבען זיך „געפעדערט" האָבען זיך מקדים געווען און האָבען שוין פערנומען דאָס אָרט, נאָך וואָס דו ביסט געגאַנגען. דאָס איז אפשר גאָר די שולד פון דעם זוכער, ער האָט זיך פערשפּעטיגט...

ניין ! אַ ריכטיגע אדרעס איז אָפטמאָל נאָך ניט אַלץ צוליעב אַנדערע אורזאַכען.

איך האָב אַלס „גרינער", יאָ, אַלס נײַ איינגעוואַנדערטער אין אַמעריקאַ, געהאַט אַן אדרעסע צו מיינעם אַ רייכען קרוב. די אדרעסע האָט מיך אָבער נור אריינגעפיהרט בײַ איהם אין הויז

און ניט ביי איהם אין הארצען. איך האָב דערלאַנגט אַ ציה דעם גלעקעל פון טהיר, האָט מען געעפענט און מיך אריינגעלאָזט אין שטוב, דאָך דעם טהיר גלעקעל פון זיין שטיינערנעם הארצען האָב איך אומזיסט געצויגען, עס האָט זיך ניט געעפענט, עס איז גע־בליבען פערשלאָסען מיט זיעבען שלעסער. מיין ריכטיגע אדרעס האָט געטויגט אויף כפּרות.

יאַ, אַט דאָס איז ניט זעלטען אַן אדרעס. זי ווייזט ו ו א ו צו געהן, אָבער זי פערזיכערט ניט אַז מען וועט עפּעס פּועל'ן.

אַ הונגעריגער ארבייטער קויפט אַ ציימונג און זוכט אַן אד־רעס, וואו מען דאַרף האָבען „הענד". ער וואָלט זיך לאָזען האנד־לען, ער וויל עסען.

מיט זשעדנע בליקען דערזעהט ער וואו מען דאַרף האָבען פּונקט אַזאַ „האנד" ווי ער איז. ער שניידט אויס די אדרעס פון בלאַט און מיט אַ קלאַפּענדיג הארץ לויפט ער אהין. ער קומט, ער איז דאַ, ער האָט געטראָפען, דאָך מען דאַרף איהם מעהר ניט האָבען. ניין! ער איז ניט דער איינציגער וואָס הונגערט און זוכט בעשעפטיגונג. די נויט האָט שוין געטריעבען אַנדערע אר־בייטער פריהער, מען דאַרף איהם שוין ניט האָבען.

ער צורייסט די אדרעס מיט דעם פערפלוכטען „פערלאַנגט" און שילט זיין בעזען מזל. ער שילט די ביטערע שעה, וואָס האָט איהם אויף דער וועלט געבראַכט. ער שילט זיין שוואַרצעס לע־בען, וואָס האָט איהם אַזוי מיאוס אָבגענאַרט.

אַן אדרעס!...

עס שלעפּט זיך איבער דער זינדיגער, פאַלשער, שלעכטער וועלט אַן אונגליקליכע אומה, וואָס איז געבאָרען געוואָרען מיט אַן אדרעס אין קעשענע, מיט די בעסטע פערשפּרעכונגען און — אַ נעכטיגער טאָג!

שוין דעם עלטער־פאָטער פון דעם דאָזיגען עלענדען פאָלק האָט מען געהייסען אויסוואַנדערן. מען האָט איהם געגעבען אַן אדרעס מיט אַ וועלטליכען אָבמאַך אויף אַ לאַנד, וואָס פליסט מיט מילך און האָניג, צום סוף האָט שוין די אומה אויסגעוואַנדערט

און אויסגעוואַגעלט די וועלט מיט איהר אדרעס און האָלט נאָך אַלץ אין איין זוכען...

אַן אדרעס!

די האָפנונג זיצט אויף איהר טהראָן פון שטראַהלענדען שפּינוועבס און האַלט אין איין שרייבען אדרעסען פיר די שטערבליכע. און די מעהרסטע פון זיי שטאַרבען איידער זיי געפינען וואָס זיי זוכען.

זעלטען ווען די דאָזיגע ליגנערקע גיט איבערהויפּט אַ ריכטיגע אדרעס... די מעהרסטע פון איהרע אדרעסען פערדרעהען נור אַ מח, נאַרען אָב, זיינען פאַלשע. מאַנכער מענש ווערט פערצווייפעלט און זוכט ניט מעהר, צורייסט די אדרעס און צוטרעט איהר מיט די פיס.

מאַנכער אָבער האַלט זיך שטאַרק אַז זיין פערפיהרערישען אדרעס, אַז זיין בלענד־שאַין און וויל דאָס ניט אוועקוואַרפען. ער גלויבט אין דעם, ער געהט פונקט ווי ער איז אַנגעוויזען צו געהן און שרעקט זיך צו פערנעהמען אַז אַ זייט...

עס גיעבען אין דער וועלט מענשען, וואָס זיינען געבאָרען געוואַרען מיט דער פעהיגקייט צו שרייבען גראַמען, אדער זאָגען גראַמען. זיי גלויבען אַז דאָס איז אַ ריכטיגע אדרעס צום אָלימפּ, אדער צום פּאַרנאַס, די הייליגע בערג וואו עס וואוינען די נעטער און די געטינען פון פּאָעזיען און דער גאָט פון ליכט.

ווען זיי ברייגנען זיך אָבער אהין צו שלעפען מיט זייערע טאַרבעס גראַמען, טרייבט מען זיי צוריק אהין, וואו זיי בעלאַנגען. מען לאָזט זיי ניט פערשמוצען מיט זייערע אונרייגע טרעטערס די בערג, וואו די אונשטערבליכקייט טהראָנט.

זיי שרייען אָבער דאָך דאָס זיי האָבען אַן אדרעס און וואַרפען זיך אריין מיט חוצפה אין מאַנכע זשאַרגאָנישע צייטונגען און „זינגען“, אַז מען קען פּאַר כעס און עקעל צושפּרינגען...

איינער איז אַ געבאָרענער פּלאַפּלער, אַ פּלוידערער און אַ חוצפה'ניק דערצו, ער מיינט אָבער אַז ער איז אַ חבר צו די קלאַסישע רעדנער דעמאָסטינעס און ציצעראָ, ער מיינט אַז ער איז

א רעדנער און ניט קיין קלײנער, און רוקט זיך מיט א פאלשע אדרעס צו דער פלאטפארמע, צו דער פאלקס־טריבונע, צום סטענ־דער, צו דער קאפעדרע. ער איז א „מטיף“, זייט מיר מוחל.

מען טראכט ביי זיך: „ווי דער שווארץ יאהר טראגט דאס איהם אומעטום צו באלעבאטשען, אז ווערים זאלען איהם טאט־שען“, ער אבער טהוט דאס זייניגע, ער גלויבט אז זיין אדרעס איז א ריכטיגע און פיהרט איהם דארט וואוהין ער קריכט.

ער האט אן אדרעס...

אט אזוי איז די ערד פול מיט „פערבלאנדזשעטע נשמות“ פון כל המינים, וואס מאטערן זיך אליין און מאטערן אנדערע, און דאס קומט אלץ ארויס דורך פאלשע אדרעסען.

זעלטען ווען זיין אדרעס פיהרט צום ריכטיגען ארט אויף אונזער וועלט.

# ש ב ת.

מאנכע מענשען היטען ניט געוויסע מצוות בלויז דערפאר, וואס זיי פערשטעהען ניט דעם טעם פון די מצוות.

מיר לעבען אין א צייט, וואס ניט אלע ווילען היטען געוויסע זאכען בלויז דערפאר, וואס עס איז אנגעזאגט געווארען זיי צו היטען.

די מענשען פון אונזער דור גלויבען ניט סתם אזוי זיך. אפילו דער תורה גופא גלויבען זיי אויך ניט אויב זי גיט ניט אן דערביי די אורזאך פארוואס מען זאל איהר גלויבען.

מאנכער איד גיט זיך א שמועס: די „תורה הייסט דאס מיר י א טהאן, נור איך וויל דאס טאקע ניט טהאן, ווייל זי גיט ניט אן די ריכטיגע אורזאך פאר איהר געבאט.

מאנכע מענשען וועלען ווידער פערקעהרט געוויסע זאכען דוקא טהאן, ווייל עס איז ניט ערקלעהרט גענוי פארוואס מען זאל אט די דאזיגע זאכען נ י ט טהאן.

די מענשהייט איז ניט מעהר יענעם געהארכזאמע קינד, וואס פאלגט בלויז אויף׳ן ווארט. דער איצטיגער דור פאהרט באלד ארוים מיט קשיות: „פארוואס" ? „פאר ווען" ? „וואס וועל איך האבען דערפון" ? „וואס וועט אימיצער אנדערש דערפון האבען" ? או.אז. וו.

קוים קענט איהר ניט לאגיש פערענטפערען דעם „פארוואס" און „פאר ווען" וועט מען אייך איצט פאזיטיוו ניט פאלגען.

א סך, גאר א סך אידישע דינים גיעבען ניט אן קיין אורזאך פארוואס מען זאל זיי היטען, צוליעב וואס זיי זיינען. דאס איז די אורזאך פארוואס אפילו די שטרענג גלויביגע היטען אט די דאזיגע מצוות מיט א קנייטש.

צום מעהרסטען ווערען אויסגעפאלגט די מצוות, וואס זיינען נוגע צווישען מענש און מענש, ווייל אט די דאזיגע מצוות ליגען זיך גרינג אויף'ן שכל און נויטיגען זיך ניט אין פרושים און פיעל ערקלעהרונגען.

אלם ביישפיעל צו מיינע ארגומענטען מעג דיענען דער פאקט, דאס אפילו די פרימסטע פון די פרומע היטען ניט דעם פערזאג ניט צו טראגען קיין שעטנז. אפילו אונזערע רעליגיעזע פארשטע־הער געהען אריין אין א קליידער־קראם און קויפען פארטיגע קליי־דער. זיי טהוען דאס וויסענדיג בעשטימט, דאס אין אט די דא־זיגע וואלענע בגדים איז דא לייוועגט און דאס די קנעפ זיינען ניט איינגענעהט מיט באוועל, אדער „כשר'ע פאדים", זאנדערען מיט געוועהנליכע פאדים, יא, מיט „טהרעד". זיי קויפען און טראגען אט די דאזיגע מלבושים שטעהענדיג נעבען ארון הקודש. דערצעהלענדיג, אז מען מוז היטען יעדען ווארט פון דער תורה... זיי וויסען,אז עס איז אסור צו טראגען שעטנז, פונקט ווי עס איז אסור צו עסען חזיר, איין זאך איז ניט פערבאטען שטרענגער ווי די אנדערע.

דער פערבאט אפעלירט ניט צו זיי פשוט דערפאר, ווייל ער ליגט זיך זיי ניט אויף'ן זינען. זיי פאנגען ניט אן צו פערשטעהען פארוואס זיי זאלען ניט טארען טראגען קיין טוכענע קאפאטע, וואו די קנעפלאך זיינען איינגענעהט מיט איינפאכע פאדים. זיי זעהען ניט איין ווי אזוי זיי טהוען דערמיט אן עולה געגען גאט, מענש, אדער זיך אליין.

דינים, מצוות און לאו'ן האבען דעם זעלבינען מזל ווי מאנכע אנדערע זאכען. דאך, ווי איך האב פריהער בעמערקט, האבען דעם בעסטען גליק, אזוי צו זאגען, די דינים, וואס זיינען שייך צווישען מענש און מענש, ווייל זיי איז לייכט צו בעגרייפען אהן קאמענטא־רען, מיט דער איינציגער אויסנאהם פון דעם פערבאט ניט צו עסען טרפות. א סך מענשען עסען ניט קיין חזיר למשל, אדער אנדערע טרפה שפייזען אהן א שום ערקלעהרונג, נאר נ י ט וויסענדיג און נ י ט פערשטעהענדיג פארוואס זיי זאלען דאס נ י ט עסען

פשוט דערפאר, ווייל זיי האָבען מורא, אז אַט די דאָזיגע טרפה זאכען זאָלען זיי ניט שאַדען צום געזונד.

עס איז אָנגעזאָגט אין דער תורה, אז מען זאָל ניט טרייבען קיין רכילות, מען זאָל רעספעקטירען עלטערען, אז מען זאָל ניט גנב'ענען, ניט רצח'ען און אז. וו. און מען דארף גאָר צו אַט די אַלע דערמאָהנטע זאכען קיין ערקלעהרונגען. יעדער ניכטערער, גלייכ־קעפיגער פאָלקס־מענש פערשטעהט דאָס גאָר אהן רש"י.

דאָך פערשטענדליכסטער, בעגרייפליכסטער פון אַלע מצוות און לאו'ן איז דער געבאָט צו היטען שבת. די הויפט זאך, איז דאָס וואָס די מצוה פון שבת בעצאָהלט דעם מענשען טאקע באַלד אַט דאָ אויף דער וועלט. אויסער דעם, וואָס די מצוות שבת פער־שפרעכען אַ באַלוינונג אין דעם עולם הנשמות גיט זי שכר טאַקע באַלד דאָ אויף דער ערד.

היטען שבת איז אַ זאך, וואָס נויטיגט זיך ניט אין ספע־ציעלע אויפקלעהרונגען. צו היטען שבת דארף מען גאָר ניט זיין קיין פרומער איד, עס איז גענוג בלויז צו זיין אַ גוטער, אַ פער־נינפטיגער איד, אָדער בעסער געזאָגט, אַ פרייהייטס ליעבענדער מענש, אַן אויפגעקלעהרטער מענש, אַ מענש, וואָס האָט אַ העכערע נשמה פון אַ פערד, אָדער אַן עזעל.

די מצוה פון שבת גיט אַ דריי פאַכיגען שכר, אַ „חוט המשולש" סאַטיספעקציע.

ערשטענס, פערזעצט דער שבת דעם מענשען אין אַ גייסטיגע, ליכטיגע, נשמה'דיגע שטימונג. עס מאַכט דיך פיהלען העכער, הימעלשער, אייביגער. מען טהוט זיך אויס פון דער קאַלטער, רויהער, פראָסטער, גראָהער וואָכעדיגקייט, פון דעם חלשות'דיגען „הור־הא" און מען דערפיהלט אין זיך די „נשמה יתירה", דעם „אי־בער־מענש", דעם שבת'דיגען „איך".

צווייטענס, רוהט מען פשוט אויס די מיעדע, פערהאָרעוועטע ביינער, מען האָט ממש אַ פיזישען, אַ קערפערליכען עונג שבת. די אברים גופא האָבען אַ שבת, אַ טאָג פון רוה און זיי זינגען שטילע, ניט געהערטע זמירות צום בעשעפער פון די וועלטען.

נים אומזיסט זאגט דער איד אין זיין שבת'דיגען האוונען די ווערטער. „אלע מיינע ביינער זאגען, אז עס איז ניטא נאך אזא גאט ווי מיינער... דו ביסט מיך מציל פון דעם, וואס איז שטאר־קער פון מיר און בעפרייעסט (כאטש אויף איין טאג) דעם „עני“ און דעם „אביון“ פון זיין אויסבויטער, וועלכער בערויבט איהם און בע'גזל'ט איהם“...

אט די דאזיגע ווערטער זאגט דער איד אין זיין אונשטערבלי־כע, שבת'דיגע תפילה, אין „נ ש מ ת“.

דריטענס, אויב דו ביסט נאך דערצו א גלויביגער אויך, האס־טו דעם הייליגען נחת פון דער אמונה, וואס פערשפרעכט דיר א רוחניות־לוין פון יענער זייט קבר.

אויב מען וויל, קען מען נאך צורעכענען א פיערטע זאך, נעמ־ליך : דו האסט א ליעבען, זיסען טאג ווען דו קענסט גענטטהליך פערברייגגען מיט דיין טאטען און מיט דיין מאמען, דען, בעלאנ־גענדיג צום עלטערען דור, היטען זיי נאך געוויס שבת אפילו דא אין אמעריקא און דו פיהלסט דעמאלט, אז דו ביסט ניט קיין יתום. און קוים האסטו עלטערען, האסטו א פאלק און א שטעלונג אין דער מענשליכער משפחה, דו ביסט ניט מעהר קיין אויסוואורף צווישען די פעלקער. דו האסט א פאלק, א גאט, א געשיכטע, א פערגאנגענהייט און א האפנונג אויף א צוקונפט.

אויב דער שונאי ישראל וועט דיר דעמאלט (אום דיך צו ער־גערען) צוּוואָרפען, אז דו ביסט א איד, וועסטו כאטש אומווע־ניגסטענס וויסען, אז דו ביסט דאס טאקע און דו האסט אויף וואס שטאלץ צו זיין.

לויט דער דאזיגער איינפאכער ערקלעהרונג איז צו זעהן, אז חלול שבת איז אייגענטליך ניט א זאך מיט וועלכער מען זאל זיך איבערנעהמען, ווייל ארבייטען פולע זיבען טעג אין וואך קען אין גרונד גענומען אויך אן אקס, א פערד און אן עזעל.

ווען איך בין יונג געווען האב איך געהאלטען פאר א גרויס מוטהיגקייט פון איינעם צו געהן שבת איבערן גאס מיט א פאפי־ראס אין מויל און לאזען דעם רויך אויף די שבת־אידען, וואס

געהען פון שוהל. ווען איך וואָלט געררויכערט, וואָלט איך זיך אפשר געוואָגט אָט די דאָזיגע מוטהיגקייט נאָכצוטהאָן.

שפּעטער ערשט האָב איך אויסגעפונען, אַז דאָס איז גאָר ניט אַזאַ גרויסע זאַך. איך האָב אין דעם גאָר קיין ברעקעל מוטה ניט געזעהן. איך האָב גלייך דערזעהן, אַז דער וואָס טהוט דאָס איז גאָר ניט קיין העלד און קיין גוואַלדיגער אויפטהוער, ווייל רויכען אַ פּאַפּיראָס איז אַ זאַך, וואָס יעדער שייגעץ קען בעווייזען און אויב אימיצער מיינט זיך דערמיט צו בעריהמען, איז ער ניט מעהר ווי אַ לעקיש און אויב ער מיינט דערמיט צו טהאָן להכעיס אידען איז ער אַ געמיינער חצוף, וואָס פערדיענט פּעטש.

שבת איז איינער פון די זאַכען וואָס העלפען מאַכען אין דעם מענשען אַ כאַראַקטער. דען ניט היטען שבת איז דאָך קיין קונץ ניט. קיינער היט ניט, היט איך אויך ניט. נאָכטהאָן דער וועלט, נאָכטהאָן אַלעמען בעווייזט ניט קיין גרויסקייט. דאָס איז ניט מעהר, ווי דאָס וואָס דער ענגלישמאַן רופט „וואן אָוו דהי באָיס“. דאָס הייסט : איינער פון די כאַפּטע. דאָס מיינט ניט צו בעזי־צען קיין אייגענעם, קיין זעלבסשטענדיגען כאַראַקטער. ערנסטע, אויפריכטיגע, כאַראַקטערנע מענשען טהוען ניט נאָך אָט דאָס וואָס אַנדערע טהוען, ניין ! מענשען מיט כאַראַקטערע האַנדלען ווי זיי אַליין פערשטעהן, ווי זייער אייגענער גייסט דיקטירט זיי און ניט ווי עס טהוען די מאַסען.

זעלבסט פערשטענדליך, אַז איך שרייב ניט אָט דעם דאָזיגען אַרטיקעל אַלס שטרענגער שומר שבת, איך דאַרף זיך ליידער דער־מיט ניט בעריהמען. איך שרייב דאָס אויך ניט אַלס אַגיטאַציע פאַר די הייליגקייט פון דעם זיעבעטען טאָג. דאָס איז די אַרבייט פון אָרטהאָדאָקסישע רבנים. דאָס איז זייער אויפגאַבע צו זיין וועכטער און פּראָפּאַגאַנדירער פון רעליגיעזע ענינים. זיי, די אמת'ע רבנים (ניט די רעוורענד דאָקטאָרס) דאַרפען אַכטונג גע־בען, אַז דער ספּעציעלער טאָג, וואָס מאַכט דעם אידען פאַר אַ מענשען, זאָל ריכטיג אָבגעהיט ווערען. איך שרייב אָט די דאָזיגע

ציילען בלויז אום אויסצודריקען א מיינונג איבער א אידיש־מענש־ליכען געגענשטאנד, וואס פערדיענט אן ערנסטע בעטראכטונג.

היינריך היינע קען מען געוויס ניט חושד זיין אין אידיש־ארטהאדאקסישע פרומקייט. עס איז אן אפענער סוד, אז ער האט זיך גאר „א ביסעל" צוגע'שמד'ט, אבער טאקע נור א ב י ס ע ל. וייל מיט הארץ און נשמה איז ער א איד פערבליבען. דאס האט דער גלות איהם בעשפריצט מיט די ברודיגע טויף־וואסער... דאך איינע פון זיינע פרעכטיגסטע מייסטער־שטיקער איז דאס געהוי־בענע נעדיכט „בת מלכה שבת" (פרינצעסין סאבאטה). היינע פערגעטערט ניט נור דעם שבת, נור אפילו דעם טשאלענט. ער זאגט, אז דאס איז א מאכל, וואס גאט גופא האט געלערנט משה'ן אויפ'ן בארג סיני ווי צו מאכען...

היינע זאגט ווייטער און דאס דערמאנטע ליעד, אז אין פער־גלייך מיט'ן טשאלענט האט דאס גריכישע „אמבראזיא" (אין דער מיטהאלאגיע דאס נעריכט פון די גריכישע געטער) געהאט א טעם ווי „טייוועל'ס קויט".

ווען עס האט געפאסט היינע צו האבען אזא געהויבענע מיי־נונג וועגען שבת, טו פארוואס זאל דאס מיר ניט פאסען? איך בין דאך אלענפאלס ניט קיין געטויפטער איד, אפילו א „ביסעל" אויך ניט.

צו דען ווייל א מענש קען מאנכעס מאל ניט טהאן א גוטע זאך, דארף ער דערפאר זאגען, אז די זאך טויג ניט? צו דען ווייל געוויסע געשעפטען, אדער מלאכות זיינען גראד אזעלכע, וואס לאזען ניט רוהען אפילו אום שבת, דארף מען דערפאר מא־כען דעם שבת צו „קליין געלד" און פערלאכען זיין היילינקייט און זיין הימעלשע גרויסקייט?

ווער וועט דאס וואגען צו בעהויפטען, אז א איד קען זיך אמו־זירען האלטענדיג זונטאג פונקט די זעלבע ווי ער זאל האלטען שבת?

שבת האלט דעם אידען צווישען אידען און זונטאג — צווישען גוים.

דאָס איז אַ גרויסער אונטערשיעד.

וואָס פאַר אַ פערגעניגען קען אַ איד האָבען אין אַ גוי'אישע געזעלשאַפט, וואָס אַנשטאָט צו שטעהן אין שוהל און הערען קריאת התורה, אָדער אַנשטאָט צו קומען אהיים און זאָגען „אתקנו סעודתא" שטעהן אין אַ קרעטשמע צווישען שכורים. וואָס פלוי־דערען שמוץ און אונזינן ?

דער שבת שמעקט מיט טשאָלענט, געפילטע פיש און דופטיגע זמירות, וועהרענד דער זונטאָג שמעקט מיט בראָנפען און קרעצ־מע־חכמות.

עס איז קיין פערגלייך ארום און ארום. דער שבת איז היי־ליגער ווי דער זונטאָג און דער איד מעג זיך אפילו פרובירען אַנ־צושטרענגען און איהם אָבגעבען כבוד.